# The Sidrah and Haftorah

**Reflections and views of the Aggadah**

**Culled and expounded**

by

**HARRIS L. SELIG**

(*author of The Eternal Fount*)



Volume IV

**Numbers and Pentecost**



New York — 1948

# די סדרה און הפטרה

## געדאַנקען און מיינונגען פון דער אגדה

געזאמעלט און דערקלערט

פון

ה. ל. זעליג

(פּראָפעסער פון „אייביגען קוואל”)



פערטער באַנד

ספר במדבר ושבועות



ניו־יאָרק — תש"ח

*To my beloved daughter*
*MRS. MIRIAM MARK*

# אינהאַלט

●

## במדבר



## נשא



## בהעלותך

## שלח



## קרח



## חוקת



## בלק

## פנחס



## מטות־מסעי



## שבועות

# במדבר

## א.

## די ערשטע דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע

**וידבר ה׳ אל משה במדבר.**

„מכאן שנו רבותינו: בשלשה דברים נתנה התורה — באש, במים ובמדבר״, פון דאַנען האָבען אונזערע לערער געדרונגען, אַז די תורה איז געגעבען געוואָרען אין פייער, וואַסער און מדבר (במד״ר א׳).

„פרייהייט איז דער שעהנסטער פון אַלע באַגריפען — זאָגט אַ באַרימטער פילאָזאָף — זי ווערט אָבער ניט אַלעמאָל ריכטיג פאַרשטאַנען און גאַנץ אָפט מיסברויכט. פרייהייט איז דער אייגענטום פון דער גאַנצער מענשהייט און פאַרטראָגט ניט קיין באַלעבאַטישקייט. אַזאַ פרייהייט וואָס ווערט דערוואָרבען אויף דעם חשבון פון אַנדערע, איז אַ פוסטער באַגריף, אָהן אינהאַלט אָהן נשמה״.

„אַל תקרי חרות אלא חירות״, די הייליגע ווערטער, וואָס זיינען אויס־געקריצט אויף די לוחות פון עשרת הדברות זיינען גענומען געוואָרען פון דעם קוואַל פון פרייהייט, און זיינען געצילט צו דערהויבען די גאַנצע מענשהייט צו דער העכסטער שטופע פון פרייהייט. די תורה הקדושה, וועלכע איז די ערשטע דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע אין דער וועלט, איז דאַרום געגעבען געוואָרען אין דער מדבר, אַ פלאַץ וואָס איז הפקר און פריי פאַר אַלעמען, ווייל אויך זי איז הפקר און פריי פאַר אַלעמען. „אילו נתנה תורה בארץ ישראל אין לאומות העולם חלק בה״ — וואָלט די תורה געגעבען געוואָרען אין ארץ ישראל, וואָלטען די פעלקער פון דער וועלט אין איהר קיין חלק ניט געהאַט (מכילתא פ״ה).

ביז די מענשהייט וועט דערגרייכען דעם ענד־ציל: „שיהיו כל העולם

לאגודה אחת״, אז די גאנצע וועלט זאל זיין פאראייניגט אין איין פארבאנד, צו קאנען גלייך געניסען פון דער פרייהייט (ב״ר פ״ה), מוז יעדעס פאלק אין יעדען לאנד, צוערשט איינפירען א דעמאקראטישע הערשאפט, וואס זאל פאר־זיכערען אלע בירגער און איינוואוינער מיט א פולער מאס פון פרייהייט, פאליטיש, עקאנאמיש און גייסטיג.

אונטער פאליטישער פרייהייט ווערט פארשטאנען, נאציאנאלע אומאפ־הענגיגקייט און זעלבסטהערשאפט. אום א פאלק זאל זיך קאנען אנטוויקלען לויט זיינע פולע מעגליכקייטען, מוז ער זיך באפרייען פון אלע אונטערדריקונגען און אויך פארזיכערען די גרעניצען פון זיין לאנד. דאס צו דערגרייכען מוז מען אמאל דורכגעהן א פעריאדע פון „אש״, פון פייער, פון בלוטיגע שלאכטען און גרויסע קרבנות.

א מלחמה וואס ברעכט אויס קעגען א שונא וואס באפאלט דאס לאנד און וויל עס פארכאפען אדער אונטערדריקען, אזא מלחמה ווערט פון אונזערע חז״ל אנגערופען א „מלחמת מצוה״, א הייליגער קאמף, און די מלוכה האט א רעכט צו קאנסקריפטען און צווינגען יעדען איינעם צו געהן אין שלאכט אריין. „במלחמת מצוה הכל יוצאין אפילו חתן מחדרו וכלה מחופתה״, אין א פאר־טיידיגונגס־קאמף מוזען אלע געהן, אפילו א חתן פון זיין צימער און א כלה פון אונטער איהר חופה (סוטה מ״ד ע״ב). אז א לאנד שטעהט אין סכנה און דער גורל פון פאלק הענגט אין דער לופטען, איז קיינער ניט פריי פון העלפען פארטיידיגען די מלוכה. יעדערער איז מחויב בייצושטייערען זיינע כחות פאר דער אויפהאלטונג פון דער אומה.

נאך דער פעריאדע פון „אש״, פון קאמף פאר פאליטישער פרייהייט, קומט די פעריאדע פון „מים״, פון עקאנאמישער פרייהייט. יעדע מלחמה ברייגנט מיט זיך קריזיס־יאהרען, וועלכע ווארפען די לאנד אריין אין א ים פון דעפרעסיע און אומבאשעפטיגונג. אלע כחות מוזען דאן מאביליזירט ווערען צו קאנען דורכפירען די נאציאנאלע שיף דורך די ברויזענדע כוואליעס און שטורעמווינטען, אום צו פארזיכערען עקאנאמישע פרייהייט פאר אלעמען, און דערמיט באשיצן די פאליטישע פרייהייט, וואס מען האט דורך פייער און בלוט דערווארבען.

אונטער עקאנאמישער פרייהייט ווערט פארשטאנען גלייכע געלעגענ־הייטען פאר אלע בירגער און איינוואוינער. יעדער זאל זיך קאנען פריי באוועגען און זיך נעמען צו דער אינדוסטרי אדער ארבייט, צו וועלכע ער פילט זיך

פעהיג. איבערהויפט טאָרען ניט געמאַכט ווערען קיינע דיסקרימינאַציעס און באַשרענקונגען קעגען גרים אָדער געוויסע קלאַסען איינוואוינער. דיסקרימי־נאַציעס האָבען קיינמאָל קיין גוטס ניט געבראַכט, אין געגענטייל, אַזעלכע אוממענשליכע טאַטען האָבען אימער געשטערט דער פרייער אַנטוויקלונג פון אַ לאַנד און איהר רואינירט גייסטיג און עקאָנאָמיש. אויב יעדער פון די איינוואוינער באַקומט אַ גלייכע געלעגענהייט, וועט ער געוויס ביישטייערען זיינע בעסטע קרעפטען פאַר דער אַנטוויקלונג און דערפאָלג פון זיין לאַנד.

פאָליטישע און עקאָנאָמישע פרייהייטען אַליין אָבער מאַכען נאָך ניט אַ לאַנד פאַר אַ פרייער דעמאָקראַטישער מדינה. צו זיין אמת פריי, מוז איהר קאָנסטיטוציע אויך פאַרזיכערען אירע איינוואוינער מיט גייסטיגער פרייהייט, מיט דעם פולען רעכט אָפּצוהיטען זייער אמונה, אין וועלכער זיי גלויבען. אין גייסטיגען זין מוז דאָס לאַנד זיין אַזוי פריי ווי דער מדבר, אָפען פאַר אַלעמען. נאָר אַזעלכע לענדער האָבען אַ זכות הקיום, ווייל זיי באַזעלען זייערע איינ־וואוינער מיט אַ נשמה פון פרייהייט, פאַר וועלכער זיי וועלען קעמפען ווי די לייבען.

„אש“, „מים“, און „מדבר“, צו זיין פאָליטיש, עקאָנאָמיש און גייסטיג פריי, איז דער הויפט־מאָטיוו פון דער אידישער תורה, און פון איהרע קוועלען שעפען נאָך היינט אַלע דעמאָקראַטישע פעלקער אינספּיראַציע און העלדענמוט צו באַקעמפען די דיקטאַטאָרען, וואָס ווילען באַהערשען די וועלט מיט דעם כח פון שווערד.

און דער זיג וועט ענדליך זיין מיט די דעמאָקראַטישע פעלקער: „וידבר ה׳ אל משה במדבר“. מען קאָן די פרייהייט ניט אונטערדריקען. אָט פון דעם גרויסען מדבר, וואָס די באַרבאַרישע פעלקער פאַראורזאַכען אין אַלע לענדער וואָס זיי אונטערדריקען, רייסט זיך דורך די שטימע פון ג׳ וואָס פאַרשפּרעכט פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע מענשען־קינדער.

די תורה איז געגעבען געוואָרען באש, במים און במדבר, און זי איז געווען און וועט פאַרבלייבען אַ תורת חיים, ניט נאָר פאַר די אידען, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער וועלט.



# הפטרה

## אַז מען ציילט אידען איז אַ שלעכטער סימן

**והיה מספר בני ישראל כחול הים אשר לא ימד ולא יספר.**

„רבי יונתן רמי: כתיב והיה מספר בני ישראל וכתיב אשר לא ימד ולא יספר? לא קשיא, כאן בזמן שישראל עושין רצונו של מקום, כאן בזמן שאין עושין רצונו של מקום" — רבי יונתן פרעגט: אין אָנפאַנג פסוק ווערט גערעדט וועגען אַ צאָל אידען און נאָכדעם פירט עס אויס, אַז זיי וועלען ניט געמאָסטען אָדער געציילט ווערען? עס איז אָבער קיין קשיא ניט. די לעצטע איז ווען די אידען טוען דעם ווילען פון ג', און די ערשטע איז ווען זיי טוען ניט דעם ווילען פון גב"ה (יומא כ"ב ע"ב).

אונזערע חז"ל זיינען שטאַרק אויפגערעגט געגען די יעניגע וואָס ציילען אידען. „אסור למנות את ישראל אפילו לדבר מצוה" — מען טאָר ניט ציילען אידען אפילו פאַר אַ הייליגער זאַך (יומא כ"ב ע"ב). מאַנכע פון זיי געהען נאָך ווייטער און זאָגען: „כל המונה את ישראל עובר בשני לאווין" — יעדער וואָס ציילט אידען, באַגייט צוויי פאַרברעכענס, געגען צוויי „לא תעשה'ס", זאַכען וואָס מען טאָר ניט טאָן (שם). און אַלע לערנען עס אָפּ פון דעם ערשטען פסוק פון היינטיגער הפטרה, וועלכע הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „והיה מספר בני ישראל — אשר לא ימד ולא יספר" — דער צאָל פון די אידען זאָל ניט געמאָסטען אָדער געציילט ווערען.

מיט ציילען אידען איז מען עובר אויף צוויי „לא תעשה'ס", צוויי ניט-אויפטואונגען; מען טוט דערמיט גאָרניט אויף פאַר דאָס אידיש פאָלק גופא, און מען פועל'ט אויך ניט צו פאַרשטאַרקען זיין פאָזיציע צווישען די פעלקער. דעם בעסטען באַוויז, אַז די באַהויפּטונג פון אונזערע חז"ל איז אַ ריכטיגע, האָט אונז געגעבען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פאַר די לעצטע עטליכע און צוואנציג יאָהר.

מיט באַקאַנט-מאַכען אַלע יאָהר זייער קליינע צאָל מיטגלידערשאַפט האָבען די ציוניסטען אָפּגעשוואַכט זייער פאָזיציע אין פאָלק גופא און האָבען אויך אונטערגעגראָבען דעם פּאָליטישען יסוד פאַר דער באַוועגונג. מיר האָבען דערמיט געצייגט ענגלאַנד, און די אַנדערע פעלקער, אַז אונזער צאָל איז קליין, און אַז די מאַיאָריטעט פון פאָלק איז נאָך ווייט פון צו זיין ציוניסטיש געשטימט.

אויך מיט דעם אויספויקען אַלע ווילע אין דער פּרעסע פון דער וועלט די צאָל אידען, וואָס קומען זיך באַזעצען אין ארץ ישראל, האָט מען אונז גאַנץ ווייניג גוטס געטאָן. פון איין זייט האָט עס געגען אונז אויפגערעגט די אַראַבישע וועלט, און פון דער צווייטער זייט האָבען מיר דערמיט געוויזען אונזערע אַנדערע שונאים, ווי קליין עס איז די צאָל פאַרמעגליכע אידען, וואָס זיינען גרייט זיך צו געזעגענען מיט׳ן גלות און געהן בויען די אידישע היימלאַנד.

ציילען אידען איז ניט קיין גוטער סימן. אָט ווי דער נביא הושע גיט אָן די אורזאַכען וואָס פיהרען, אַז מען זאָל אָנפאַנגען ציילען אידען. אין דעם ערשטען קאַפּיטעל פון וועלכען היינטיגער הפטרה איז אַ פאָרטזעצונג, ווערט געשילדערט דער פּראָצעס פון אידישער אַסימילאַציע: צוערשט איז „קח לך אשת זנונים״, מען פאַרהייראַט זיך צו אַ געשייטער פרוי, מען לעבט זיך איין אין אַ פרעמדער מדינה און מען הויבט אָן זיך צו דערנעהענטערען צו די ניט־אידישע שכנים מיט זוכען נאָכצומאַכען זייערע פרעמדע זיטען. די קינדער גיט מען ניט קיין אידישע דערציהונג און זיי וואַקסען „ילדי זנונים״, פאַרשייטע און פרעמדע קינדער צו זייער פאָלק און זייער ג׳. די ערשטע זין הייסען שוין „יזרעאל״, ניט אידען, נאָר דייטשע, פראַנצויזישע אָדער פוילישע „איזראַ־עליטען״. די אידישע טעכטער זוכען צו באַהאַלטען דעם אידישען אָפּשטאַם, און פון די „רוחמה׳ס״ ווערען „לא רוחמה׳ס״. די שפּעטערדיגע קינדער אנט־לויפען שוין אינגאַנצען פון דעם אידישען לאַגער און פּראָקלאַמירען זיך פאַר „לא עמי״, זיי אַנטזאגען זיך אינגאַנצען פון זייער פאָלק, מישען זיך אויס צווישען די גויים און נעמען אָן זייערע גלויבענס.

און אַז עס ווערט פול די מאָס פון „אין עושין רצונו של מקום״, פון ניט טאָן דעם ווילען פון ג׳, דאַן קומט דער „והיה מספר בני ישראל״, מען הויבט שוין אָן ציילען די אידען. די גוי׳אישע וועלט ווערט פיינטליך צו זיי, ווייל „גדול יום יזרעאל״, די אַסימילאַטאָרישע איזראַעליטען ווערען זיי גרויס אין די אויגען. די אידישע טעכטער וואַרפט מען אַרויס פון זייערע געזעלשאַפטען און פון די „לא רוחמה׳ס״ ווערען צוריק „רוחמה׳ס״. און אַז דער אידענהאַס פאַר־שפּרייט זיך, נעמט מען אויך אַריין אין צאָל אפילו די גע׳שמד׳טע אידען. „במקום אשר יאמר להם לא עמי אתם, יאמר להם בני אל חי״. די וואָס האָבען זיך פּראָקלאַמירט פאַר ניט־אידען, ווערען אויך אַריינגערעכענט צווישען דער צאָל פון גאָט׳ס קינדער.

## ב.

# די ערשטע אידישע מאָביליזאַציע

**שאו את ראש כל עדת בני ישראל.**

„נתן רמז, שאם יזכו יעלו לגדולה, כמה דתימא: „ישא פרעה את ראשך והשיבך על כנך". ואם לא יזכו ימותו כלם, כמה דתימא: „ישא פרעה את ראשך מעליך ותלה אותך על עץ" — ער האָט געגעבען אַ וואונק, אַז אויב זיי וועלען ווערט זיין, וועלען זיי שטייגען הויך, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק ביים „שר המשקים", אַז פרעה וועט אויפהויבען דיין קאָפּ און דיך צוריק אַוועקזעצען אויף דיין פּאָסטען. אויב אָבער זיי וועלען ניט ווערט זיין, וועלען זיי אַלע אויסשטאַרבען, ווי עס ווערט געזאָגט ביים „שר האופים", אַז פרעה וועט אַרונטערנעמען דיין קאָפּ פון דיר און וועט דיר אויפהענגען אויף אַ בוים (במדבר רבה).

היינטיגען שבת הויבען מיר אָן לייענען דעם חומש „במדבר", וואס איז דער פערטער ספר פון דער תורה. די איינטיילונג פון דער תורה אין פאַר־שידענע ספרים, באַקאַנט אַלס „חומשים", וואָס מיינט פינפטלאַך, איז פאַרגעקומען אין הונדערטער דורות שפּעטער. אין גאַנץ תנ"ך געפינען מיר ניט קיין אָנווייזונג אויף אַזאַ צעטיילונג. אין געגענטייל, די נביאים האָבען אימער גערעדט פון דער תורה אַלס איין ספר: „ספר תורת ה'" — דאָס בוך פון ג'ס תורה (דהי"ב י"ז ט'). אָדער „ספר משה" — דאָס בוך פון משה (דהי"ב כ"ה ד'). ערשט נאָך גלות בבל, אין די צייטען פון די „אנשי כנסת הגדולה", איז דידאָזיגע איינטיילונג געמאַכט געוואָרען.

צוערשט האָבען די פינף חלקים ניט געהאַט קיין באַזונדערע נעמען. די חז"ל רעדען וועגען זיי אַלס „חמשה חומשי תורה" — די פינף פינפטלען פון דער תורה (מגילה ט"ו, נדרים כ"ב), אָדער סתם „חומשים", ווי זיי זיינען אונז באַקאַנט היינט (חגיגה י"ד). שפּעטער האָט מען די חומשים געגעבען פאַר־שידענע נעמען. לויט דעם „תרגום השבעים", די איבערזעצונג אין גריכיש, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פאַר דעם קעניג תלמי פון זיבעציג אידישע חכמים, האָט דער ערשטער חומש געהייסען: „ספר מעשה בראשית" — דאָס בוך איבער די ערשטע שאַפונג פון דער וועלט. דער צווייטער חומש האָט געהייסען: „ספר יציאת מצרים" — דאָס בוך, וואָס גיט איבער די געשיכטע פון דער אידישער

באַפרייאונג אין מצרים. דער דריטער חומש האָט געהייסען: „ספר תורת כהנים" — דאָס בוך, וואָס לערנט די כהנים ווי אָנצוגייען מיט דער עבודה פון קרבנות. דער פערטער חומש האָט געהייסען: „ספר הפקודים" — דאָס בוך, וואָס גיט איבער די ציילונג פון די אידען און זייער איינטיילונג אין די פאַרשיידענע דגלים, לויט זייערע שבטים. דער פינפטער חומש איז געווען באַקאַנט אַלס „משנה תורה" — אַ ווידערהאָלונג פון דער תורה, ווייל אין אים ווערען ווידער־האָלט אַלע דינים פון די פריערדיגע פיר חומשים.

אָבער די חכמים, וועלכע האָבען שפּעטער מסדר געווען און איינגעטיילט די תורה אין פאַרשיידענע סדרות און פרשות, האָבען די נעמען פון די חומשים פאַרקירצט און זיי אָנגערופען בלויז מיט איין וואָרט, ווי בראשית, שמות, ויקרא, במדבר דברים. דער אָנגענומענער טעם פאַר דידאָזיגע נעמען איז, אַז זיי באַציִען זיך אויף דעם ערשטען וואָרט, מיט וועלכען יעדער חומש פאַנגט זיך אָן. אָבער פון די פילע דערקלערונגען און דרשות, וואָס דער מדרש און די אגדה גיבען איבער דידאָזיגע נעמען, איז קענטיג, אַז זיי זיינען ניט אײַנ־פאַרשטאַנען מיט דעם אויבענדערמאָנטען טעם. פון זייערע ווערטער איז צו זעהן, אַז די נעמען האָבען אַ טיפזינע באַדייטונג, פון וועלכער מיר קאָנען זעהר פיל לערנען. מיר וועלען דאָ פּרובירען איבערגעבען דעם „תמצית", דעם הויפּט־געדאַנק פון זייערע דערקלערונגען:

„בראשית" — דער אָנפאַנג פון אַלץ, וואָס מיר ווייסען און וואָס מיר דאַרפען ווייסען. דאָס איז דער אָנפאַנג פון דער וועלט, דער אָנפאַנג פון דעם מענשען און אויך דער אָנפאַנג פון דעם אידישען פאָלק. מיט בראשית הויבט זיך אָן די אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט. דאָס דאַרף זיין דער אָנפאַנג פון זיינע ידיעות. „אין לאדם רשות לדרוש מה למעלה ומה למטה ומה לפנים אלא מיום שנברא העולם ולבא" — דער מענש האָט קיין רעכט ניט זיך צו גריבלען און וועלען אויסגעפינען וואָס עס טוט זיך אין דער הויך אָדער אין דעם טיפען אָפּגרונט, און אויך ניט וואָס איז געווען פריער, נאָך פאַר דער צייט, וואָס די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען. אַזעלכע חקירות פירען ניט דעם מענשען צו זיין געוויגש־טען תכלית. זיין אויפגאַבע דאַרף זיין צו גיין אַלץ פאָרווערטס, „מיום שנברא העולם ולבא" — פון דעם טאָג, וואָס די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען, און ווייטער (ירושלמי חגיגה פ"ב).

„שמות" — נעמען. איצט קאָן מען שוין אָנגעבען די נעמען פון די אידען. כל זמן זיי האָבען זיך געפונען אין מצרים האָבען די אידען ניט געהאַט קיין באַשטימטע נעמען. מענשען וואָס לעבען אין גלות האָבען קיין נאָמען ניט. אַלע זייערע אויפטואונגען ווערען ניט פאַררעכענט אויף זייער קאָנטאָ. מען אידענ־טיפיצירט זיי ניט מיט קיינע פון די דערגרייכונגען, וואָס זיי האָבען געהאָלפען ברענגען אין די גלות־לענדער. איצט אָבער, אַז זיי זיינען באַפרייט געוואָרען, האָבען זיי באַקומען אַ נאָמען. זיי פאַרנעמען זייער געהעריגע פּאָזיציע צווישען די פעלקער פון דער וועלט און אַלע זייערע שאַפונגען קאָנען אָנגערופען ווערען זייערע אייגענע. „אלה שמות בני ישראל" — דאָס זענען די שטאָלצע נעמען פון די אידען, און אויב זיי וועלען זיי ניט פאַרבייטען אויף אַנדערע, אויף פרעמדע, וועלען זיי זיכער דערלעבען זייער גאולה. „משום שלא שנו את שמם זכו להגאל" — צוליב דעם וואָס זיי האָבען ניט פאַרביטען זייערע נעמען דערפאַר האָבען זיי זוכה געווען אויסגעלייזט צו ווערען פון גלות מצרים, און צוליב דעם זעלבען זכות וועלען זיי אויסגעלייזט ווערען פון אַלע גלות׳ן (שמו"ר ב׳).

„ויקרא" — אַ רוף, אַן אויפפאָדערונג צו די אידען, אַז זיי זאָלען תמיד זיין באַוואוסטזיניג אויף זייער ג׳, זייער פאָלק און זיין תורה. דער גאַנצער ענין פון קרבנות איז געווען געמיינט: „לקרב את האדם במחשבותיו אל ד׳" — צו דער נעענטערען דעם מענשען איז זיינע געדאַנקען צו ג׳. „ויקרא" — דיזער אינערליכער רוף, די באַקערונג צו ג׳ אין אַלע זייערע שלעכטע זייטען, האָט אויפגעהאַלטען ביים לעבען דאָס אידיש פאָלק און אים געגעבען די כוחות פון אויסדויער, צו קאָנען ווידערשטיין אַלע אָנגריפען פון זיינע שונאים און זיי איבערצולעבען.

„במדבר" — אין דער וויסטע. אין דעם חומש ווערט אונז קלאָר וואָרום דער דור פון די „יוצאי מצרים" איז פאַר׳משפט געוואָרען אויסצושטאַרבען אין דער מדבר. פריי צו ווערען מוז מען אַליין וועלען. פאַר פרייהייט מוז מען קעמפען. בענקט מען אָבער נאָך דעם „סיר־הבשר", דעם טאָפּ פלייש אין גלות, און מען וואַרט רק אויף נסים, בלייבט מען „נבוכים במדבר" — בלאָנדזשען אין דער מדבר... אויך איז עס אַן אנדייטונג, אַז די תורה הקדושה איז באַשטימט צו ווערען די קאָנסטיטוציע פון אַלע מענשען אויף דער וועלט. „אילו נתנה תורה בארץ ישראל אין לאומות העולם חלק בה" — וואָלט די תורה געגעבען געוואָרען אין ארץ ישראל, וואָלטען די פעלקער פון דער וועלט אין איר קיין חלק ניט

געהאַט. זי איז דאַרום געגעבען געוואָרען אין דער מדבר, אַ פּלאַץ וואָס איז הפקר און פריי פאַר אַלעמען, ווייל אויך זי איז הפקר און פריי פאַר אַלעמען (מכילתא פ"ה).

„דברים" — וויכטיגע רייד. ניט נאָר ווערט אין דעם ספר ווידערהאָלט די דינים פון דער תורה, נאָר ער אנטהאַלט אויך די טיפזיניגע לעקציעס און דערקלערונגען, וואָס משה האָט געגעבען איבער פאַרשיידענע געשעענישען, וואָס האָבען פּאַסירט מיט דעם פאָלק די גאַנצע פערציג יאָהר, וואָס ער האָט זיך געפונען אין דער מדבר. „אחד עשר יום מחורב דרך הר שעיר עד קדש ברנע — ויהי בארבעים שנה — ראו מה גרמתם לכם" — בלויז עלף טעג דאַרף עס נעמען פון חורב דורך דעם באַרג שעיר ביז קדש ברנע; אַייך אָבער האָט עס גענומען גאַנצע פערציג יאָהר. זעהט וואָס איר האָט זיך אַליין אָנגעטאָן (תענית כ"ט). „דברים" — דאָס זיינען רייד פון וואָרענונג, וואָס משה האָט גערעדט צום גאַנצען פאָלק ישראל, ווי זיי זאָלען זיך אויפפירען, כדי זייער צוקונפט זאָל זיין אַ געזיכערטע.

„וידבר ה' אל משה במדבר סיני" — און ג' האָט גערעדט צו משה'ן אין מדבר סיני, אין אוהל מועד, אין ערשטען טאָג פון צווייטען חודש, אין צווייטען יאָר נאָך זייער אַרויסגיין פון לאַנד מצרים. בלויז דרייצען חדשים זענען פאַריי־בער זינט די אידען האָבען פאַרלאָזען מצרים, און די גאַנצע וועלט קאָן זיך נאָך איצט ניט אָפּוואונדערען אויף די גרויסע געשעענישען וואָס האָבען פּאַסירט פאַר דער קורצער צייט. אוצרות פון וועלט־געשיכטע, וואָס זענען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט אויסגעשעפּט, זענען געשאַפען געוואָרען אין די דאָזיגע דרייצען חדשים. יסודות פון אַ וועלט־אָרדענונג, וואָס האַלט נאָך היינט געשפּאַנט די גאַנצע מענשהייט, זענען אין דער קורצער צייט געלייגט געוואָרען, און פון זייער אומדערשעפּליכען קוואַל ציען מיר נאָך היינט די גייסטיגע יניקה, וואָס שאַפט ציוויליזאַציע.

אָבער אָט די אַלע וואונדערבאַרע געשעענישען און איבערנאַטירליכע פּאַסירונגען, וואָס אידען האָבען איבערגעלעבט זינט זיי האָבען פאַרלאָזען מצרים ביז זיי האָבען באַקומען די תורה און אויפגעשטעלט דעם משכן, זענען דאָך געווען נסים פון גב"ה. זיי אַליין האָבען גאַנץ ווייניג בייגעשטייערט צו דעם. אין געגענטייל, זיי האָבען נאָך געשטערט, ווייל ביי יעדער שווערינקייט, וואָס זיי האָבען געהאַט דורכצומאַכען, זענען זיי אַרויסגעקומען מיט קריגערישע

טענות צו משה׳ן, ווארים ער האָט זיי געמאַכט אומגליקליך מיט זיין באַפרייאונגס־אַרבייט, אַרויסנעמענדיג זיי פון אַזאַ גוט לאַנד ווי מצרים און זיי ברענגען אין אַ מדבר. זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען ווי אָפּצושאַצען דעם ווערט פון פרייהייט און האָבען געהאַלטען אין איין לייגען שטיינער אין משה׳ס וועג.

ג׳ און משה אָבער, האָבען זיי אַלץ מוחל געווען, ווייל זיי זענען געווען שטאַרק נייגעריג צו שאַפען אַ פאָלק, וועמען מען זאָל מיט דערצייט קאָנען אַנפאַרטרויען די תורה, וואָס איז געמיינט פאַר דער גאַנצער מענשהייט. איצט אָבער, אַז זיי גרייטען זיך צו גיין אין זייער פאַרשפּראָכען לאַנד, זאָלען זיי זיך אויף נסים ניט פאַרלאָזען. „מבן עשרים שנה ומעלה כל יצא צבא בישראל״ — פון צוואַנציג יאָר און העכער, יעדער וואָס קאָן אַריינגענומען ווערען אין דער אידישער אַרמיי, מוז געציילט און רעגיסטרירט ווערען צו קעמפען פאַר דעם נאַציאָנאַלען היימלאַנד. אויב איר ווילט וואָס שנעלער קומען צו אַ ברעג און זיך באַזעצען אויף אייער אייגען לאַנד, מאָביליזירט אַלע אייערע קרעפטען, ווייל נאָר מיט פאַראייניגטע כוחות וועט איר דערגרייכען אייער ציל.

„שאו את ראש כל עדת בני ישראל״ — נעמט אויף די צאָל קעפּ פון דער גאַנצער אידישע געמיינדע. דאָס וואָרט „שאו״ אין דער העברעאישער שפּראַך האָט אַ צווייאיגע באַדייטונג. עס מיינט אויפהויבען, ווי מיר געפינען, אַז יוסף, באַשיידענדיג דעם חלום פון דער „שר המשקים״, האָט זיך באַנוצט מיט דעם וואָרט. ער זאָגט אים, אז זיין חלום ווייזט, אַז אין דריי טעג שפּעטער „ישא פרעה את ראשך והשיבך על כנך״ — וועט פרעה אויפהויבען דיין קאָפּ און וועט דיך צוריקקערען אויף דיין פּאָזיציע. „שאו״ אָבער אין העברעאיש מיינט אויך אַרונטערנעמען, ווי מיר געפינען, אַז יוסף באַנוצט זיך מיט דעם זעלבען אויסדרוק און זאָגט צום „שר האופים״, אַז זיין חלום ווייזט, אַז „בעוד שלשת ימים ישא פרעה את ראשך מעליך ותלה אותך על עץ״ — נאָך דריי טעג וועט פרעה אַרונטערנעמען דיין קאָפּ פון דיר און דיך אויפהענגען אויף אַ בוים.

זאָגען טאַקע די חז״ל, אַז מיט דעם אויסדרוק „שאו את ראש״, האָט דער אויבערשטער אָנגעדייטעט צו משה׳ן, אַז די זאַך ווענדט זיך אָן זיי. „זכו״, וועלען זיי ווערט זיין, וועט זייער קאָפּ אויפגעהויבען ווערען און זיי וועלען גרינג און גיך גרייכען זייער צוועק, וועלען זיי אָבער ניט זוכה זיין, וועלען זיי דעם קאָפּ פאַרלירען און וועלען מוזען בלאָנדזשען אין דער מדבר, ביז אַ נייער דור וועט אויפשטיין, וועלכער וועט פאַרשטיין ריכטיג אָפּצושאַצען דעם ווערט פון פרייהייט.

# הפטרה

## דער באַנקראָט פון אַסימילאַציע

**אמרו לאחיכם עמי.**

„אמרו ישראל לפני הקב״ה: רבש״ע! אימתי אתה גואלנו? אמר להם, כשתרדו לירידה התחתונה״ — די אידען באַקלאָגען זיך פאַר ג׳ און פרעגען: רבונו של עולם! ווען וועסטו אונז באַפרייען? ענטפערט ער זיי: ווען איר וועט פאַלען צו דער נידעריגסטער שטופע (ילקוט שמעוני ח״ר תקל״ג).

„אַסימילאַציע האָט די אידען פאַרשאַפט ווייניג נחת״, זאָגט הרב יצחק יעקב ריינעס ז״ל. „די וואָרנונג, וואָס ג׳ האָט געגעבען צו אונזער פאָטער אברהם, אז „גר יהיה זרעך בארץ לא להם״ — גרים וועלען זיין דיינע קינדער אין פרעמדע לענדער, האָט נאָך אַן אין איר פולער קראַפט. וויפיל אידען זאָלען ניט זוכען זיך צו שמייכלען צו די גויים און זיך אַיינקויפען אין זייערע לאַסקעס; וויפיל זיי זאָלען זיך ניט מיען צו באַהאַלטען זייער גלויבען און אָפּשטאַם, קוים געפינען זיי זיך „בארץ לא להם״ — אין לענדער, וואָס באלאַנגען ניט צו זיי, ווערען זיי באַטראַכט פאַר „גרים״, פאַר פרעמדע, און ווערען פאַרפאָלגט און געטריבען איבעראַל. פאַר ריכטיגע בירגער רעכענט מען זיי ניט.

אָט ווי דער נביא הושע פון היינטיגער הפטרה שילדערט דעם פּראָצעס פון אידישער אַסימילאַציע: צוערשט איז „קח לך אשת זנונים״ — מען פאַר־הייראַט זיך צו אַ פאַרשייטער פרוי, וועלכע לויפט רק אַרום זוכען נייע געליבטע. די קינדער גיט מען ניט קיין אידישע דערציאונג און זיי וואַקסען אויס „ילדי זנונים״, פאַרשייטע און פרעמדע קינדער צו זייער פאָלק און זייער ג׳. די ערשטע זין הייסען שוין „יזרעאל״, ניט אידען, נאָר ענגלישע, פראַנצויזישע אָדער אַמעריקאַנער „איזראַעליטען״. די שפּעטערדיגע קינדער אַנטלויפען שוין אין גאַנצען פון דעם אידישען לאַגער און פראָקלאַמירען זיך פאַר „לא עמי״ — זיי אַנטזאָגען זיך אינגאַנצען פון זייער פאָלק, מישען זיך אויס צווישען די גויים און נעמען אָן זייערע גלויבענס.

אָבער עס העלפט זיי ניט! „במקום אשר יאמר להם לא עמי״ — אין אַלע ערטער, וואו זיי שרייען, אַז זיי זיינען ניט קיין טייל פון מיין פאָלק, אַז זיי זיינען געטרייע בירגער פון לאַנד און ניט קיין קינדער פון אַ באַזונדער נאַציע,

„יאמר להם בני אל חי" — זאָגט מען אַלץ אויף זיי, אַז זיי זיינען די קינדער פון דעם אידישען ג' און מען באַשולדיגט זיי אין אומטרייקייט. אין געגענטייל, וואָס מער זיי זוכען צו אַנטלויפען פון זייער אייגען פאָלק, אַלץ מער קוקט מען אויף זיי מיט חשד. די יעניגע, וואָס זיינען ניט געטריי צו זייערע אייגענע, קאָנען ניט זיין געטריי צו פרעמדע. דעזערטירען, אַנטלויפערס ווערען פאַראַכט און געהאַסט. אפילו די אמת'ע דעמאָקראַטען צווישען די פעלקער צווייפלען צי עס איז ראַטזאַם צו קעמפען פאַר אידיש רעכט, ווען זיי אַליין אַנטזאָגען זיך פון דעם.

אַסימילאַציע, אָפּזונדערען זיך פון אייגענעם פאָלק, איז אַ „ירידה תחתונה" — די נידעריגסטע שטופע, צו וועלכער די קינדער פון אַ פאָלק קאָנען פאַלען. אויב מיר ווילען וויסען „אימתי אתה גואלנו"? — ווען וועט שוין קומען די אידישע גאולה? — איז דער ענטפער פון דעם נביא: „אמרו לאחיכם עמי" — דערקלערט זיך פאַר אַ פאָלק, פאָדערט אייערע רעכט אלס אַ באַזונדערע נאַציע, און איר וועט צוריקקריגען אייער לאַנד און ווערען אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך.

---

## ג.

## אידען זאָלען תמיד געדענקען זייער יחוס

**ויתילדו על משפחותם לבית אבותם.**

„יש אומות שמכירין אבותיהן ואין מכירין אמותיהן, ויש שמכירין אמותיהן ואין מכירין אבותיהן, ויש שאינן מכירין לא אבותיהן ולא אמותיהן, ורק ישראל אחד הוא שיודע יחוסו" — פאַראַן פעלקער, וואָס קענען זייערע טאַטעס און קענען ניט זייערע מאַמעס; פאַראַן אַזעלכע, וואָס קענען זייערע מאַמעס, נאָר קענען ניט זייערע טאַטעס; פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס קענען ניט זייערע טאַטעס און ניט זייערע מאַמעס. בלויז די אידען זיינען די איינציגע וואָס וויסען זייער יחוס (במדבר פ"ט).

„וידבר ה' אל משה במדבר סיני" — און ג' רעדט צו משה'ן אין דער וויסטע פון סיני. פיל פון די מפרשים פרעגען: ווייסען מיר דען ניט, אַז די אידען האָבען זיך דאַן געפונען אין דער מדבר? וואָרום באַטאָנט דער פסוק, אַז די אַלע ווערטער, וואָס ג' האָט דאַן גערעדט צו משה'ן, זיינען געזאָגט געוואָרען

אין מדבר? פיל פון זיי זוכען עס צו דערקלערען אויף פאַרשיידענע אופנים, אָבער די טיפּסטע דערקלערונג געפינט זיך אין מדרש בראשית, אויף דעם פערטען פסוק אין דער תורה, וואו עס ווערט געזאָגט: „ויבדל אלקים בין האור ובין החושך“, אַז ג׳ האָט פאַנאַנדערגעשיידט צווישען ליכט און פינסטערניש, באַמערקט דער מדרש: „זה ספר במדבר, שהוא מבדיל בין יוצאי מצרים ובין באי הארץ“ — דאָס אין דער חומש במדבר, וואָס שיידט פאַנאַנדער צווישען די, וואָס זיינען אַרויס פון מצרים, און די, וואָס זיינען אַריין אין לאַנד (ב״ד פ״ג).

אין אָט דער באַמערקונג פון מדרש געפינען מיר אַ טיפּזיניגע אָפּשאַצונג וועגען דעם אידישען איבערגאַנג־פּעריאָד פון יציאת מצרים ביז דעם אַריינקום אין ארץ ישראל. גאַנצע פערציג יאָר האָט געדויערט דער פּעריאָד, און פאַר דער צייט זיינען אויסגעשטאָרבען אַלע אידען, וועלכע זיינען באַפרייט געוואָרען פון מצרים. אַריינגעקומען אין לאַנד זיינען בלויז זייערע קינדער, וועלכע האָבען זיך אויסגעהאָדעוועט אין דער מדבר. פאַרוואָס האָט זיך די גאולה אַזוי לאַנג פאַרצויגען? וואָרום זיינען די יוצאי מצרים פאַר׳משפט געוואָרען אויסצושטאַרבען אין דער מדבר? דער ענטפער אויף דער פראַגע ווערט אונז אָנגעגעבען אין דעם חומש „במדבר“, וואָס זיין נאָמען אַליין וויזט אונז אָן אויף אַ פּעריאָד פון „נבוכים במדבר“ — פון בלאָנדזשען אין אַ וויסטע פון גייסטיגער פאַרווירונג, פון בענקען נאָך דעם „סיר הבשר“, דעם טאָפּ פלייש, וואָס זיי האָבען געגעסען אין גלות, און פון ניט וועלען פאַרשטיין דעם אמת׳ען ווערט פון פרייהייט.

מענשען, וועלכע האָבען אַלע זייערע יאָרען געלעבט אין שקלאַפעריי און אונטערטעניגקייט, זיינען ניט פעהיג צו פאַרשטיין דעם אמת׳ן באַגריף פון פרייהייט. קינדער פון קנעכט, וועלכע האָבען זיך איינגעלעבט אין זייער ביטערען גורל פון אונטעריאָכונג, האָבען אַ קנאַפּע אַנונג פון גלייכהייט און „זעלבסט־שטענדיגקייט. מיט זייער מוטער׳ס מילך האָבען זיי איינגעזויגען אין זיך די מינדערוויכטיגקייט, וואָס דער „שעבוד“ צו דעם שטאַרקערען צווינגט אַרויף אויף דעם שוואַכערען. די וואָס לעבען אונטער אַ שטענדיגען דרוק, זיינען ניט ווייטזעהענדיג. זיי פאַרשטייען בלויז דעם היינט און וואָלטען זיך וועלען באַפרייען פון זיין שווערער האַנט. דער מאָרגען אָבער איז פאַר זיי פאַרשטעלט. זיין שימערירענדיגער שיין דרינגט ניט דורך די שווערע לאָדען פון זייערע פינסטערע קעלערען, וואו זיי ליגען איינגעקלאַמערט אין די קייטען פון „עבודת פרך“, פון שווערער אַרבייט פאַר פרעמדע, פון וועלכער זיי אַליין קומט ווייניג אַרייך.

„להבדיל בין האור ובין החושך" — צו קענען אונטערשיידען צווישען דער ליכט פון פרייהייט און דער פינסטערניש פון „שעבוד", פון אונטער־וואַרפענקייט צו דעם ווילען פון אַנדערע. צו דעם זיינען די יוצאי מצרים ניט געווען דערוואַקסען. דער לאַנגער און שווערער גלות האָט זיי איבערגעלאָזט מיט אַ „קוצר רוח" — אַ קורצען געמיט. „עבודה קשה", שווער צו אַרבייטען פאַר די מצריים, צו דעם זיינען זיי שוין געווען געוואוינט פאַר צענדליגער דורות. אָבער אָוועקצוגעבען כוחות פאַר זייער איגען פאָלק, פאַר זיין נאַציאָנאַלער באַפרייאונג — פאַר דעם האָבען זיי קיין געדולד ניט געהאַט. און דער „קוצר רוח", די אומגעדולדיגקייט, וואָס זיי האָבען געקראָגען בירושה פון דעם גלות, האָט זיי ניט אָפּגעלאָזט אויך שפּעטער, נאָכדעם ווי זיי זיינען שוין באַפרייט געוואָרען פון מצרים.

ביי יעדער שוועריגקייט, וואָס זיי האָבען געהאַט דורכצומאַכען אויף זייער לאַנגער נסיעה, זיינען זיי אַרויסגעקומען מיט שווערע טענות קעגען זייער פירער משה: „מה זאת עשית לנו להוציאנו ממצרים" — וואָס אַזוינס האָסטו געטאָן צו אונז, אַרויסצונעמען אונז פון מצרים? ווי אַלע פאַרגרעבטע קנעכט, ביי וועמען דער מאָגען שטייט העכער פאַר דער קאָפּ, האָבען זיי אַלץ געהאַלטען אין איין באַדויערען די גוטע צייטען, וואָס זיי האָבען דאָרט געהאַט: „בשבתנו על סיר הבשר, באכלנו לחם לשבע" — ווען מיר זיינען געזעסען ביים טאָפּ פלייש און געגעסען ברויט צו זאַט. ליידען פאַר פרייהייט האָבען זיי ניט געוואָלט. זיי האָבען געהאַלטען אין איין פאָדערען נסים, איבערנאַטירליכעס — און אויך דאָס איז ניט געווען אָנגעלייגט.

און נסים האָבען ניט געפעלט. פון דעם מאָמענט אָן, וואָס משה האָט איבערגענומען די מיסיע אויסצולייזען די אידען פון זייער פינסטערען גלות, זיינען אין לאַנד מצרים פאָרגעקומען אַ ריי אומנאַטירליכע דערשיינונגען, וואָס קיינער פאַרשטייט זיי נאָך ניט ביז היינטיגען טאָג. איבערראַשענדע פּאַסירונגען, וועלכע האָבען אויפגעטרייסעלט די דעמאָלסדיגע וועלט, האָבען בליץ־שנעל נאָכגעפאָלגט איינע די אַנדערע, ביז דער גרויזאַמער פרעה האָט ענדליך איינ־געשטימט צו באַפרייען די אידען. אויך נאָכדעם ווי זיי האָבען דאָס לאַנד פאַרלאָזען האָט זיך דער קוואַל פון נסים פאַר זיי ניט אויסגעטריקענט. אויף שריט און טריט זיינען זיי באַוואַכט געוואָרען פון דער השגחה, וואָס האָט קענטיג געענדערט די גאַנצע טבע, כדי צו באַשיצען די אידען. די גאַנצע וועלט שטוינט נאָך איצט

און קען זיך ניט אָפּוואונדערען אויף די גרויסע געשעהעגישען, וואָס האָבען מיט די אידען דאָן פּאַסירט.

בלויז דרייצען חדשים זיינען פאַריבער זינט די אידען האָבען פאַרלאָזען מצרים, אָבער די גרעסטע היסטאָרישע פאַרשער גיבען־צו, אַז דאָס זיינען געווען די וויכטיגסטע דרייצען חדשים אין דער געשיכטע פון דער גאַנצער מענשהייט. ניט נאָר איז פאַר אידען געשפּאָלטען געוואָרען אַ ים, וואָס האָט געעפענט דעם וועג צו פרייהייט פאַר יענעם דור, עס האָבען זיך אויך פאַר זיי געשפּאָלטען אַלע זיבען הימלען, וואָס האָט געעפענט אַ וועג צו אייביגער פריייהייט פאַר אַלע דורות. גייסטיגע אוצרות, וואָס זיינען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט אויסגעשעפּט, זיינען פאַר זיי אַנטעדקט געוואָרען. יסודות פון אַ וועלט־אָרדנונג, וואָס האָלטען געשפּאַנט די גאַנצע מענשהייט און דינען אַלס באַזיס פאַר אַלע ציוויליזאַציעס, זיינען דאָן געלייגט געוואָרען, און ביז היינטיגען טאָג האָט נאָך קיין צעשטערענדער כוח ניט דערוויזען זיי אויפצוטרייסלען.

אין דעם קורצען שפּאַן פון „יציאת מצרים" ביז „קבלת התורה" איז געשאַפען געוואָרען דער גרעסטער וואונדער איבער אַלע וואונדערס אין דער געשיכטע פון פעלקער. אַ קליין פאָלק, וואָס איז באַשטאַנען פון נאָר־וואָס געוועזענע שקלאַפען, איז פּלוצלונג פאַרוואַנדעלט געוואָרען, אין אַן „עם עולם", אַן אייביג פאָלק, וואָס וועט קיינמאָל ניט אונטערגיין. אַרויסגעטריבענע מענשען פון אַ לאַנד, וואָס בלאָנדזשען נאָך אַרום אין אַ פּוסטען מדבר, ווערען מיטאַמאָל דערהויבען צו אַ שטופע פון אַן „עם סגולה", אַן אויסנאַם־פאָלק, וואָס ציט נאָך היינט צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע פעלקער. „כי לי כל הארץ" — צו מיר באַלאַנגט די גאַנצע וועלט — האָבען זיי געהערט פון ג׳ ביים באַרג סיני, און מיט זייער אייביגער עקזיסטענץ האָבען עס אידען באַשטעטיגט איבעראַל, וואו זיי האָבען זיך געפונען.

דער זוהר ברייגגט: „בשעתא דקיימו ישראל על טורא דסיני" — בשעת די אידען זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני, „שרי סיהרא לאנהרא ונהורין על נהורין מתפרשין בעלמא" — האָט אָנגעפאַנגען די לבנה צו שיינען און ליכט אויף ליכט האָבען זיך פאַרשפּרייט אויף דער וועלט. די אידען, וואָס ציילען זייערע יאָרען נאָך דער שיין פון דער לבנה, זיינען מיט אָננעמען די תורה אַוועקגע־שטעלט געוואָרען אין מיטעלפּונקט פון „עולם הבא", פון אייביגע וועלטען, און פאַרנעמען דעם אויבענאַן אין די גייסטיגע און קולטורעלע ספערען פון דער

געשיכטע. די גייסטרייכערע לערען פון דער אידישער תורה זיינען נאָך אַלץ די הויפּט קוואַלען, פון וועלכע די רעליגיעס פון הונדערטער מיליאָנען מענשען אין דער וועלט שעפּען זייער גייסטיגער יניקה.

איידער זיי קלייבען זיך צו גיין איינגעמען זייער אייגען לאַנד, הייסט ג׳ משה׳ן ער זאָל ציילען די אידען. אין ארץ־ישראל איז דאָס ציילען פון די אידען פאַרבאָטען. „אסור למנות את ישראל אפילו לדבר מצוה״ — מען טאָר ניט ציילען אידען אין ארץ ישראל אפילו פאַר אַ הייליגער זאַך (יומא כ״ב ע״ב). „מיט ציילען אידען אין ארץ ישראל האָבען מיר קיינמאָל קיין גוטס ניט אויפ־געטאָן״, האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט אונזער גרויסער נאַציאָנאַלער משורר חיים נחמן ביאליק. „פון איין זייט האָט עס געגען אונז אויפגערעגט די אַראַבישע וועלט, און פון דער צווייטער זייט האָבען מיר דערמיט געוויזען אונזערע אַנדערע שונאים ווי קליין עס איז די צאָל פון פאַרמעגליכע אידען, וואָס זיינען גרייט זיך צו געזעגענען מיט׳ן גלות און גיין בויען דאָס אידישע היימלאַנד״. אין די מדבריות פון גלות אָבער זאָלען אידען געציילט ווערען און ניט בטל ווערען צווישען זייערע שכנים. „דבר שבמנין אפילו באלף לא בטל״ — אַ זאַך, וואָס ווערט געציילט, ווערט אפילו צווישען טויזענט ניט בטל. וועלען זיך אידען לאָזען ציילען פאַר זייערע אייגענע פאָלקס־אינטערעסען, וועלען זיי מיט דער צייט זייער ציל דערגרייכען (חידושי הרי״ם).

„שאו את ראש כל עדת בני ישראל למשפחותם לבית אבותם״ — נעמט אויף די צאָל פון קעפּ פון דער גאַנצער אידישער געמיינדע לויט זייערע פאַמיליען און זייער פאָטער׳ס הויז. דאָ זאָגען אונז די חז״ל, ווערט אָנגעגעבען דער הויפּט מיטעל פאַר דער שטענדיגער עקזיסטענץ פון דער אידישער אומה. וואו אידען זאָלען זיך ניט געפינען, זאָלען זיי געדענקען זייער גאַנצען יחוס. זיי דאַרפען קענען גוט זייערע אָבות, וועלכע האָבען זיי געגעבען די גייסטיגע לערען, וואָס האָבען אונז אימער געהאַלטען ביים לעבען. זיי מוזען אויך וויסען זייער מוטער ציון, וואָס איז דער איינציגער פּלאַץ, וואו זיי קאָנען דורכפירען די הויכע אידעאַלען פון זייער תורה און זייער אמונה. „ישראל אחד הוא שיודע את יחוסו״, דער איד וועט פאַרבלייבען איינציג און גאַנץ, אויב ער וועט תמיד געדענקען זיין יחוס.

# הפטרה

## אידען זיינען פאר׳משפט געווארען צו לעבען אייביג

**והיה מספר בני ישראל כחול הים.**

„משה שהיה אוהב ישראל משל אותם לכוכבים; בלעם שהיה שונא אותם משל אותם לעפר; הושע שהיה בינוני משלן בחול. מה החול עושה בו גומא בערב ובשחרית אתה מוצא אותה שנתמלאה, כך ישראל״ — משה, וועלכער האט ליב געהאט די אידען, האט זיי פארגליכען צו שטערען; בלעם, וועלכער האט זיי פיינט געהאט, האט זיי פארגליכען צו שטויב; הושע, וואס איז געווען נייטראל, פארגלייכט זיי צו זאמד. פונקט ווי די זאמד ביים ברעג ים, ווען אייגער מאכט אין דעם א לאך אין אוונט, געפינט ער אין דער פרי, אז זי איז צוריק פארפולט געווארען, אזוי איז אויך מיט די אידען (מדרש תנחומא).

דער נביא הושע פון היינטיגער הפטרה האט שטארק געליטען פון זיין פרוי, וועלכע איז אים געווען ניט געטריי. ווי אזוי קומט ער צו הייראטען אזא פארשייטע פרוי? ווערט וועגען דעם דערציילט אין דער גמרא, אז דאס איז געווען א שטראף פון ג׳ פאר רעדען שלעכטס אויף אידען: ווען גב״ה האט זיך פאר אים באקלאגט, אז די אידען זיינען זינדיג, האט ער ניט געבעטען רחמנות אויף זיי, ווי די אבות און אנדערע נביאים האבען געטאן, נאר ער האט קאלט גע־ענטפערט: „כל העולם שלך הוא, העבירם באומה אחרת״ — די גאנצע וועלט איז דאך דיינע, פארבייט זיי אויף אן אנדער אומה. פאר אט דעם נארישען ענטפער האט די השגחה געפירט, אז ער זאל הייראטען א פרוי, וואס איז נאך דער חתונה געווארען א „בת־זנונים״, א פארשייטע פרוי, און זי פלעגט ארום־לויפען מיט פארשיידענע ליבהאבער. ער האט זיך אבער מיט איר געהאלטען, ווייל זי האט אים געבוירען צוויי קינדער, א זון און א טאכטער.

אין עטליכער יאר שפעטער רעדט צו אים ג׳ ווידער און זאגט אים: „בדול עצמך ממנה״, שייד זיך אפ פון איר, ווי לאנג נאך וועסטו ליידען פון איר? ענטפערט אים הושע: רבונו של עולם, ווי קען איך דאס טאן, איך האב דאך פון איר קינדער? באמערקט ג׳ מיט א שמייכעל: צוליב דיינע קינדער, וועגען וועלכע עס איז נאך א צווייפעל צי זיי זיינען דיינע, ווילסטו זיך ניט שיידען מיט דיין פארשייטער פרוי, אבער וועגען דער אידישער אומה, וועמעס קינדער

זיינען זיכער פון מיינע געטרייע קנעכט אברהם, יצחק ויעקב, איר הייסטו מיר פארבייטען אויף אן אנדער אומה. דער נביא הושע האט גלייך איינגעזעהן דעם גרויסען פעלער, וואס ער האט געמאכט, און האט אנגעפאנגען תפילה טאן צו ג׳, אז ער זאל אים מוחל זיין.

דער אויבערשטער אבער זאגט אים: „עד שאתה מבקש רחמים על עצמך, בקש רחמים על ישראל״ — איידער דו בעטסט רחמים פאר זיך, בעט בעסער רחמים פאר דיין פאלק ישראל. „התחיל לברכן״ — האט ער אנגעפאנגען זיי צו לויבען און האט געזאגט: „והיה מספר בני ישראל כחול הים אשר לא ימד ולא יספר״ — די צאל פון אידען וועט זיין גרויס ווי די זאמד אויפ׳ן ברעג פון ים, וואס קאן ניט געמאסטען אדער געציילט ווערען. און איבעראל, וואו מען פלעגט וועגען זיי זאגען „לא עמי״, דאס איז ניט מיין פאלק, „יאמר להם בני אל חי״ — וועלען זיי פראקלאמירט ווערען אלס די קינדער פון דעם לעבעדיגען ג׳ (פסחים פ״ז).

צוליב דעם, וואס דאס אידיש פאלק האט זיך אויפגעפירט ווי א לייכט־זיניגע פרוי, וואס לויפט ארום מיט פרעמדע מענער, קאקעטירט מיט זיי און פארנאכלעסיגט אירע אייגענע נאציאנאלע אינטערעסען, איז זי צעזייט און צעשפרייט געווארען איבער אלע זיבען ימ׳ען פון דער וועלט. אין אלע גלות־לענדער האבען זיך געפונען אידען, וועלכע האבען גע׳טענה׳ט: „אלכה אחרי מאהבי, נותני לחמי ומימי, צמרי ופשתי, שמני ושקויי״ — איך וועל בעסער גיין נאך מיינע ליבהאבער, די וואס גיבען מיר מיין ברויט און וואסער, מיין וואל און פלאקס מיין ביימעל און געטראנקען. זיי זיינען קעגען יעדער נאציאנאלער באוועגונג, וואס קען פירען צו אידישער זעלבסטשטענדיגקייט, ווייל זיי זיינען אין היילער מורא, אז דאס וועט ניט געפעלען זייערע פרעמדע ליבהאבער. מיט אזא האנדלונג האבען זיי דערפירט זייער פאלק צו דער שרעקליכער לאגע פון „הנני שך את דרכך בסירים, וגדרתי את גדרה ונתיבותיה לא תמצא״ — זיין וועג איז פארשטעלט מיט דערנער, ארומגעצאמט מיט שטעכיגע דראטען און ער קען זיין שטעג ניט געפינען.

„ורדפה את מאהביה ולא תשיג אותם, ובקשתם ולא תמצא״ — זי יאגט זיך נאך אירע ליבהאבער און קען זיי ניט גרייכען; זי זוכט זיי ארום, אבער זי געפינט זיי ניט. ווער עס וויל זיך איבערצייגען אין דעם אמת פון דער נבואה, זאל באזוכען די ספעציעלע פארזאמלונג פון די „יונייטעד ניישאנס״, וואס איז

איינגערופען געוואָרען צו פאַרהאַנדלען איבער דער פראַגע פון ארץ־ישראל. אַלע, דוכט זיך, רעדען מיט ליבע און געפיל צו די אומגליקליכע אידען אָבער „ואיש לא יצילנה מידי", קיינער פון זיי איז ניט גרייט צו ראַטעווען זיי פון זייער שלעכטער לאַגע.

אָבער פאַרצווייפלען טאָרען מיר ניט. כאָטש מיליאָנען פון אונזערע ברידער זיינען אויסגעה'הרג'עט געוואָרען על קידוש השם, וועלען מיר נאָך מיט דעם צייט צוריק גרויס ווערען. אונזערע שונאים, די בלעמ'ס, פאַרגלייכען אונז צו שטויב. מיר זיינען אָבער ווי די זאַמד אויף דעם ברעג פון ים. מען טרעט אויף אונז, מען מאַכט לעכער אין אונזערע רייען, אָבער עס וועט קומען דער פרימאָרגען, וואָס וועט די לעכער צוריק אָנפילען און מיר וועלען נאָך צוגעגליכען ווערען צו די שטערען אין הימעל.

---

ד.

## ווי די אידישע פאָנען ווערען געטראָגען

**איש על דגלו באותות לבית אבותם.**

„באותות שמסר להם יעקב אביהם כשנשאוהו ממצרים" — לויט די צייכנונגען, וואָס זייער פאָטער יעקב האָט זיי איבערגעגעבען, בעת זיי האָבען אים געדאַרפט אַרויסטראָגען פון מצרים (רש"י).

בלויז דרייצען חדשים זיינען פאַראיבער זינט די אידען האָבען פאַרלאָזען מצרים, אָבער דאָס זיינען געווען און וועלען פאַרבלייבען די וויכטיגסטע דרייצען חדשים ניט נאָר פאַר די אידען, נאָר אויך פאַר אלע מענשען פון דער גאַנצער וועלט. אוצרות פון וועלט־געשיכטע, וואָס זיינען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט אויסגעשעפּט, זיינען געשאַפען געוואָרען אין דער קורצער צייט פון די דאָזיגע דרייצען חדשים. געשעהענישען, וועלכע האָבען באַאיינפלוסט טויזענטער דורות נאָך זיי, האָבען בלויז געדויערט איניגע וואָכען. פאַסירונגען, וועלכע האָלטען אין איין איבעראַנדערשען די וועלט, זיינען דורכגעלאָפען אין אייניגע טעג. גאַנצע תקופות פון גייסטיגע אַנטוויקלונגען זיינען אַריינגעקוועטשט געוואָרען

אין דעם קורצען שפּאַן פון אייניגע שטונדען. קענטיג, אַז דער אויבערשטער האָט געענדערט די גאַנצע טבע, כדי וואָס שנעלער צו פאַרענדיגען די שאַפונג פון זיין פאָלק ישראל.

וואָס פאַר אַ ווייטער מהלך עס איז פון „שעבוד מצרים", פון זייך אונטער־וואַרפען צו דער נידעריגסטער פאָרם פון גייסטיגער שקלאַפעריי, ביז „קבלת התורה", אַנצונעמען די גרעסטע „מאַגנאַ קאַרטאַ" פון מענשליכער פרייהייט?... ווי גרויס עס איז דער שפּרונג פון „עבודת פרך", שווער און ביטער אַרבייטען פאַר פרעמדע, ביז דער אויפשטעלונג פון אַן אייגענעם משכן, אַ גייסטיגען צענטער, אין וועלכען די שכינה אַליין רוט צווישען זיי?... אָבער אָט־די אַלע זאַכען זיינען פאָרגעקומען „במדבר", אין דער וויסטע — אַ נייטראַלער פּלאַץ, וואָס איז פריי פאַר אַלעמען, ווייל מיט דעם האָט דער אויבערשטער געוואָלט שאַפען אַ גייסטיגע טעריטאָריע פאַר דער גאַנצער מענשהייט און ניט נאָר פאַר אידען אַליין, ווי אונזערע חז"ל דערקלערען עס קלאָר און דייטליך:

„למה נתנה תורה במדבר?" — וואָרום איז די תורה געגעבען געוואָרען אין דער מדבר און ניט אין ארץ ישראל, אין ירושלים, אויפ'ן הר־הבית? און דער ענטפער איז העכסט־כאַראַקטעריסטיש פאַר אונזערע גרויסע לערער, וועלכע האָבען שטענדיג תפילה געטאָן פאַר דעם וואויל און בעסטען פון דער גאַנצער מענשהייט: „שאילו נתנה תורה בארץ ישראל אין לאומות העולם חלק בה" — וואָלט די תורה געגעבען געוואָרען אין ארץ־ישראל, וואָלטען די פעלקער פון דער וועלט אין איר קיין חלק ניט געהאַט (מכילתא פ"ה). די תורה איז געגעבען געוואָרען אין דער מדבר — אַ פּלאַץ, וואָס איז הפקר און פריי פאַר אַלעמען, ווייל אויך זי איז הפקר און פריי פאַר אַלעמען.

אַלע וואונדערבאַרע געשעהענישען און איבערנאַטירליכע פּאַסירונגען, וואָס די אידען האָבען איבערגעלעבט זינט זיי האָבען פאַרלאָזען מצרים ביז זיי האָבען באַקומען די תורה און אויפגעשטעלט דעם משכן, זיינען געווען נסים פון גב"ה. זיי אַליין האָבען גאַנץ ווייניג בייגעשטייערט צו דעם. אין געגענטייל, זיי האָבען נאָך פיל געשטערט, ווייל ביי יעדער שוועריגקייט, וואָס זיי האָבען געהאַט דורכצומאַכען, זיינען זיי אַרויסגעקומען מיט קריגערישע טענות צו משה'ן, וואָרום ער האָט זיי געמאַכט אומגליקליך מיט זיין באַפרייאונגס־אַרבייט, אַרויסנעמענדיג זיי פון אַזאַ גוט לאַנד ווי מצרים און זיי ברייגנען אין אַ מדבר. אָבער ג' און משה האָבען זיי אַלץ מוחל געוועזן, ווייל זיי זיינען געווען שטאַרק

בייגעריג צו שאפען א פאלק, ווען מען זאל, מיט דער צייט, קאנען אנפאר־טרויען די תורה, וואס איז געמיינט געווען פאר דער גאנצער מענשהייט.

אבער איצט, אז דאס איז דערגרייכט געווארען און זיי ווילען האבען א לאנד פאר זיך, זאלען זיי זיך אויף נסים ניט פארלאזען. פאר אן אייגען לאנד מוז א פאלק קעמפען און ניט פארלאזען זיך אויף די חסדים פון קיינעם. „מבן עשרים שנה ומעלה, כל יצא צבא בישראל — פון צוואנציג יאר אן און העכער, יעדער וואס קאן אריינגענומען ווערען אין דער אידישער ארמיי, מוז געציילט און רעגיסטרירט ווערען צו קעמפען פאר דער נאציאנאלער היימלאנד. „שאו את ראש כל עדת בני ישראל" — איר זאלט דערהויבען די קעפ פון דער גאנצער אידישער געמיינדע. אויב איר ווילט וואס שנעלער קומען צו א ברעג און זיך באזעצען אויף אייער אייגען לאנד, נעמט־אויף ריכטיגע פירער און פאלגט זיי. זאל צווישען אייך הערשען אחדות, ווייל נאר מיט פאראייניגטע כוחות קאנט איר דערגרייכען אייער ציל.

איבערהויפט זאלען אידען מיט שטאלץ פאדערען די אנערקענונג פון זייער אייגענער נאציאנאליטעט. „איש על דגלו" — יעדער איד זאל זיך האלטען פעסט ביי זיין אייגענער פאן. „בזכות הדגלים אני גואל אתכם ומדלג על הקץ" — צוליב דעם זכות פון אייערע נאציאנאלע פאנען וועל איך אייך אויסלייזען און וועל דערנעענטערען דעם סוף פון גלות (מדרש תנחומא). אז די אידען וועלען האלטען זייער אייגענע פאן הויך און זי ניט פארבייטען אויף אנדערע, וועלכע זיינען פרעמד צו אונזער פאלק און זיין גלויבען, וועט זיך דער גלות לאנג ניט ציען. נאציאנאלע שטאלץ און זעלבסטווירדע זיינען די שטארקסטע וואפען צו באקעמפען דעם אידענ'ס שונאים און צו פאראייניגען זייערע קינדער פאר זיין באפרייאונג.

אין מדרש ווערט געבראכט, אז משה רבנו האט זיך לכתחילה געשראקען פאר דעם געדאנק איינצופירען פאנען ביי אידען: „בשעה שאמר הקב"ה למשה, עשה אותן דגלים, התחיל משה מיצר, אמר, עכשיו עתידה המחלוקת להנתן בין השבטים" — בשעת ג' האט געזאגט משה'ן, אז ער זאל פאר די אידען צו־גרייטען פאנען, האט ער פון אנפאנג זיך שטארק געקימערט איבער דעם. ער האט ביי זיך געטראכט: אט איצט וועלען זיך אנהויבען מחלוקות צווישען די שבטים. יעדער שבט, יעדע גרופע וועט זוכען זיך צו גרויסען מיט דער אייגענער פאן, און דאס קאן פאראורזאכען שפאלטונגען אין פאלק. איבערהויפט האט ער

מורא געהאַט, אַז אַזעלכע גרופּירונגען זאָלען ניט פאַרלענגערען דעם גלות. אויב יעדער שבט וועט זיך האַלטען ביי זיין באַזונדערער פאָן און וועט מסתמא וועלען, אַז דוקא ער זאָל מאַרשירען אין פאַראויס און אַלע אַנדערע שבטים זאָלען אים נאָכפאָלגען, וועט עס שטערען דער צוזאַמענאַרבייט, וואָס איז נויטיג פאַר דער באַפרייאונג.

ג׳ האָט אָבער פאַרזיכערט משה׳ן, אַז קיין בייז וועט ניט געשעהן, ווייל „דייתיקא יש בידן מיעקב אביהם האיך לשרות בדגלים, כמו שטענו אותו והקיפו את מטתו כך יקיפו את המשכן״ — זיי האָבען אַ צוואה פון יעקב, זייער פאָטער, ווי זיך איינצוטיילען אין פאָנען, ווי זיי האָבען אים געטראָגען און אַרומגע־רענגעלט זיין מטה, אַזוי זאָלען זיי אַרומרינגלען דעם משכן און פאָרטזעצען זייער נסיעה נאָך ארץ ישראל. און אַזוי האָבען זיי טאַקע געדוט אָדער געדייזט מיט דעם משכן אין מיטען. די שבטים יהודה, יששכר און זבולן — פון מזרח; אפרים מנשה און בנימין — צו מערב זייט; ראובן, שמעון און גד — צו צפון זייט! אשר, דן און נפתלי — צו דרום זייט (במ״ר פ״ב).

צווישען די שורות פון דעם מערקווירדיגען מדרש ליגט באַהאַלטען אַ טיפע כונה, וואָס מיר דאַרפען פאַרשטיין און טייער האַלטען. אויב מיר אידען ווילען באַפרייט ווערען און ווערען אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך, מוזען מיר קודם־כל קאָנצענטרירען אַלע אונזערע פאָנען אַרום אונזער פאָטער יעקב. אַלע אידישע שבטים, וואו זיי געפינען זיך, מוזען זיך האַלטען שטאַרק אין דעם אידישען נאַציאָנאַלען געפיל. אַלע אַסימילאַטאָרישע אָדער סאָציאַליסטישע אידייען, וועלכע מיר האָבען געדענקט, אַז זיי וועלען ברייגגען פרייהייט אויף דער וועלט, האָבען זיך אַרויסגעוויזען צו זיין פוסטע מיראַזשען אין מדבר. און איבערהויפּט וואָס עס אָנבאַלאַנגט צו אונז אידען, האָבען קיינע פון זיי ניט געבראַכט קיין דערלייכטערונג צו אונזער שווערער לאַגע. אין געגענטייל, מיט דעם וואָס מיר האָבען געזוכט צו טאַנצען אויף פרעמדע חתונות און דינען פרעמדע אָפּגעטערישע אײדייען, האָבען מיר זיך גרינג און אומווירדיג געמאַכט אין די אויגען פון אונזערע שונאים. יעקב אבינו, זאָגט דער מדרש, האָט אָנגעזאָגט זיינע קינדער: „לא יגע במטתי אחד מבניכם שנולדו לכם מבנות כנען״ — עס זאָל ניט אָנרירען אין מיין בעט איינער פון אייערע קינדער, וואָס איז ביי אייך געבוירען געוואָרען פון די פרעמדע פרויען, וואָס איר האָט גענומען (מדרש

תנחומא). די וואָס זוכען זיך צו פאַרהייראַטען און אַסימילירען צווישען די פרעמדע שכנים זייערע, וועלען שטערען אַייער גאולה.

אויך זאָלען זיך די אידישע פאָנען קאָנצענטרירען אַרום דעם „משכן העדות", אַרום דער אידישער תורה און אמונה. ווען ניט אונזערע באַזונדערע געזעצען און באַזונדער גלויבען, וואָלטען מיר זיך לאַנג ניט געקאָנט האַלטען אין די לאַנגע און פינסטערע גלות'ן. דער אייגענאַרטיגער לעבען, וואָס מיר האָבען אָנגעהאַלטען לויט די פאָרשריפטען פון אונזער תורה, האָט אונז באַשיצט פון אונטערגאַנג. אויך אונזער באַפרייאונג וועט קומען דורך דעמזעלבען כוח. „עם ישראל" און „תורת ישראל", אונזער נאַציאָנאַליטעט און אונזער אמונה, וועלען אונז פירען צו „ארץ ישראל".

ווי פּאָעטיש־שיין דריקט דער מדרש אויס דעמזעלבען רעיון אין אַן אַנדער אָרט: „בשעה שהיו ישראל נוסעין, היו שני ניצוצין של אש יוצאין מתוך שני בדיו של ארון כדי „לפגוע בשונאיהן" — ווען די אידען האָבען גערייזט, פלעגען צוויי פונקען פייער אַרויס פון די שטאַנגען פון דעם ארון צו באַגעגענען זייער פיינט (במד"ר ה'). די צוויי פונקען פייערען, דער פון אידישער נאַציאָנאַליטעט און דער פון אידישער אמונה, וועלען די אידען באַשיצען וואו זיי וועלען גיין, און אים געבען כוח אויסצוהאַלטען די גרויזאַמקייטען פון גלות ביז ער וועט קומען צוריק צו זיין לאַנד, צו זיין היים.

---

# הפטרה

## ווען אידען פאַרגעסען זייער זכות־אבות

**ועתה אגלה את נבלותה לעיני מאהביה.**

„מאימתי תמה זכות אבות? מימות הושע בן בארי" — זינט ווען האָט זיך אויסגענומען זכות־אָבות ביי אידען? זינט די צייטען פון נביא הושע (שבת נ"ה ע"א).

דער נביא הושע פון היינטיגער הפטרה פאַרגלייכט דאָס אידיש פאָלק צו אַ לייכטזיניגער פרוי, וואָס כאָטש איר מאַן האָט זי שטאַרק ליב און גיט

איר אַלץ, וואָס איר האַרץ גלוסט, לויפט זי אָבער נאָך פרעמדע מענער, קאָקעטירט מיט זיי, פאַרראַט ענדליך איר מאַן און פאַרנאַכלעסיגט אירע קינדער. פאַר דעם שמייכעל פון פרעמדע מענער איז זי גרייט צו פאַרלאָזען איר היים און זיך אַרומשלעפּען מיט זיי איבער פרעמדע פעלדער און וועלדער. ביי איר זיינען פיל ליבער די קליינע מתנות פון ווערטלאָזע שטיקלאַך צירונג אָדער שמינקע, וואָס אירע ליבהאָבער וואַרפען איר צו פון צייט צו צייט, ווי די גאַנצע באַלע־באַטישקייט, וואָס איר אייגענער מאַן האָט פאַר איר פאַרזאָרגט אין איר אייגען הויז.

דער נמשל איז: ג׳ האָט די אידען באַפרייט פון שקלאַפעריי אין מצרים און זיי געמאַכט פאַר זיין אויסדערוויילט פאָלק. ער האָט זיי געגעבען זיין תורה און געבראַכט צו זייער אייגען לאַנד, וואו זיי האָבען געקאָנט פאַרטזעצען זייער אייגענאַרטיג לעבען און זיך אַנטוויקלען אַלס אַ מוסטער פאַר אַנדערע פעלקער. ביי זיי איז דאָס אָבער ניט געווען אַנגעלייגט. זיי האָבען זיך איינגערעדט, אַז זייער גוטע עקאָנאָמישע לאַגע איז צו פאַרדאַנקען די פריינטליכע שכנים, וואָס וואוינען אַרום זיי און מאַכען מיט זיי געשעפטען. „כי אמרה אלכה אחרי מאהבי, נותני לחמי ומימי, צמרי ופשתי, שמני ושקויי״ — זי האָלט אין איין זאָגען: איך וועל גיין נאָך מיינע ליבהאָבער, די וואָס גיבען מיר מיין ברויט און וואַסער, מיין וואָל און פלאַקס, מיין ביימעל און געטראַנקען.

און כדי וואָס מער צו געפעלען ווערען זייערע שכנים, האָבען זיי פאַרגעסען זייער זכות־אָבות זייערע גרויסע עלטערען, און לויפען זיי נאָך אויף אַלע דרכים. זיי ווילען ניט וויסען, אַז אַלץ וואָס זיי האָבען, האָב איך זיי געגעבען, „וכסף הרביתי לה וזהב, עשו לבעל״ — די פיל זילבער און גאָלד, וואָס איך האָב זיי געגעבען, פאַרברויכען זיי פאַר דעם „בעל״, פאַר עבודה־זרות פון פרעמדע פעלקער. זיי ווילען ניט פאַרשטיין, אַז מיט אַזעלכע מעשים דערנידעריגען זיי זיך אין די אויגען פון זייערע כלומרשטע ליבהאָבער. „ועתה אגלה את נבלותה לעיני מאהביה״ — און איצט וועל איך אויפדעקען איר שאַנד פאַר די אויגען פון אירע ליבהאָבער. די וואָס פאַראַכטען זייער אייגענעם אָפשטאַם, ווערען אַליין פאַראַכטעט. די וואָס טראָגען אויף זיך פרעמדע מאַסקעס, שטייען אימער אונטער דעם חשד, אַז זייער פּנים איז מיאוס און זיי דאַרפען אים טאָקע באַהאַלטען.

כל זמן אידען האַלטען זיך אין זייער „זכות אבות״, וועלען זיי ניט אונטער־גיין. גיבען זיי אָבער אויף די לערען פון זייערע פאָטערס, קאָנען זיי לאַנג ניט

עקזיסטירען. ווי שיין דריקט זיך אויס די גמרא: „אברהם עומד על פתחו של גיהנום ואינו מניח לבן ישראל ליכנס, בר מישראל הבא על הכותית" — אונזער פאָטער אברהם שטייט ביים טיר פון גיהנום און לאָזט אַ אידען דאָרט ניט אַריינגיין, חוץ אַזאַ אידען, וואָס האָט זיך פאַרהייראַט מיט אַ ניט־אידישער פרוי (עירובין י"ט ע"א). אידען, וועלכע געדענקען, אַז זיי זיינען די קינדער פון אברהם וועלען קיינמאָל ניט פאַרפאַלען ווערען. די וואָס טראָגען שטאָלץ די פאָן פון זייער אָפּשטאַם, וועלען מיט דער צייט איבערלעבען זייערע שונאים און באַפרייט ווערען פון זייערע גלות'ן. די אָבער, וואָס פאַרהייראַטען זיך צו פרעמדע פעלקער און נעמען פון זיי איבער זייערע פאַלשע אידייען — אַזעלכע ווערען איינגעשלונגען פונ'ם גיהנום און גייען פאַרפאַלען פון דעם אידישען פאָלק.

---

ה.

## גייסטיגע ירושה פאַר קינדער

**בהקריבכם אש זרה לפני ה' — ובנים לא היו להם.**

„כל שאינו מניח בן ליורשו הקב"ה מלא עליו עברה" — אויף דעם, וואָס לאָזט ניט איבער אַ זון אים צו ירש'ענען, איז דער אויבערשטער פול מיט צאָרן (ב"ב קט"ז ע"ב).

קינדער פילען אויס דאָס לעבען פון טאַטע־מאַמע און זיי ברייגגען שלום אין הויז, זאָגען אונז די חז"ל. ווי ליב אַ פאַרפאַלק זאָל זיך ניט האָבען, איז אויב זיי זיינען ניט געבענטשט מיט קינדער, פעלט זיי אויס דער הויפּט אינטערעס אין לעבען. ווי שיין עס דריקט זיך אויס אונזער פאָטער אברהם: „מה תתן לי ואנכי הולך ערירי" — וואָס וועסטו מיר געבען, אַז איך גיי אַליין? וואָס נוצט מיר גרויס רייכטום און אַלע מיינע פאַרמעגענס, אַז איך האָב ניט קיין אייגען קינד, וואָס זאָל מיך ירש'ענען?

אויב דאָס לעבען ווערט פארקירצט בלויז צו די עטליכע צענדליג יאָר, וואָס איינער לעבט, לוינט זיך גאָרנישט די גאַנצע מי און האָרעוועס. וואָס עס מאַכט דאָס לעבען אינטערעסאַנט, איז די האָפענונג אים צו פאַרלענגערען אויף

דורי דורות דורך די קינדער, וואָס איינער האָט. ירושה, אייגענטליך, מיינט באַזיץ, וואָס איינער נעמט איבער אין זיין רשות. איבערצולאָזען ירושה מיינט צו נעמען אין באַזיץ אויך די צוקונפט און מאַכען עס אַ טייל פון זיין איצטיגען לעבען, וואָס וועט דורך דעם פאַרלענגערט ווערען.

מיט איבערלאָזען קינדער בלויז אַ מאַטעריאַלע ירושה, אַ ירושה פון רייכטום און געלט, איז מען נאָך גאַנץ ווייניג זיכער, אַז דערמיט פאַרלענגערט מען דאָס אייגענעם לעבען. די מטבע איז קיילעכדיג און האַלט זיך אין איין קייקלען — היינט איז זי ביי דעם און מאָרגען ביי יענעם. מאַטעריעלע פאַרמע־גענס, וואָס איינער לאָזט איבער זיינע קינדער, קאָנען גאַנץ שנעל אויסגערונען ווערען. ווי זאָגט די וועלט אַ גלייך־ווערטעל: „נדן און ירושה זיינען ניט אימער מזל׳דיג, זיי קומען אָן גרינג און זיי פאַרשווינדען גיך״. אַזאַ ירושה, אויב זי ווערט פאַרלאָרען, נעמט זי אויך מיט דעם גאַנצען אָנדענק פון טאַטע־מאַמע און אין אַ קורצען משך פון יאָרען ווערען זיי פאַרגעסען, ווי זיי וואָלטען גאָר קיינמאָל ניט געלעבט.

אויב אָבער איינער לאָזט איבער אַ גייסטיגען יורש — מיט דעם, וואָס ער לערנט זיין זון תורה מיט דרך־ארץ, אַזאַ ירושה פאַרבלייבט אויף אימער. דער קערפּער מיט אַלע זיינע ערדישע געווינסען ווערט פאַרלאָרען אין אַ קורצער צייט נאָכ׳ן טויט. די נשמה אָבער פאַרבלייבט, און אויב איינער האָט איבער־געגעבען זיינע קינדער אַ גרויסע נשמה־ירושה, פאַרלענגערט ער דערמיט זיין אייגען לעבען.

פאַראַן אָבער, ליידער, צווישען אונז אידען אזעלכע, וואָס לייגען די הויפּט געוויכט אויף מאַטעריעלע דעראָבערונגען, מען האָט צופיל דרך־ארץ פאַר דעם עגל הזהב, די גאָלדענע קאַלב, און מען איז אויף איר מזבח מקריב דאָס גאַנצע לעבען. פאַר גייסטיגע אינטערעסען נעמט מען זיך קיין צייט ניט, מען פּטר׳ט עס אָפּ מיט געבען אַ נדבה אויף דעם אָדער יענעם אַנשטאַלט. פאַר דער רעליגיעזער דערציאונג פון די קינדער קימערט מען זיך גאַנץ ווייניג און מען לאָזט זיי זיך האָדעווען אויף גאָט׳ס באַראָט. אַזעלכע מענשען זיינען פון די, וואָס די גמרא באַצייכענט אַלס „יש מנחילין ואינם נוחלין״, זיי האָבען טאַקע נחלאות און רייכטימער, וואָס זיי גיבען איבער צו זייערע קינדער, אָבער אַליין געניסען זיי פון דעם גאַנץ ווייניג. זייער אָנדענק וועט ניט לאַנג פאַרבלייבען ביי זייערע מאַטעריעלע יורשים.

איבערהויפּט איז דער אויבערשטער פול מיט צאָרן קעגען די געלט־זעק, וועלכע ווילען אַריינברייגגען דעם „עגל הזהב" אויך אין זייערע טעמפּלען און רעליגיעזען לעבען. אום געפעלען צו ווערען זייערע שכנים פון היינט, זוכען זיי אַריינצוברייגגען „אש זרה", פרעמדע פייערען, פרעמדע גלויבענס, און זייערע ראַבאַיס אָדער צדקה־פּאַרוואַלטער, זוכענדיג זיי צופרידענצושטעלען, גייען אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק פון דעם אידישען מקור.

דער טרויעריגער רעזולטאַט פון אַזעלכע טאַטען איז, אַז „ובנים לא היו להם" — קיין קינדער האָבען זיי שוין ניט מער. די יוגענט דערווייטערט זיך פון זיי — און ניט נאָר נאָכ'ן טויט פאַרגעסען זיי זייערע טאַטע־מאַמע, נאָר אויך פאַר'ן לעבען הויבען זיי שוין אָן צו קוקען אויף זיי, ווי אויף אַן אָפּגעלעבטען עלעמענט, וואָס האָט ניט קיין צוקונפט.

ר' מענדעלע קאָצקער ע"ה האָט אַמאָל געזאָגט: „צווישען אונזערע כלומר'־שטע אנשי שלומנו געפינען זיך, ליידער, אַזעלכע, וואָס „בנים לא היו להם", פאַר זייערע קינדער קימערען זיי זיך גאַנץ ווייניג. זיי לאָזט מען שטודירען אין פרעמדע שולעס און פאַרקערען אין ניט אידישע געזעלשאַפטען. אַליין אָבער לויפען זיי אין די שטיבלעך, פאַסטען הפסקות און דאַוונען מיט התלהבות און מיט ברען. אַזאַ התלהבות אָבער ווערט פון דעם אויבערשטען באַטראַכט פאַר „אש זרה", אַ פרעמדער פייער, וואָס וואַרעמט ניט די נשמה און פאַרצערט בלויז דעם גוף".

---

# הפטרה

## רק מען ציילט אידען!

**והיה מספר בני ישראל כחול הים.**

„אומרים לו: רבונו של עולם! כמה אומות יש בעולם, ואין אתה משגיח עליהם למנותם בכל פעם? אמר להם: כל אלה אוכלסים שאתם רואים אותם,

אינם שלי, של טמיון הם, של גיהנום הם" — די אידען באַקלאָגען זיך פאַר'ן רבונו של עולם: וויפיל פעלקער זיינען דאָ אויף דער וועלט, און דו זוכסט זיי ניט צו ציילען אַלע ווילע? ענטפערט זיי ג': די אַלע אַרמייען, וואָס איר זעהט, זיינען ניט מיינע. זיי באַלאַנגען צו דער פאַרפאַלעניש, צום גיהנום (תנחה"ק תשא).

אונזערע חז"ל פאַרבאָטען צו ציילען אידען. זיי זאָגען: „אסור למנות את ישראל אפילו לדבר מצוה" — מען טאָר ניט ציילען אידען אפילו פאַר אַ הייליגער זאַך. מאַנכע פון זיי גייען נאָך ווייטער און באַהויפּטען, אַז „כל המונה את ישראל עובר בשני לאווין" — יעדער, וואָס ציילט אידען, באַגייט צוויי פאַרברעכענס (יומא כ"ב ע"ב). די תורה לערנט אונז, אַז נאַציאָנאַלע פליכטען דאַרפען דורכגעפירט ווערען „מאת כל עדת בני ישראל", פון דער גאַנצער געמיינדע, אַלע אידען אָהן אויסנאַם מוזען זיך באַטייליגען אין אַזעלכע אַרבייטען, אָהן וועלכע דער קיום פון אונזער פאָלק איז אָפּהענגיג. קוים טיילט מען זיך איין אין פאַרשיידענע חברות און פאַרטייען און מען הויבט אָן ציילען די אידען, וואָס באַלאַנגען צו דער אָדער יענער פאַרטיי, שליסט מען אויס די איבעריגע און מען שוואַכט אָפּ די אייגענע רייען. דאָס איז איין „לאו", אַ פאַרברעך קעגען די אינערליכע כוחות. אַ צווייטער „לאו", וואָס ציילען אידען ברייננגט אַרויס איז, אַז מיט דעם וואַרפען מיר זיך אין די אויגען פון די גויים און פאַרשטאַרקען זייער שנאה צו אונז.

דאָס אידיש פאָלק פאַרנעמט פּראָפּאָרציאָנעל אַ פיל גרעסערען פּלאַץ אין דער וועלט־געשיכטע, ווי אירגענד וועלכעס אַנדער פאָלק אָדער ראַסע. דאָס אידיש פאָלק איז דער מיטעלפּונקט פון אַלע שטרייטיגקייטען, וועלכע זיינען פאַרגעקומען אין דער עקאָנאָמישער און גייסטיגער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט. אַרום די אידען און וועגען זיי טומעלט זיך איבעראַל מער ווי וועגען אַנדערע ראַסען און פעלקער פון דער וועלט. אין אַלע אויסברוכען, וואָס ברייננגען גרויסע ענדערונגען אין דעם פּראָצעס פון פּאָליטישען און קולטורעלען לעבען פון אַ לאַנד, איז דער איד דער שטורעם־צענטער. אויף זיינע פּלייצעס און איבער זיין איינגעבויגענעם רוקען ווערען אויסגעקעמפּט די אַלע ראַדיקאַלע איבערקערענישען פון די עקאָנאָמישען און גייסטיגע דערגרייכונגען פון דער וועלט. עס ווייזט טאַקע אויס, אַז „לא נברא העולם הזה והעולם הבא אלא בשביל

ישראל״ — ביידע וועלטען, די היינטיגע און די קומענדיגע, זיינען באַשאַפען געוואָרען נאָר צוליב די אידען (ילקוט שמעוני).

„שאו את ראש עדת בני ישראל״ — ציילט די קעפּ פון דער אידישער געמיינדע, איז דער געשריי פון די המנ׳ס און היטלערס אין יעדען לאַנד, וואו עס קומען פאַר גרויסע איבערקערענישען. דער איד איז שולדיג אין אַלע אונזערע שוועריגקייטען. ווערט דער פינאַנציעלער מצב פון אַ לאַנד אויפגע־טרייסעלט, זיינען אין דעם שולדיג די אידישען ראַדיקאַלען, די סאָציאַליסטען, די קאָמוניסטען. ווערען אין אַ לאַנד געשאַפען גרויסע „טראָסטס״, וואָס פאַר־כאַפּען די גאַנצע אינדוסטריע און דריקען די מאַסען אַרבייטער, ווערען זיי געהעצט מיט דעמזעלבען אויסגעשריי: ציילט אָפּ די קעפּ פון די אידישע קאַפּי־טאַליסטען, די הויט־שינדער און שווינדלער. ברעכט אויס אַ מלחמה, באַשולדיגט מען די אינטערנאַציאָנאַלע אידישע באַנקירען, וועלכע האָבען עס פּראָוואָצירט פאַר זייער אייגענעם בענעפיט.

„כל המצר לישראל נעשה ראש״ — יעדער פּאָליטישער שווינדלער, וואָס זוכט צו פאַרכאַפּען די מאַכט אין אַ לאַנד, הויבט אָן זיין טייפעלשע אַרבייט מיט אַ גיסטיגער אַגיטאַציע קעגען די אידען און דראָעט דעם המון, אַז אויב זיי וועלען אים ניט מאַכען פאַר׳ן הערשער, שטייט דאָס לאַנד אין געפאַר רואינירט צו ווערען פון די אידען. אויך אין דער איצטיגער וועלט־מלחמה זוכט דער הויפט הענקער, היטלער, אַרויפצוּוואַרפען די גאַנצע שולד פאַר דייטשלאַנד׳ס ווילדען אויסברוך קעגען די דעמאָקראַטיעס פון דער וועלט אויף די אָרימע אידען.

און די אידען באַקלאָגען זיך: רבש״ע, וויפיל פעלקער האָסטו אויף דער וועלט, און קיינעם פון זיי ציילסטו ניט אַזוי אָפט, און שטעלסט זיי ניט אַרויס אַלס די פאַראַנטוואָרטליכע פאַר אַלע מעשים תעתועים, וואָס געשעהען אין דער וועלט? וואָרום קומט עס אונז, אַז מיר זאָלען זיין דאָס כפרה־הינדעל פאַר אַלע ווילדע אויסברוכען?

און דער איבערשטער ענטפערט זיי: „כל אלה אוכלסים — אינם שלי״, אָט די אַלע פינסטערע מחנות זיינען ניט מיינע. זיי זיינען בלויז צייטווייליגע און באַלאַנגען ניט צו דער אייביגקייט. זיי מיט אַלע זייערע פינסטערע כוחות וועלען פאַרשוואונדען ווערען אין „טמיון״, אין דער אומענדליכער פאַרפאַלעניש, פון וואַנען מען קומט קיינמאָל ניט צוריק. „של גיהנום הם״, זיי באַלאַנגען צום

גיהנום, וועלכען זיי האָבען געשאַפּען, און ער וועט זיי ענדליך פאַרשלינגען און זייער אָנדענק וועט אָפּגעמעקט ווערען פון דעם ספר הזכרונות פון דער וועלט. איר, דאַגעגען, וועט אימער לעבען בלייבען. פון אייערע רדיפות און פאַר־פאָלגונגען, וואָס איר האָט איבעראַל אויסצושטיין, וועט איר אַרויס געשטאַרקט, ווייל איר זענט אומשטערבליך. איר באַלאַנגט צו מיר, און אַזוי ווי איך לעב אייביג, אַזוי וועט איר אויך בלייבען לעבען אייביג. אייער גאולה שלמה וועט זיכער קומען.



# נשא

**א.**

## געבען אָדער נעמען

**ואיש את קדשיו לא יהיו.**

„אמר ר׳ יוחנן: כל שיש לו תרומות ומעשרות ואינו נותנן לכהן, סוף שנצרך להן״ — רבי יוחנן האָט געזאָגט: דער וואָס האָט ביי זיך תרומות און מעשרות און גיט זיי ניט צום כהן, וועט צום סוף אַליין ווערען באַדערפטיג צו זיי (ברכות נ״ג ע״א).

אַזוי גיך ווי משה איז פאַרטיג געוואָרען מיט ציילען די אידען און באַשטימען די פּאָזיציעס פון די לויים, זאָגט ג׳ צו משה׳ן: „צו את בני ישראל וישלחו מן המחנה כל צרוע וכל זב וכל טמא לנפש״ — באַפעל די אידען, זיי זאָלען אַרויסשיקען פון לאַגער יעדען קרעציגען, יעדען פלוסיגען און יעדען, וואָס איז אומריין פון אַ טויטען לייב. „אל מחוץ למחנה תשלחום, ולא יטמאו את מחניהם אשר אני שוכן בתוכם״ — אויסערן לאַגער זאָלט איר זיי אַרויסשיקען, כדי זיי זאָלען ניט פאַראומרייניגען אַייערע מחנות, וואָס איך רו צווישען זיי. אויפ׳ן וועג צו אַייער לאַנד זאָלען זיך צווישען אַייך ניט געפינען אַזעלכע, וואָס זיינען אָנגעשטעקט מיט קלעפּיגע קראַנקהייטען, אָדער אַזעלכע, וואָס זיינען אימשטאַנד טמא צו מאַכען יעדען, וואָס קומט מיט זיי אין באַרירונג. אַייערע מחנות מוזען געהאַלטען ווערען ריין, ווייל איך רו צווישען זיי, און איך פאַרטראָג ניט קיין אומרייניגקייטען.

אויך מאָראַלישע קראַנקהייטען, וואָס שטערען דעם סאָציאַלען גלייכגעוויכט פון דער געזעלשאַפט, מוזען אָפּגעראַמט ווערען פון וועג. „איש או אשה

כי יעשו מכל חטאת האדם״ — אַ מאַן אָדער אַ פרוי, וועלכע וועלען באַגיין אַ פאַרברעכען קעגען אַ מענשען, ווען זיי קומען זיך מתודה זיין פאַר ג׳ און בעטען אַ כפרה פאַר זייער זינד, „והשיב את אשמו בראשו״ — זאָל צוערשט אומקערען דעם שאָדען, וואָס ער האָט פאַראורזאַכט. איידער ער גייט זיך איבער־בעטען מיט ג׳ זאָל ער צוערשט מאַכען שלום מיט זיין חבר. „עבירות שבין אדם לחברו״ — זינד, וואָס אַ מענש באַגייט קעגען זיין חבר, זייגען הארבער פאַר „עבירות שבין אדם למקום״ — זינד, וואָס איינער באַגייט קעגען ג׳, ווי דער פסוק זאָגט דאָ: „למעל מעל בה׳ ״ — אַ טאָפּעלטע פעלשונג קעגען ג׳. מיט באַגיין אַ פאַרברעכען קעגען אַ מענשען זינדיגט מען אין צווייען — אי קעגען ג׳ און אי קעגען מענשען. דערפאַר זאָל מען צוערשט גוטמאַכען דעם מענשליכען שאָדען, איידער מען ברייגגט אַ קרבן צו ג׳ (סוכה ל׳).

איבערהויפּט מוז מען זיין שטאַרק אָפּגעהיט מיט די תרומות ומעשרות, וואָס באַלאַנגען צו די כהנים און די לויים. זיי זייגען די לערער פון פאָלק און מוזען אויסגעהאַלטען ווערען בכבוד. „וכל תרומה לכל קדשי בני ישראל אשר יקריבו לכהן לו יהיו״ — און יעטווידער אָפּשיידונג, פאַר אַלע אידישע הייליג־טימער, וואָס זיי דאַרפען ברייגגען צום כהן, זאָל געהערען צו אים. מען טאָר דאָס פאַר זיך ניט פאַרהאַלטען. זוכט מען אָפּצושפּאָרען פון די גייסטיגע באַדער־פענישען פון פאָלק, וועט עס שטאַרק שטערען זיין וואוקס און אַנטוויקלונג. אויב די כהנים, די לערער פון פאָלק, לעבען אין דחקות און נויט, איז עס אַ סימן, אַז זיין גייסטיגער מצב איז שטאַרק געפאַלען, און דאָס וועט זיך זעהר שלעכט אָפּרופען אויף די קומענדע דורות. ווי אונזערע חכמים זאָגען: די באַ־שיצער פון פאָלק זיינען ניט זיינע אַרמייען, נאָר די קינדער, וואָס לערנען אין די תלמוד־תורה׳ס און ישיבות.

„ואיש את קדשיו לו יהיה, איש אשר יתן לכהן לו יהיה״ — די הייליג־קייטען, וואָס אַ מענש גיט, זאָלען זיין זיינע, וואָס אַ מענש גיט צום כהן, זאָל זיין זיינס. פון אויבענאויף ווייזען אויס די פסוקים צו זיין איבעריג, בלויז אַ רעפּעטיציע. אָבער אונזערע חכמים, וועלכע זיינען געווען גרויסע מאָראַליסטען און האָבען פון יעדען וואָרט אָדער זאַגאַר פון יעדען איבעריגען אות אין דער תורה אויסגעלערענט פיל מאָראַלישע דינים, גיבען אונז פאַרשיידענע דערקלע־רונגען איבער די דאָזיגע פסוקים, פון וועלכע מיר קענען זעהר פיל לערנען. מיר וועלען דאָ פרובירען איבערגעבען זייערע מיינונגען, וועלכע ווייזען אַן

אויף די הויכע מאָראַלישע פּרינציפּען, וואָס זיינען פאַרבאָרגען אין די ווערטער פון אונזער הייליגער תורה.

„ואיש את קדשיו לו יהיה — אמר רבי נחמן בר יצחק: כל מי שיש לו תרומות ומעשרות ונותנן לכהן, סופו שמתעשר" — רבי נחמן, דער זון פון יצחק, זאָגט, אַז פון דעם פסוק איז געדרונגען, אַז דער וואָס גיט זיינע תרומות ומעשרות צום כהן, וועט צום סוף רייך ווערען (ברכות ס"ג ע"א). ער לערנט דעם פסוק אַזוי: „ואיש את קדשיו" — אַ מענש וואָס, דערפילט זיינע הייליגע פליכטען צום כהן, צו זיין פאַלק און צו זיין געזעלשאַפט, „לו יהיה" — וועט שטענדיג האָבען וואָס צו געבען. ווי רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער ע"ה פלעגט זאָגען: „ביי תורמות און מעשרות שטייט געשריבען „ויקחו לי" — איר זאָלט מיר נעמען, ניט „ויתנו לי" — איר זאָלט מיר געבען, ווייל מיט געבען צדקה נעמט מען. וואָס מער איינער גיט פאַר אידישע הייליגקייטען, אַלץ מער וועט אים דער אויבערשטער באַגליקען, כדי ער זאָל האָבען וואָס צו געבען".

עס ווערט דערציילט, אַז מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם פרומען פראַנקפורטער ראָטשילד וויפיל ער פאַרמאָגט, זאָל ער האָבען דערויף געענטפערט: „ואיש את קדשיו לו יהיה" — פאַר זיין אייגענס, פאַר זיין זיכערען פאַרמעגען האַלט ער בלויז דאָס, וואָס ער האָט אַוועקגעגעבען אויף קודש, אויף פאַרשיידענע צדקות. דאָס קען שוין קיינער פון אים ניט אַוועקנעמען. דאַגעגען, מיט זיינע איבעריגער עשירות, מיט די אַנדערע קאַפּיטאַלען איז ער ניט אַזוי זיכער, אַז זיי וועלען תמיד פאַרבלייבען — יענעם פאַרמעגען קען ער נאָך ניט האַלטען פאַר זיינס.

אַנדערע חכמים טייטשען אויס דעם פסוק אויף אַ נעגאַטיווען אופן: „אמר ר' יוחנן: כל שיש לו תרומות ומעשרות ואינו נותן לכהן, סוף שנצרך להן" — רבי יוחנן פלעגט זאָגען: דער וואָס האָט ביי זיך תרומות און מעשרות און גיט זיי ניט צום כהן, וועט צום סוף אַליין זיין באַדערפטיגט צו זיי (ברכות ס"ג ע"א). ער לערנט שוין דעם פסוק אַזוי: „ואיש את קדשיו" — אַ מענש, וואָס פאַרהאַלט זיינע הייליגע פליכטען און גיט ניט זיין געהעריגען חלק צו די כהנים, די לויים און די אַנדערע פאָלקס־אינטערעסען, לו יהיה" — וועט ער מיט דער צייט מוזען צו דעם אַליין אָנקומען. „צדקה" מיינט גערעכטיגקייט און איז אַ מאָראַלישע פליכט. אויב איינער אַנטזאָגט זיך צו געבען, וועט ער מיט דער צייט אַליין מוזען נעמען.

דער מדרש לערנט דעם פסוק אויף אַזאַ אופן: „מי שמעכב מעשרותיו ואינו נותנן, לו יהיו המעשרות" — דער וואָס פאַרהאַלט זיינע מעשרות און גיט זיי ניט, וועט ביי אים פאַרבלייבן בלויז אַ צענטעל פון דעם, וואָס ער האָט. „סוף שאין שדהו עושה אלא אחד מעשרה שהיתה למודה לעשות" — דער סוף וועט זיין, אַז זיין פעלד וועט מער ניט פּראָדוצירען ווי אַ צענטעל פון דעם, וואָס עס איז געוואוינט צו טאָן. און דערביי ווערט דערציילט דאָס פאָלגענדע מעשה'לע: איינער האָט געהאַט אַ פעלד, וואָס פלעגט אים אַריינברענגען יעדען יאָר אַ טויזענט טאָן תבואה. ער איז געווען שטרענג אָפּגעהיט מיט געבען מעשר, פלעגט ער אויסטיילען אַ הונדערט טאָן צו די לויים און לעבען געמיטליך פון די פאַרבליבענע ניין הונדערט טאָן. פאַר זיין טויט האָט ער צו זיך אַריינגערופען זיין זון און אים אָנגעזאָגט: „תן דעתך על שדה זו" — גיב גוט אַכטונג אויף די פעלדער און זעה אָפּצוהיטען די מצוה פון מעשר.

נאָך זיין טויט האָט דער זון פאַרזייט דאָס פעלד, און ווי געוויינליך האָט עס פּראָדוצירט טויזענט טאָן. דעם ערשטן יאָר האָט ער אָפּגעהיט צו געבען מעשר פולע הונדערט טאָן. צום צווייטען יאָר „נכנס בו עין הרע" — האָט ער באַקומען אַ שלעכט אויג צו די אָרימע לייט און האָט מער ניט געגעבען ווי ניינציג טאָן, האָט דאָס פעלד ניט פּראָדוצירט מער ווי ניין הונדערט טאָן. יערען יאָר האָט ער אַראָפּגענומען צען טאָן, און דאָס פעלד האָט פּראָדוצירט מיט הונדערט טאָן ווייניגער. „עד שעמדה על מעשרותיה" — ביז דאָס פעלד איז געבליבען שטיין בלויז ביי דעם מעשר, דאָס הייסט — עס האָט ניט פּראָדוצירט מער ווי הונדערט טאָן.

ווען זיינע קרובים האָבען דאָס דערפאַרען, „לבשו לבנים ונתעטפו לבנים ונכנסו אצלו" — האָבען זיי זיך אָנגעטאָן אין ווייסען און זיך איינגעוויקעלט אין ווייסען און זיינען אַריינגעקומען צו אים. פרעגט ער זיי: וואָס האָט איר זיך אַלע אויסגעפּוצט יום־טוב'דיג? ניט אַנדערש, אַז איר זייט געקומען זיך צו פרייען איבער מיר, איבער מיין שווערער לאַגע. ענטפערען זיי אים: „חו"ש, לא באנו אלא לשמח עמך" — מיר זיינען ניט געקומען נאָר צו פרייען זיך מיט דיר, ווייל דו האָסט איבערגענומען ג'ס פּאָזיציע. „לשעבר היית בעל הבית והקב"ה כהן, ועכשיו נעשית כהן והוא בעל הבית" — אַמאָל ביזטו געווען דער באַלעבאָס און גב"ה איז געווען דער כהן, אים פלעגסטו געבען אַ צענטעל און דיר פלעגט פאַרבלייבען ניין חלקים. היינט אָבער ביזטו געוואָרען דער כהן

און האָסט בלויז אַ צענטעל, און ער איז געוואָרען דער באַלעבאָס און פון דיר אַוועקגענומען גאַנצע ניין חלקים (שמו״ר פל״א).

גלייך נאָך דער פרשה פאַנגען זיך אָן די דינים פון אַ „סוטה״ — פון אַ פרוי, וואָס האָט זיך אָפּגעקערט פון איר מאַן און איז אַוועק אויף שלעכטע דרכים, און די גמרא פרעגט: „למה נסמכה פרשת סוטה לפרשת תרומות ומעשרות?״ — וואָרום ווערט פאַרטגעזעצט די פרשה פון סוטה גלייך נאָך דער פרשה פון תרומות ומעשרות? „לומר לך, שכל שיש לו תרומות ומעשרות ואינו נותנן, סוף נצרך לכהן ע״י אשתו״ — דאָס איז דיר אָנצוזאָגען, אַז ווער עס האָט תרומות און מעשרות און גיט זיי ניט אָפּ, וועט צום סוף דאַרפען אָנקומען צום כהן צוליב זיין פרוי (ברכות ס״ג ע״ב). די וואָס גיבען גאָרניט פאַר צדקה־זאַכען, און אַליין מיט זייערע פאַמיליען לעבען זיי אויפ׳ן ברייטען פוס, דערפירען צו דעם, אַז זייערע פרויען ווערען ווילד און צעלאָזען און דער שלום־בית ווערט געשטערט.

זעהר אַ שיינעם געדאַנק זאָגט וועגען דעם דער „חתם ספר״ ז״ל: „די גמרא זאָגט: „עשר תעשר, עשר בשביל שתתעשר״ — גיב מעשר, כדי דו זאָלסט רייך ווערען, ווייל דאָס ברייינגט עשירות. אין אַ צווייטען אָרט ווידער ווערט געזאָגט: „אוקירו לנשייכו כי היכי דתתעתרו״ — איר זאָלט שעצען און בכבוד האַלטען אייערע פרויען, וועט איר דורך דעם רייך ווערען. הייסט עס, אַז אויך דאָס איז אַ סגולה צו עשירות. קען זיך דאָך איינער ביי זיך טראַכטען: צוליב וואָס זאָל איך אַוועקגעבען דעם מעשר און צדקה פאַר פרעמדע, בעסער וועל איך דאָס געלט אויסגעבען אויף פיינע קליידער און צירונג פאַר מיין פרוי, ווייל אויך דאָס איז דאָך גורם צו רייכטום. דעריבער וואָרענט מען אים: אויב דו וועסט מקיים זיין דעם „אוקירו לנשייכו״ אויפ׳ן כח־ס חשבון פון מעשר און צדקה, דאַן „חייך שתצטרך להביא אליו את סוטתך״ — שווער איך דיר, אַז דו וועסט דאַרפען ברייינגען צו אים דיין פאַרשייטע פרוי״...



# הפטרה

## טעראָריסטישער שופט אין ארץ ישראל

**ותחל רוח ה׳ לפעמו.**

„חלתה ברכתו של יעקב דכתיב יהי דן נחש עלי דרך", — עס האָט זיך אָנגעהויבען די ברכה פון יעקב, וואָס האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז איינער פון שבט דן וועט זיין ווי אַ שלאַנג אויפ׳ן וועג (סוטה י׳).

מיט דער היינטיגער הפטרה פאַנגט זיך אָן די מערקווירדיגע לעבענס־געשיכטע פון דעם לעצטען אידישען שופט, שמשון הגבור. גאַנצע פיר קאַפיטלען אין ספר שופטים גיבען זיך אָפּ מיט שילדערען זיין מיסטעריעזער געבורט, זיין איבערנאַטירליכען כוח, זיינע טעראָריסטישע אַקטען און זיין טראַגיש־נקמה׳־דיגען טויט. זיינע אויפפירונגען האָבען זיך, אייגענטליך, ניט געפּאַסט פאַר אַ אידישען שופט, זיי האָבען אָבער פיל בייגעשטייערט איינצושרעקען די שונאים פון אידען, און פאַר אַ צייט, פון צוואַנציג יאָר אָפּצושטעלען זייערע רדיפות און ווילדע אָנפאַלען. דער מלאך, וואָס האָט אָנגעזאָגט זיינע עלטערען וועגען זיין געבורט, האָט פאָראויסגעזאָגט: „והוא יחל להושיע את ישראל מיד פלשתים" — אַז ער וועט אָנהויבען צו העלפען די אידען פון דער האַנט פון די פלשתים, און זיין נבואה איז מקוים געוואָרען.

די פאַרשיידענע נקמה־אַקטען, וואָס ער האָט דורכגעפירט קעגען די אידישע אונטערדריקער, האָבען געהאַלטען אין שרעק די אַרומיגע פעלקער און אויך געהויבען דעם אידישען כבוד. צום ערשטען מאָל האָבען זיי פאַר זיך דערזעהן אַ אידען, וואָס גיט קלעפּ און טוט זיי אָן אַלערליי נגישות. ביז דאַן האָבען זיי געהאַלטען די אידען פאַר טרוסען, פאַר שוואַכלינגע, וועלכע בויגן דעם קאָפּ פאַר יעדער תליון, פאַר יעדען הענגמאַן. געוועזען איז געוועזען פאַרבאָטען צו אידען, זאָגאַר שמידען און שלייפערס האָט מען זיי ניט דערלויבט צו האָבען, כדי זיי זאָלען זיך ניט קענען באַוואָפענען. פאַר יעדען גראָב־אייזען אָדער מעסער האָבען זיי געמוזט האָבען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, פון די „סרני פלשתים" — די פּרינצען פון די פלשתים, וואָס האָבען זיך געלאָזט גוט באַצאָלען דערפאַר.

מיט דעם אָנקום פון שמשון האָט זיך די לאַגע געגומען בייטן. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער באַך אין זיין יוגענט אָרגאַניזירט אַ קליינע, אָבער העלדישע, גרופּע פון אונטערגרונט־קעמפּערס, וועלכע האָבען זיך אויפגעהאַלטען צווישען די בערג פון צרעה און אשתאל. העכסט אינטערעסאַנט איז די באַמערקונג פון דעם מדרש. ער טייטשט אויס דעם פּסוק „ותחל רוח ה׳ לפעמו״ — אַז דער רוח פון ג׳ האָט אָנגעהויבען קלינגען צווישען די צוויי שטעט, „קשקש לפניו כזוג״ — עס האָט געקלונגען פאַראויס ווי אַ גלאָק (ילקוט שמעוני). ביז אים האָט מען ווייניג געהערט פון אידישער העלדישקייט. זיי זיינען געווען דערשלאָגענע שבטים, צעוואָרפען איבער׳ן לאַנד און האָבען זיך ווייניג אָנגעקערט איינער מיט דעם אַנדערען.

די טעראָריסטישע אַקטען פון שמשון האָבען געגומען קלינגען איבער׳ן גאַנצען אָריענט און אַרויפגעוואָרפען אַ שרעק אויף די אַרומיגע פעלקער. וואָלטען די אידען זיך דאַן פאַראייניגט און צוגעשטאַנען צום קאַמף, וואָלט גאַנץ מעגליך געווען, אַז די פולע ישועה וואָלט געקומען אין זיין צייט. זיינען אָבער די איבעריגע שבטים געשטאַנען פון ווייטענס און האָבען אים באַטראַכט פאַר אַ טעראָריסט, וואָס גראָבט אונטער דעם אידישען פּרעסטיזש. דער שבט יהודה, וועלכער איז געווען דער גרעסטער פון אַלע אידישע שבטים, האָט זאָגאָר געשיקט אַן אַרמיי פון דריי טויזענט מאַן צו כאַפּען שמשון׳ען און אים איבערגעבען אין די הענט פון די פלשתים. אפילו זיין אייגענער שבט דן, פאַר וועמען ער האָט אַזוי ענערגיש געקעמפּט, איז געשטאַנען פון ווייטענס. זיי איז ניט אָנגעשטאַנען צו לאָזען זיך פירען פון אַן אומבאַוואוסטען יונגענמאַן, דער זון פון אַן אָרימען פאַרמער מיט דעם נאָמען מנוח.

פאַר צוואַנציג יאָר צייט האָט ער אָנגעפירט אַ מין גערילאַ־קריג קעגען די אידישע שונאים, „כנחש עלי דרך״ — ווי אַ שלאַנג אויפ׳ן וועג, פלעגט ער הינטער אַרום זיי באַפאַלען און אָנטאָן גרויס היזקות אין פאַרמעגענס און אויך אין מענשען־לעבענס. אויך זיין לעצטער נקמה־אַקט, ווען ער האָט אומגע־וואָרפען די אַרענאַ, וואו די „סרני פלשתים״ מיט אַלע זייערע האָף־האַרען זיינען אומגעקומען, איז געווען אַ פּערזענליכע שטיק אַרבייט. קיינער האָט אים אין דעם ניט געהאָלפען. ווי די גמרא באַמערקט, אַז בשעת ער איז געפאַלען צוזאַמען מיט די פלשתים, האָט ער מתפלל געווען אָט די תפילה צו ג׳: „זכור לי עשרים שנה ששפטתי את ישראל ולא אמרתי לאחד מהם: העבר לי מקל ממקום למקום״

— געדענק מיר די צוואַנציג יאָר, וואָס איך האָב געמשפט די אידען און האָב קיינמאָל גיט געבעטען איינעם פון זיי, אַז ער זאָל מיר איבערטראָגען אַ שטעקען פון איין פּלאַץ צום צווייטען. אַלץ האָב איך געטאָן אַליין, העלף מיר אויך איצט (סוטה י׳).

מיט זיינע טעראַקטעריסטישע אַקטען האָט ער אָבער געלייגט דעם יסוד פאַר דער ערשטער אידישער מלוכה, וואָס האָט זיך נאָכדעם געגרינדעט דורך שמואל הנביא...

---

ב.

## צופיל פרומקייט האָט די תורה ניט ליב

### ועשה את חטאתי ועל עולתי.

„לא דייך במה שאסרתך תורה אלא שאתה אוסר דברים המותרים, על זה נאמר אַל תצדק הרבה" — פאַר דיר זיינען ניט גענוג די זאַכען, וואָס די תורה האָט פאַרבאָטען — דו ווילסט אויף זיך אסר׳ן אויך אַזעלכע זאַכען, וואָס זיינען דערלויבט. אויף דעם ווערט געזאָגט: זיי ניט צופיל פרום (ירושלמי נדרים פ״ט, רמב״ם דעות פ״ג).

די תורה איז זעהר שטרענג צו „נזירים" — צו מענשען, וועלכע דערווייטערען זיך פון אַלע פאַרגעניגענס און גיבען זיך אָפּ בלויז מיט דינען ג׳. אויסער דעם, וואָס פאַר דער צייט פון זייער „נזירות" טאָרען זיי ניט טרינקען קיין ווייז אָדער עסען סטימולירענדע שפּייזען, וואָס דערמונטערען דעם מענשען, זיינען זיי אויך פאַרבאָטען זיך צו שערען די האָר, כדי זיי זאָלען אויסזעהן ווילד און באַוואַקסען. זיי מוזען זיך אויך אָפּשיידען פון זייערע פאַמיליעס און טאָרען ניט גיין צו די לויות אפילו פון זייערע אייגענע עלטערען. כאָטש דער פסוק זאָגט וועגען אַ נזיר, אַז „כל ימי נזרו קודש הוא לה׳" — אַלע טעג פון זיין אָפּגעזונדערטקייט ווערט ער באַטראַכט פאַר הייליג צו ג׳, אָבער צופרידען מיט אים איז ער אויך ניט. גלייך ווי עס ענדיגט זיך די צייט פון זיינע נזירות הייסט אים די תורה ברייננען דריי פאַרשיידענע קרבנות: אַ קרבן עולה, אַ קרבן

חטאת און אַ קרבן שלמים. מיט אַלע זיינע פרומקייטען ווערט ער דאָך באַטראַכט פאַר אַ חוטא, אַ זינדיגער צו ג׳ און צו מענשען.

מיין פאָטער ע״ה האָט וועגען דעם ענין מיר איינמאָל איבערגעגעבען זעהר אַ שיינעם געדאַנק, וואָס ער האָט געהערט פון רבי יאָשע בער בריסקער זצ״ל: „ווי עס איז באַקאַנט צו אַלע געוועזענע וואָלאָזשינער ישיבה־בחורים, האָט רבי יאָשע בער נישט שטאַרק געהאַלטען פון די, וועלכע זיינען צופיל מחמיר אויף זיך אין פרומקייט, איבערהויפט די עם־הארצ׳ישע פרומקייט. און ער פלעגט זאָגען: „פונקט ווי מען טאָר ניט צופיל נאָכגעבען דעם „יצר הרע״, אַזוי זאָל מען אויך ניט צופיל נאָכגעבען דעם „יצר־טוב״. וואָס צו — איז אומ־געזונט. גיט זיך איינער אָפּ אינגאַנצען מיט׳ן יצר־הרע, באַגייט ער אַלערליי פאַרברעכענס קעגען ג׳ און קעגען מענשען און פאַרדאַרבט דערמיט די געזעל־שאַפט; דאַגעגען, גיט ער זיך אָפּ אינגאַצען מיט׳ן יצר־טוב, ווערט ער כלומר׳שט אַ הימעל־מענש און אַ לא־יוצלח אויף דער ערד, די געזעלשאַפט האָט פון אים קיין נוצען ניט. דאָס אייגענטליך איז דער זין פון „לא תוסיפו ולא תגרעו״ — מען זאָל ניט צולייגען צו די פאַרבאָטען פון דער תורה און ניט מינערען פון זיי.ביידע טויגען אויף כפרות״.

„מיט דעם געדאַנק״, האָט מיין פאָטער אויסגעפירט, „פאַרשטייען מיר פאַרוואָס די תורה האָט אָנגעזאָגט דעם נזיר צו ברייגען גאַנצע דריי קרבנות נאָכדעם ווי ער האָט פאַרענדיגט זיינע נזירות. פון העלער הויט גיט ניט אויף אַ מענש אַלע תענוגים פון דער וועלט און ווערט אַ נזיר; אָדער ער האָט זיך צופיל פאַרטראַכט וועגען „עולם הזה״ און „עולם הבא״ און האָט דערפאַר באַשלאָסען זיך אינגאַנצען אויסצושליסען פון דער וועלט און זיך אָפּגעבען מיט יענער וועלט. אָט צוליב אַזעלכע קרומע מחשבות זאָל ער מקריב זיין אַ קרבן עולה, אַ גאַנץ־אָפּפער, וואָס קומט צוליב „הרהור הלב״, צוליב געדאַנקען, וואָס פירען אים אַראָפּ פון דעם דרך הישר; אָדער ער האָט צופיל געזינדיגט און וויל זיך דערמיט איבערבעטען מיט׳ן רבונו של עולם — דערפאַר זאָל ער ברייגען אַ „קרבן חטאת״, אַ זינד־אָפּפער; און בינו לבינו האָט ער זיך דאָך אויסגעשלאָסען פון דער געזעלשאַפט — צוליב דעם טאַקע זאָל ער אויך ברייגען א „קרבן שלמים״, אַ פרידענס־אָפּפער, כדי זיך איבערצובעטען מיט זיינע מיטמענשען״.

די אידישע אמונה איז אַ רעליגיע פון לעבען, פון געזעלשאַפטליכקייט, און

פאַרטראַגט ניט צופיל פרומקייט, וואָס זונדערט־אָפּ די מענשען פון לעבען, פון דער געזעלשאַפט. ביי אונז אידען זיינען קיינמאָל ניט געווען קיין מאָנאַסטירען מיט מאָנאַכען און מאָנאַשקעס. אפילו אונזער כהן גדול האָט ניט געטאָרט זיין אָהן אַ פרוי. דער זוהר הקדוש וויל האָבען, אַז איינע פון די אורזאַכען, ווארום נדב ואביהו, די עלטערע צוויי זין פון אהרן, זיינען געטויט געוואָרען פון אַ געטליכען פייער, איז געווען, ווייל זיי האָבען זיך אָנטזאָגט צו הייראַטען. ער זאָגט: „מאן דלא נסיב פגום הוא, ולא הוא כדי לאשתכחא ברכן בעלמא על ידו, עליו לא שריין, כל שכן על ידו לאחרים" — דער ניט־פאַרהייראַטער איז פעהלער־האַפט און איז ניט ווערט, אַז דורך אים זאָלען קומען ברכות אויף דער וועלט; אַז די ברכות רוען אויף אים אַליין ניט, ווי קאָנען זיי דען קומען צוליב אים אויף אַנדערע (זוהר שמיני).

אויף ווי וויט אונזערע חכמים זיינען געווען קעגען צופיל פרומקייט, קעגען אַרויפציען אויף זיך פיל חומרות, כדי ניט צופיל הנאה צו האָבען פון דער־וועלט, קאָנען מיר אויסלערנען פון די פאָלגענדע מאמרים, וואָס זיינען בלויז אַ קליינער טייל פון דעם, וואָס זיי האָבען געזאָגט וועגען דעם ענין: „בר בי רב דיתיב בתעניתא ליכול כלבא לשירותו" — אַ בית־מדרש איד, וואָס גיט זיך אָפּ מיט צופיל תעניתים, זאָלען הינט עסען זיינע סעודות (נדרים י' ע"ב). „עתיד אדם ליתן דין וחשבון על כל שראתה עינו ולא אכל" — אַ מענש וועט דאַרפען אָפּגעבען דין וחשבון פאַר אַלץ וואָס זיין אויג האָט געזעהן און געמעגט עסען און ער האָט עס ניט געטאָן צוליב צופיל פרומקייט (ירושלמי קידושין פ"ד). „כל הקץ בחיים טובים בעולם הזה סימן רע לו" — דער וואָס פאַרמיאוס'ט אַ גוט לעבען אויף דער־וועלט, איז עס אַ שלעכטער סימן פאַר אים (תנא דבי אליהו פ"ד). „חבב הקב"ה את ישראל שהוא מצוה אותן שלא יצערו עצמן" — ג' האָט ליב די אידען, ווייל ער פאַרזאָרגט זיי, אַז זיי זאָלען זיך ניט צופיל מצער זיין (ילקוט תורה פ' ראה).

און דער רמב"ם גייט נאָך וויטער און זאָגט: „שמא יאמר אדם: הואיל והקנאה והתאוה והכבוד דרך רעה הן, אפרוש מהן ביותר עד שלא יאכל בשר ולא ישתה יין ולא ישא אשה לא ישב בדירה נאה לא ילבש מלבוש נאה — המהלך בדרך זו חוטא" — טאָמער וועט אַ מענש ביי זיך טראַכטען: ווי באַלד, אַז קנאה, תאוה און כבוד פירען צו שלעכטע וועגען, וועל איך זיך אינגאַנצען דערווייטערען פון זיי און ניט עסען קיין פלייש, ניט טרינקען קיין וויין, ניט

היירֹאַטען, ניט זיצען אין אַ שיינער וואוינונג, ניט אָנטאָן קיין שיינע מלבושים — דער, וואָס גייט אויף אַזאַ וועג, איז אַ חוטא, אַ פאַרברעכער. ניט גענוג פאַר דיר די זאַכען, וואָס די תורה האָט דיר פאַרבאָטען, דו ווילסט נאָך אויף זיך אסר'ן אַזעלכע זאַכען, וואָס מען מעג. ווענען אַזאַ אויפפירונג וואָרענט אונז שלמה המלך: „אַל תצדק הרבה" — זיי ניט צו־פרום (רמב"ם דעות פ"ג).

ב. יאושזאָהן ברייננט צוויי שיינע מעשה'לאַך פון צוויי חסידישע רביים, וואָס ווייזען קלאָר ווי דער חסידיזם האָט אויפגעפאַסט אויף די „וצדקתכ'ס", אויף די צו־פרומע. ער דערציילט:

„צו רבי נפתלי ראָפשיצער איז אַמאָל געקומען אַן עלטערער חסיד, וואָס האָט געפראַוועט סיגופים, געפאַסט הפסקות און געטראָגען אַ זאַק אויפן לייב. ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען, האָט ער אויף דער שוועל צעשפּילעט דאָס העמד, כדי דער רבי זאָל זעהן, אַז ער גייט אָנגעטאָן אַ זאַק אויפ'ן לייב. רבי נפתלי האָט עס באַמערקט און אַ זאָג געטאָן צום שמש: זעה נאָר, אַזאַ אַלטער איד און דער יצר־הרע האָט אים אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין"...

„צו רבי ישראל ריזשינער איז אַמאָל געקומען אַ יונגערמאַן מיט אַ בקשה, ער זאָל אים געבען סמיכה. דער ריזשינער איז גראָד געשטאַנען ביים פענסטער און האָט אַרויסגעקוקט אויפ'ן הויף. ס'איז געווען ווינטער־צייט און דער גאַנצער הויף איז געווען באַדעקט מיט שניי. שטייט לעבען אים דער יונגערמאַן און האַלט אין איין דערציילען וועגען זיין צדקות און סיגופים. ער גייט, רימט ער זיך, אָנגעטאָן בלויז אין ווייסען, כדי מקיים צו זיין דעם „בכל עת יהיו בגדיך לבנים" (צו יעדער צייט זאָלען דיינע קליידער זיין ווייס פון זינד); קיין שום משקה, אַ חוץ וואַסער, קומט אין זיין מויל ניט אַריין; אין די שיך האָט ער טשוועקעס, כדי צו ליידען יסורים; יעדען טאָג, אפילו אין גרעסטען פראָסט, קייקעלט ער זיך אין שניי, און מלקות לאָזט ער זיך יעדען טאָג שלאָגען...

בעת דער יונגערמאַן איז אַזוי געשטאַנען און האָט גערעדט, איז אַרויס אויפ'ן הויף אַ ווייס פערד, צוגעגאַנגען צו דער קאַרעטע און האָט זיך אָנגעטרונקען און דערנאָך זיך אויסגעקאַטשקעט אין דעם שניי.

„זעהסטו, רופט זיך אָן דער ריזשינער צום יונגערמאַן, אָט דאָס דאָזיגע גייט אויך אין ווייסען, נעמט אויך ניט אין מויל קיין שום משקה, אַ חוץ וואַסער, האָט אויך טשוועקעס אין די שיך, קאַטשעט זיך אויך אין שניי, קריגט פון בעל־הבית מער ווי פערציג מלקות אַ טאָג — און נאָך אַלעמען איז עס פאָרט אַ פערד!"...

# הפטרה

## אַ העלד אויפ׳ן שלאַכטפעלט, אָבער אַ פייגלינג אין הויז

**כי נזיר אלקים יהיה הנער מן הבטן.**

„גלוי היה לפני הקב״ה ששמשון יהיה הולך אחר עיניו, לפיכך הזהירו שלא יהיה שותה יין, אלו שתה לא היה לו תקנה בעולם״ — פאַר׳ן אויבערשטען איז געווען אָפען, אַז שמשון וועט נאָכפאָלגען זיינע אויגען און וועלען האָבען אַלץ וואָס ער זעהט. דערפאַר האָט ער אים פאַרבאָטען צו טרינקען וויין. וואָלט ער נאָך גע׳שיכור׳ט, וואָלט פאַר אים קיינמאָל קיין תקנה ניט געווען (במ״ר פ״י).

די מערקווירדיגע געשיכטע וועגען שמשון הגבור, איבער וועמעס געבורט עס ווערט איבערגעגעבען אין היינטיגער הפטרה, פאַנגט זיך אָן מיט דעם טרויעריגען אָנאָנס: „ויסיפו בני ישראל לעשות הרע בעיני ה׳ ויתנם ה׳ ביד פלשתים ארבעים שנה״ — די אידען האָבען געמערט צו טאָן שלעכטס אין די אויגען פון ג׳ און ער האָט זיי איבערגעגעבען אין דער האַנט פון די פלשתים פאַר פערציג יאָר. דער נאַציאָנאַלער געפיל, וועלכען משה און זיין נאָכפאָלגען יהושע, האָבען אַזוי שווער געאַרבייט איינצופלאַנצען אין דעם פאָלק, איז כמעט אינגאַנצען פאַרשוואונדען. די פאַרשיידענע שבטים איבער דעם לאַנד האָבען זיך ווייניג וואָס אָנגעקערט איינע צו די אַנדערע. זעלטען ווען איין שבט איז געקומען צו הילף אַ צווייטען, אויב ער איז געווען אין נויט. אַ פולשטענדיגע אַנאַרכיע האָט געהערשט איבער׳ן לאַנד, אָדער ווי דער פסוק רופט עס אָן: „איש כל הישר בעיניו יעשה״ — יעדער איינער האָט געטאָן וואָס עס איז געפעלען געוואָרען אין זיינע אויגען.

די אַרומיגע פעלקער, ווי „מדין״ און „מואב״, וועלכע האָבען געלעבט פון רויב, האָבען זיך שטאַרק באַנוצט מיט דער אידישער צעריסענקייט און פלעגען פון צייט צו צייט באַפאַלען די שוואַכערע שבטים, אויספלינדערען זייער האָב און גוטס און אָנטאָן גרויס שאָדען אין לאַנד. נאָך ערגער האָבען די אידען געליטען פון זייערע שטענדיגע שונאים, די פלשתים. זיי האָבען ניט נאָר געראַבירט און געמאָרדעט, נאָר זיי האָבען זיי אויך שטאַרק געדריקט פאָליטיש און געזוכט אַזוי ענג צו מאַכען, אַז זיי זאָלען אַנטלויפען פון לאַנד. פון צייט צו צייט פלעגט דערשיינען אַ שטאַרקע פערזענליכקייט פון איין שבט אָדער אַ

צוויטען, וועמען עס פלעגט געליגגען פאר א קורצער צייט צו פאריאגען די שונאים און ווערען דער שופט פון זיין שבט אדער פון עטליכע שבטים. דאס פלעגט אבער ניט לאנג געדויערען. נאך זיין טויט איז די לאגע צוריק געווארען א טרויעריגע און דאס פאלק האט ווידער גענומען ליידען. קייגעם פון די פאר־שיידענע שופטים ביז שמואל הנביא איז ניט געלונגען צו פאראייניגען דאס פאלק און האלטען עס געבונדען אין איין באציע.

דער לעצטער אין דער ריי פון די דאזיגע שופטים איז געווען שמשון הגבור, א מערקווירדיגע פערזענליכקייט, וועמעס געבורט איז איינגעוויקעלט אין א מיסטעריעזען שלייער, און די געשיכטע פון זיין לעבען איז אזא, וואס האט זיך, אייגענטליך, ניט געפאסט פאר א אידישען שופט. גאנצע פיר קאפיט־לאך פון דעם ספר שופטים גיבען זיך אפ מיט שילדערען זיין איבערנאטירליכען כוח, זיינע משונה׳דיגע מעשים און זיין ווּאונדערבארען טויט. כאטש ער האט געהערשט גאנצע 20 יאר, האט ער אבער פאר דער צייט פאליטיש גאנץ ווייניג דערגרייכט. מיט אלע זיינע גבורות, איז אים ניט געלונגען צו פאראייניגען דאס פאלק הינטער זיך. אין קעגענטייל, מאנכע פון די אידישע שבטים האבען אים שטארק באקעמפט. דער שבט יהודה, וועלכער איז געווען דער גרעסטער און מעכטיגסטער פון אלע שבטים, האט זאגאר געשיקט דריי טויזענט מאן צו כאפען שמשון׳ען און אים איבערגעבען אין די הענט פון די פלשתים. אפילו זיין אייגענער שבט דן, פאר וועמען ער האט זיך אנגענומען, איז געשטאנען פון דער וויטענס און האט ניט צוגעלייגט א פינגער צו העלפען אין דעם קאמף.

די שלאכטען, וואס ער האט אנגעפירט קעגען די פלשתים, זיינען ניט געווען קיין געפלאנטע און אויסגערעכענטע. זיי זיינען מערסטענס באשטאנען פון נקמה־אקטען פון פערזענליכע קריוודעס. זיין מאטא איז געווען „נקיתי הפעם מפלשתים״ — איך גיי דאס מאל נקמה נעמען פון די פלשתים, און ער האט שטענדיג געזוכט אויסריידען פאר אזעלכע טאטען. זיין שוואכקייט איז געווען דער „מין היפה״, שיינע פרויען. צוליב א שיינער פרוי האט ער אנגע־הויבען זיינע נקמה־אקטען און צוליב א שיינער פרוי איז ער געפאלען פון זיין גרויסקייט. זיינע פארדינסטען פאר די אידען זיינען באשטאנען אין דורכ־פירען דעם פארשפרעכען פון דעם מלאך צו זיינע עלטערען: „והוא יחל להושיע את ישראל מיד פלשתים״ — ער וועט אנהויבען העלפען די אידען פון דער שווערער האנט פון פלשתים. בלויז אנהויבען, אבער ניט פארענדיגען. די

אַרבייט איז דורכגעפירט געוואָרען פון אמת'ע אידישע פירער, ווי שמואל, שאול און דוד, וואָס זיינען געקומען נאָך אים.

יעדעס פאָלק קריגט דעם פירער, וואָס ער פאַרדינט. אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז באַשטאַנען פון „איש כל הישר בעיניו יעשה", יעדער האָט געטאָן ווי עס איז געפעלען געוואָרען אין זיינע אויגען, איז אויך זייער שופט, זייער פירער, געווען אַזאַ, וואָס „הלך אחר עיניו", ער איז נאָכגעגאַנגען זיינע אויגען, און וועלכע שיינע פרוי ער האָט געזעהן, האָט ער גענומען, ביז איינע פון זיי, די לעצטע, דלילה, האָט אים פאַרדרייט דעם מוח און אים ענדליך איבערגעגעבען צו זיינע פיינט די פלשתים, וועלכע „נקרו את עיניו", האָבען אים אויסגעלעכערט די אויגען און אים בלינד געמאכט.

דער מלאך האָט אָנגעזאָגט זיינע עלטערען, אַז זיין מוטער זאָל בישט טרינקען קיין וויין די גאַנצע צייט פון איר שוואַנגערשאַפט, און אויך, אַז ער אַליין זאָל זיך אָפּהיטען פון טרינקען שטאַרקע געטראַנקען. און דער מדרש באַמערקט אויף דעם, אז דאָס איז פון דער השגחה אַזוי באַשטימט געוואָרען. כאָטש ער איז געווען אַ גרויסער העלד אויפ'ן שלאַכטפעלד, איז ער אָבער געווען א פייגלינג אין הויז, און אויב ער וואָלט נאָך געווען דערצו אַ שיכור אויך, וואָלט ער אפשר געבראַכט גרויסע אומגליקען, וואָס וואָלטען ניט געהאָט קיין תקנה.

---

ג.

## דער משכן — אַ חופּה פאַר דער הייראַט פון ג' מיט די אידען

**ויהי ביום כלות משה.**

„כלות בפתח כתיב ולא כלות בשוא. ביום הקמת המשכן היו ישראל ככלה הנכנסת לחופה" — דאָס וואָרט כלות איז דאָ געשריבען מיט אַ פּתח אונטער'ן „כ", און ניט מיט אַ „שוא", ווייל אין דעם טאָג, וואָס דער משכן איז אויפגעשטעלט געוואָרען, זיינען די אידען געווען געגליכען צו אַ כלה, וואָס ווערט געפירט צו דער חופּה (רש"י).

דאָס צוזאַמענלעבען פון די אידען מיט זייער אמונה ווערט אין דער טראַדיציאָנעלער ליטעראַטור פאַרגעשטעלט אַלס דאָס צוזאַמענלעבען פון אַ מאַן מיט זיין פרוי. „וארשתיך לי באמונה" — מיט דער אמונה, מיט מיין גלויבען האָב איך דיר פאַר׳קנס׳ט צו מיר, זאָגט ג׳. מיט דעם וואָס אידען האָבען מקבל געווען די תורה, האָבען זיי זיך פאַרהייראַט צו דער גאָטהייט. ג׳ האָט מיט דער תורה מקדש געווען דאָס אידיש פאָלק פאַר זיין כלה, ווי אונזערע חכמים זאָגען: „קדש הקב"ה לישראל בסיני, שכך כתוב: לך על העם וקדשתם" — דער אויבער־שטער האָט מקדש געווען די אידען ביים באַרג סיני, ווייל אַזוי שטייט געשריבען אין פסוק: ג׳ זאָגט צו משה׳ן: גיי צום פאָלק און זיי זיי מקדש פאַר מיר (מדרש רבה).

די בעלי הקבלה און איבערהויפט דער זוהר הקדוש האָבען ליב צו רעדען וועגען דער אידישער אומה אַלס אַ פרוי, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט איר אמונה, און זיי מוזען לעבען צוזאַמען, ווי אַ מאַן און פרוי. מיר געפינען, אַז אויך די נביאים זיינען געווען מיט דערזעלביגער מיינונג, ווי דער נביא הושע זאָגט: „והיה ביום ההוא נאום ה׳ תקראי אישי" — און עס וועט זיין אין יענעם טאָג, ווען די אידישע נאַציע וועט אויפגעריכט ווערען, זאָגט ג׳, וועט זי מיך רופען מיין מאַן. אַ מערקווירדיגען מאמר מיט דעמזעלבען געדאַנק געפינען מיר אין דער גמרא: „אמר רב קטינא: בשעה שהיו ישראל עולין לרגל מגללין להם את הפרוכת ומראין להם את הכרובים שהיו מעורים זה בזה, ואומרים להם ראו חבתכם לפני המקום כחבת זכר ונקבה" — רב קטינא זאָגט: ווען די אידען פלעגען עולה־רגל זיין צום בית המקדש, פלעגט מען פאַר זיי אויפוויקלען דעם פרוכת און זיי ווייזען די כרובים, ווי זיי זיינען באַהעפט צוזאַמען, און מען פלעגט זיי זאָגען: זעהט, אַז אייער ליבע צו ג׳ זאָל זיין ווי די ליבע פון מאַן און פרוי (יומא נ"ד ע"א).

די פאָרשטעלונג, אַז קודשא בריך הוא און ישראל זיינען ווי מאַן און ווייב, דריקט אויס דעם הויפט געדאַנק פון דער אידישער רעליגיע. „לא בשמים היא" — די אידישע תורה איז ניט געגעבען געוואָרען פאַר די הימלען. זי איז אַ תורה פון לעבען און זי נעמט אַרום דאָס גאַנצע לעבען אין אַלע פאַזען. צו זיין אַ איד מיינט ניט בלויז צו דאַוונען ווי אַ איד, מען מוז אויך לעבען ווי אַ איד. פונקט ווי מאַן און פרוי זיינען צוזאַמען אין אַלע צייטען און אונטער אַלע אומשטענדען, אַזוי מוז דער איד אויך זיין צוזאַמען מיט זיין אמונה אין אַלע

ציי‌טען און אונטער אַלע אומשטענדען. אַלצדינג וואָס אַ איד טוט, זאָל זיין לויט די פאַרשריפטען פון זיין תורה. אין דעם באַשטייט די אייגענאַרטיגקייט פון אידישען פאָלק, וואָס אונטערשיידט אים פון אַנדערע פעלקער.

„לא ניתנה תורה למלאכי השרת" — די תורה איז ניט געגעבען געוואָרען פאַר די מלאכים אין הימעל (ב"מ פ"ה). זי איז לכתחילה באַשאַפען געוואָרען פאַר דעם מענשען. איר ציל איז צו פאַראייניגען די ערד מיט דעם הימעל, אויסצואיידלען די כאַראַקטערען פון די מענשען, אַז זיי זאָלען ווערען ריין פון זינד, כדי זיי זאָלען קאָנען געניסען פון די אַלע גוטסקייטען, וואָס דאָס לעבען קאָן ברייגגען. ווי טיפזיניג איז די שילדערונג פון דעם מדרש: „בשעה שעלה משה למרום לקבל את התורה" — ווען משה איז אַרויף אויפ'ן הימעל צו נעמען די תורה, „אמרו מלאכי השרת: רבש"ע, חמדה גנוזה שיש לך אתה מבקש ליתנה לבשר ודם?" — האָבען די מלאכים געפרעגט: רבונו של עולם, אַזאַ טייערען אוצר, וואָס דו האָסט, ווילסטו איבערגעבען צו מענשען פון פלייש און בלוט? „אמר לו הקב"ה למשה: החזר להם תשובה" — זאָגט ג׳ צו משה'ן: גיב זיי אַן ענטפער, דערקלער זיי וואָרום די תורה דאַרף געגעבען ווערען צו די מענשען אויף דער ערד.

און משה נעמט זיך אַן אין דעם שטול פון ג׳ און האַלט פאַר זיי פאָל־גענדע לעקציע: „כתוב בתורה אנכי ה׳ אלקיך — כלום אלקים אחרים יש לכם?" — עס שטייט געשריבען אין דער תורה: איך בין דער ג׳ אייער ג׳, זיינען דען דאָ ביי אייך אַנדערע געטער? איר זענט אָפּגעשלאָסען פון דער וועלט און איר וואוינט אין דעם ענגען קרייז פון דער גאָטהייט. איר זאָלט אפילו וועלען זינדיגען, קאָנט איר אויך ניט. וואָס פאַר אַ גוטס קאָן אייך די תורה ברייגגען? מיט וואָס קאָנט איר גרויסמאַכען דעם נאָמען פון ג׳, אַז אייך פעהלט דער „נסיון" פון אָפּהיטען זיך צו דינען אַנדערע געטער? „כלום חלוקה יש לכם, כלום שתי רשויות יש לכם?" — אָדער זענט איר אונטערוואָרפען פאַרשיידענע הערשענדע קולטורען? אייער עקזיסטענץ איז געזיכערט און אייער לעבען איז אַ רוהיגעס (מדרש תנחומא).

די תורה איז ניט געמיינט פאַר די העכערע ברואים, וועלכע געפינען זיך אין די הימלען און זיינען ריין פון פעהלערען. אַזעלכע זיינען אָפּגעשיידט פון לעבען. די תורה איז אָבער אַ „תורת חיים" — אַ תורה פון לעבען, פון שאַפען און אויפטאָן. ווען זיך די וועלט אויפפירען לויט די פאַרשריפטען פון דער

תורה, וועלען אויך די הימלען געשטאַרקט ווערען. איבער אַ לעבעדיגער וועלט קאָנען אויך הענגען לעבעדיגע הימלען; ווערט חרוב די וועלט, פאַלען אויך די הימלען. די תורה איז דער הויפּט תכלית פון דער גאַנצער בריאה, פון ג׳ס אַלע שאַפונגען, און זי איז געגעבען געוואָרען צו די מענשען, כדי צו מאַכען דאָס לעבען פון אַלע באַשעפעניששען וואָס שענער און בעסער.

ביים באַרג סיני איז פאָרגעקומען די קדושין פון דעם אויבערשטען מיט זיין פאָלק ישראל. די חופה איז געשטעלט געוואָרען אין דעם „משכן העדות" — דעם גייסטיגען צענטער, וואו די תורה געפינט זיך. דער זין פון חופה איז, אַז מיט דעם ווערט סימבאָליזירט דער אינטימער קרייז, אין וועלכען דאָס פאַרהייראַטע פּאָרל באַשליסט צו לעבען צוזאַמען און זיך קיינמאָל ניט אָפּשיידען איינע פון די אַנדערע. אַזאַ אינטימער קרייז פאַר די אידען מיט זייער ג׳ זיינען די משכנות, די גייסטיגע צענטערס, וואָס זיי בויען. דאָרט ווערט געשאַפען די ענגע פאַרבינדונג צווישען זייביידען.

ביי דער חתונה פון ג׳ מיט די אידען, זאָגט אונז דער מדרש, זיינען אויך געווען „שני שושבינין", צוויי אונטערפירער — די מלאכים „מיכאל" און „גבריאל" (מדרש תנחומא יתרו). דאָ ווערט אויסגעדריקט אַ העכסט-פילאָזאָפישער געדאַנק: דער מלאך מיכאל ווערט פון די חז״ל באַצייכענט אַלס דער „שר הפנים" — דער באַאַמטער און פאַרוואַלטער איבער די גייסטיגע אוצרות פון די הימלען; דער מלאך גבריאל שטעלט מיט זיך פאָר מוט און פיזישע גבורה. אָט די צוויי מלאכים זיינען אויך געווען די „שושבינין של אדם הראשון" — די אונטערפירער פון דעם ערשטען מענשען, וואָס ג׳ האָט באַשאַפען (מדרש רבה בראשית).

דער מענש צייכענט זיך אויס פון אַלע אַנדערע ברואים מיט דעם, וואָס ער איז „מתחילת בריאתו" — פון זיין אָנפאַנג אָן באַשטימט געוואָרען צו זיין אַ צוזאַמענהאַנג פון הימעל און ערד, פון גייסט און קראַפט. איין אונטערפירער אין זיין לעבען דאַרף זיין דער מלאך „מיכאל", דער גייסטיגער מאָטיוו, ער דאַרף אימער שטרעבען צו ראַפינירען זיין נשמה, צו רעפלעקטירען אין זיין ערדיש לעבען די אידעאַלען פון זיין הימלישער תורה. דער צווייטער אונטער-פירער זאָל זיין דער מלאך „גבריאל" — ער זאָל אויך באַזיצען מוט און זעלבסט-ווירדע, ניט צו לאָזען זיך באַהערשען פון אַנדערע און זיין אונטערטעניג צו די וואונשען פון אַנדערע. דאָס וועט אים מאַכען פריי און זעלבסטשטענדיג. דידאָזיגע

מלאכים זיינען געווען די אונטערפירער צו דער חתונה פון ג׳ מיט די אידען, כדי אַנצודייטען, אַז אויב אידען וועלען נעמען די מלאכים מיכאל און גבריאל פאַר זייערע אונטערפירער אין לעבען, וועט זייער עקזיסטענץ זיין אַ געזיכערטע.

# הפטרה

## שמשון הגבור — אַ מיסטעריעזע פערזענליכקייט

**ותחל רוח ה׳ לפעמו.**

„חלתה ברכתו של יעקב, דכתיב, יהי דן נחש עלי דרך" — עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די ברכה פון יעקב, וואָס האָט וועגען אים געזאָגט, אַז ער וועט זיין ווי אַ שלאַנג אויפ׳ן וועג (סוטה י"ו).

איינע פון די מערקווירדיגסטע פערזענליכקייטען, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער גאַנצער אידישע געשיכטע, איז אָהן צווייפעל די פערזענליכקייט פון „שמשון הגבור". זיין געבורט איז איינגעוויקעלט אין אַ מיסטעריעזען שלייער און די געשיכטע פון זיין לעבען איז פול מיט אומפאַרשטענדליכע דערשיינונגען, אומנאַטירליכע גבורות און העלדישקייטען. גאַנצע פיר קאַפּיטלאך פון דעם ספר „שופטים" גיבען זיך אָפּ מיט שילדערען זיין איבערנאַטירלעכען כוח, זיינע משונה׳דיגע מעשים, די מערקווירדיגע בקמה־אַקטען, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגען די שונאים פון זיין שבט, די פלשתים און פון זיין וואונדערבאַרען טויט, וואָס איז געווען דער פאַסענדער קלימאַקס צו אַן אומפאַרשטענדליך לעבען.

כאָטש זיינע אויפפירונגען זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען זיך, אייגענטליך, ניט געפּאַסט פאַר אַ אידישען פירער, איז ער דאָך געווען אַ שופט איבער אַ טייל פון די אידען פאַר גאַנצע צוואַנציג יאָר און האָט געהאַלטען אין אַ מורא ניט נאָר די גוי׳אישע שכנים, נאָר אויך אַ היפּשען טייל פון די אַרומיגע אידישע שבטים. זיין שוואַכקייט אין געווען דער „מין היפה" — דאָס שיינע געשלעכט. צוליב אַ שיינער גוי׳אישער מיידעל איז ער אריינגעצויגען געוואָרען אין פיל געשלעגען מיט די פלשתים און צוליב אַן אַנדער גוי׳אישער

שיינקייט, דלילה, האָט ער ענדליך פאַרלאָרען זיין גרויסע גבורה און איז געפאַלען אין קאַמף.

איבער זיין גאַנצען מהות, און איבערהויפּט וועגען זיין מערקווירדיגער אויפפירונג, איז דאָ אַ גרויסע „חלוקי־דעות" צווישען די חז"ל. מאַנכע פון זיי רעדען וועגען אים מיט גרינגשעצונג. זיי זאָגען: „גלוי היה לפני הקב"ה ששמשון יהיה הולך אחר עיניו, לפיכך הזהירו שלא יהיה שותה יין" — פאַר דעם איבער־שטעטן איז געווען אָפען, אַז שמשון וועט נאָכפאָלגען זיינע אויגען, וועלכע וועלען אים פאַרפירען אויף שלעכטע וועגען — דערפאַר האָט ער אים פאַרבאָטען צו טרינקען וויין. וואָלט ער נאָך גע'שכור'ט אויך, „לא היה לו תקנה בעולם" — וואָלט פאַר אים קיינמאָל קיין תקנה ניט געווען (במ"ר פ"ו). מאַנכע, דאַגעגען, רעדען וועגען אים מיט גרויס כבוד. זיי זאָגען: „שמשון נקרא על שמו של הקב"ה, שנאמר: כי שמש ומגן ה', אף שמשון מגין בדורו על ישראל" — שמשון האָט זיך גערופען אויף דעם נאָמען פון ג', וועגען וועמען עס ווערט געזאָגט, אַז ער איז אַ זון און באשיצער, אַזוי איז אויך שמשון געווען אַ באַשיצער פון אידען אין זיין דור (סוטה י'). אויף אַלע זיינע ווילדע מעשים האָבען זיי אַ תירוץ פון פסוק, וואָס זאָגט, אַז אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, „מה' היא", איז באַשטימט געוואָרען פון ג', „כי תואנה הוא מבקש מפלשתים" — ווייל ער האָט אימער געזוכט אַ געלעגענהייט צו נעמען נקמה פון פלשתים.

שמשון איז געווען דער זון פון מנוח, אַ שטילער, גאָטספאָרכטיגער איד פון שבט דן, וועלכער האָט געוואוינט אין צרעה, אַ קליין שטעטעל, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט די לענדער פון מואב, מדין און פלשתים. דער שבט דן איז געווען דער קלענסטער און אָרימסטער פון אַלע אידישע שבטים און האָט שטאַרק געליטען פון זיינע גוי'אישע שכנים. די מואבים און מדינים, וועלכע האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט גנבה און גזלה, מיט ראַבירען די שוואַכערע פעלקער אַרום זיי, פלעגען פון צייט צו צייט באַפאַלען די אידען פון דעם שבט דן און אַוועק'גנב'ענען זייערע שאָף און רינדער, ראַבירען זייערע הייזער און אויך נעמען געפאַנגען זייערע טעכטער. די פלשתים, וועלכע זיינען געווען די הויפּט־הערשער פון דער געגענט, האָבען זיי שטאַרק אונטערדריקט פּאָליטיש און פלעגען אויף זיי אַרויפלייגען שווערע צינזען, וואָס האָט זיי שטענדיג געהאַלטען אין אַרמוט און נויט. כדי זיי זאָלען זיך ניט קאָנען באַוואָפענען און זיך שטעלען קעגען, האָבען זיי פאַרבאָטען דעם שבט דן צו האָבען שמידען אָדער שלייפערס,

און פאַר יעדען גראָב־אײַיזען אָדער מעסער האָבען זײ געדאַרפט אָנקומען צו די פלשתים און צאָלען זעהר הויכע פרײַזען.

פיל מאָל האָט זיך דער שבט דן געווענדעט צו די אַרומיגע אידישע שבטים זײ זאָלען זײ קומען צו הילף און פאַרטרײַבען די פרעמדע רויבער און מערדער פון זײערע גרעניצען, אָבער זײערע בקשות זענען קײנמאָל ניט געהערט געוואָרען. די פאַרשײדענע אידישע שבטים, וואָס האָבען זיך באַזעצט אויף בײדע זײטען ירדן, האָבען זיך װײניג אָנגעקערט אײנע צו די אַנדערע. זעלטען ווען אײן שבט איז געקומען צו הילף אַ צווײטען אויב ער איז געווען אין נויט. דער נאַציאָנאַלער געפיל, וואָס משה און זײַן נאָכפאָלגער יהושע האָבען אַזוי שווער געאַרבײט אײַנצופלאַנצען אין דעם פאָלק, איז כמעט אײַנגאַנצען פאַרשוואונדען. אַ פולשטענדיגע אַנאַרכיע האָט געהערשט איבער׳ן לאַנד, אָדער ווי דער פסוק רופט עס אָן: „איש כל הישר בעיניו יעשה״ — יעדער אײנער האָט געטאָן וואָס עס איז געפעלען געוואָרען אין זײַנע אויגען, און האָט זיך װײניג געקימערט פאַר זײַן ברודערליכען שכן.

אין אַזאַ צײַט איז דערשינען שמשון הגבור, וועלכער האָט מיט זײַן איבערנאַטירליכער גבורה אָנגעטאָן פיל צרות די אַרומיגע שונאים און האָט זײ פאַר אַ צײַט פאַרטריבען פון די גרעניצען פון זײַן שבט. מיט אַלע זײַנע גבורות אָבער האָט ער פּאָליטיש גאַנץ װײניג דערגרײכט. טראָץ די גרויסע זיגען, וואָס ער האָט געהאַט, איז אים דאָך ניט געלונגען צו פאַראײניגען דאָס פאָלק הינטער זיך. אין געגענטייל, מאַנכע פון די אידישע שבטים האָבען אים געזוכט צו באַזײַטיגען. דער שבט יהודה, וועלכער איז געווען דער גרעסטער און מעכטיגסטער פון אַלע שבטים, האָט זאָגאַר געשיקט דרײַ טויזענט מאַן צו כאַפּען שמשונ׳ען און אים איבערגעבען אין די הענט פון די פלשתים.

אפילו זײַן אײגענער שבט דן, פאַר וועמען ער האָט זיך אָנגענומען, איז געשטאַנען פון דער ווײַטענס און האָט ניט צוגעלײגט אַ פינגער צו העלפען אין דעם קאַמף. זײַנע נקמה־אַקטען קעגען די פלשתים האָט ער אימער דורכגעפירט אײגענהענטיג. ער פלעגט זײ איבעררעאַשען און ווי אַ „נחש עלי דרך״, ווי אַ שלאַנג אויפ׳ן וועג, באַפאַלען פלוצלינג, אָנטאָן גרויסע חורבנות און אַנטלויפען. אויך זײַן לעצטער נקמה־אַקט, ווען ער האָט אומגעוואָרפען די אַרענא, וואו די „סרני פלשתים״, די הערשער פון די פלשתים מיט אַלע זײערע הויף־האַרען זענען אומגעקומען, איז געווען אַ פערזענליכע שטיק אַרבײט. קײנער פון די

אידען האָט אים דערביי ניט געהאָלפען. אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש איז די תפילה, וואָס ער האָט פאַר׳ן טויט מתפלל געווען. אָננעמענדיג די צוויי פאָסטען, אויף וועלכע די אַרענא האָט זיך אויפגעהאַלטען, האָט ער מתפלל געווען צו ג׳: „זכור לי עשרים שנה ששפטתי את ישראל ולא אמרתי לאחד מהם: העבר לי מקל ממקום למקום״ — געדענק מיר די צוואַנציג יאָר, וואָס איך האָט געמשפט די אידען און האָב קיינמאָל ניט געבעטען איינעם פון זיי, אַז ער זאָל מיר איבערטראָגען אַ שטעקען פון איין פּלאַץ צום צווייטען. אַלץ האָב איך געטאָן אַליין, העלף מיר אויך איצט (סוטה י׳).

ד.

## די צוויי אידישע משכנות

**ויהי ביום כלות משה להקים את המשכן.**

„בשעה שאמר הקב״ה לישראל להקים את המשכן רמז למלאכי השרת שיעשו את המשכן — והוא משכן הנער מטטרון, שבו מקריב נפשותיהם של צדיקים, לכפר על ישראל בימי גלותם״ — ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו די אידען, זיי זאָלען אויפשטעלען דעם משכן, האָט ער אָנגעוואונקען צו די מלאכים אין הימעל, זיי זאָלען אויך מאַכען אַ משכן — דאָס איז דער משכן פון דעם יונג מטטרון, אין וועלכען ער איז מקריב די לעבענס פון די צדיקים, צו פאַרגעבען אויף די אידען אין די טעג פון זייערע גלות׳ן (במד״ר י״ב).

„השמים כסאי והארץ הדום רגלי״ — די הימלען זיינען מיין שטול און די ערד מיין פוס־בענקעל, — זאָגט אונז די השגחה. אין רעליגיע מוז מען אַלץ שטרעבען העכער און העכער. די וועלט, דער טאָג־טעגליכער לעבען איז בלויז אַ „הדום״, אַ פוס־בענקעל פאַר יעדען מענשען צו שטייגען וואָס מער אויף דעם לייטער פון גייסטיגער אַנטוויקלונג, ביז ער זאָל גרייכען דעם „כסא״, דעם באַגריף פון דעם אַלער־העכסטען. אויב מען בויט אַ „משכן״, אַ גאָטעס־הויז אויף דער ערד, מוז זיין הויפּט־ציל זיין צו דערהויבען זיינע באַזוכער צו דעם העכערען משכן, וועלכע די מלאכי השרת האָבען געבויט אין די הימלען. אַ

משכן, וואו די מענשען קומען זיך צוזאַמען בלויז אויסצוגיסען זייער האַרץ פאַר ג׳ און בעטען פאַר זייער געגענוואַרט, פאַר זייערע פאַר צענדליג יאָר, קאָן ניט באַטראַכט ווערען אַלס דאָס הייליגסטע. די אמונה שטייט העכער פאַר דעם היינט, און זי שטרעבט צו אייביגקייט, צו ענדלאָזיגקייט. די גאָטהייט, וואָס ווערט פון אונזערע חז״ל באַצייכענט מיט׳ן נאָמען „שכינה״, וואָס מיינט פאַרוויילונג, רוט טאַקע אין דעם משכן אויף דער ערד, אָבער בלויז אַלס שכן, צייטווייליג. זיין הויפּט „מקום כבוד״ איז אין דעם משכן, אין די הימלען, העכער איבער אַלע מענשליכע באַגריפען.

און דער הימלישער משכן ווערט איבערגעגעבען אין דעם רשות פון „הנער מטטרון״, דער מלאך, וואָס האָט צו זאָגען איבער „יוגענט״, איבער די קומענדע דורות, אין דעם „אחרית הימים״, די וויטע צוקונפט. דער נעכטען און דער היינט, די פאַרגאַנגענע דורות און די געגענוואַרטיגע, זיינען בלויז מאַטעריאַל, פון וועלכען עס דאַרפען געשפונען ווערען די צוקונפטיגע דורות. יעדער דור מוז דערום זיין אַ „הדום״ אַ פוס־בענקעל צו קאָנען גראַדענוויז דערגרייכען צו דעם ציל פון „השמים כסאי״, דער געטלעכער טראָן, וואָס שטייט העכער איבער אַלע שטח׳ן און איבער אַלע באגריפען.

אַ גאָטעס־הויז, וואָס ווערט געבויט אין אַ מדבר, אין דער פרעמד, הייסט אַ משכן, אַ צייטווייליגע דירה פאַר דער שכינה, און איז אויסגעזעצט צו אַלערליי סכנות. מען מוז אים באַשיצען קעגען די אָנגריפען, וואָס ווערען אויף אים געמאַכט פון דער אויסערליכער וועלט, פון די פאַרשטייער פון אַנדערע אמונות, וועלכע זוכען אים אונטערצוברעכען. אויך מוז מען אימער שטיין אויף דער וואַך און זיך ניט אונטערגעבען דעם אינערליכען דרוק, וואָס קומט מערסטענס פון אייגענע, וואָס זיינען פאַרכאַפּט געוואָרען פונ׳ם אויסערליכען גלאַנץ און ווילען נאָכמאַכען זייערע שכנים.

דער פּראָצעס פון צופּאַסונג אין אַלע לענדער פון זייער גלות איז פאַר אידען תמיד געווען דער וויכטיגסטער פּראָבלעם פון זייער לעבען. צו קאָנען זיך איינאָרדענען אין יעדען לאַנד, וואוהין דער שיקזאַל האָט זיי פאַרטריבען, און צו דער זעלבען צייט אויך אָנהאַלטען זייער אידישקייט, — איז געווען זייער גרעסטע זאָרג.

און אין יעדען דור האָבען זיך געפונען צדיקים, פרומע אויפריכטיגע אידען, וואָס האָבען מקריב געווען זייערע לעבענס אין דעם הימלישען משכן,

צו קאָנען אָנהאַלטען די משכנות, די טעמפּלען פון זייער גלויבען אויף דער ערד. מיט אַן עקשנות'דיגען שטאָלץ, וואָס זיין גלייכען איז ניט צו געפינען אין דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער, האָבען זיי אָנגעהאַלטען זייער נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט, זייער אידישקייט, און זיך ניט אונטערגעגעבען. מ'איז געשפּרונגען אין פייער און אין וואַסער, מ'האָט זיך געלאָזט ברענען אויף עפּענט־ליכע אויטאָ־דאַ־פעס, אָבער דעם „שמע ישראל" האָט מען איבעראַל פּראָקלאַמירט אונגעבויט משכנ'ס פאַר זייער גלויבען, פאַר זייער רייכער קולטור.

זיי זיינען תמיד גרייט געווען מקריב צו זיין זייערע נפשות „לכפר על ישראל בימי גלותם", צו דינען אַלס כפרה פאַר די אידען אין זייערע גלות־טעג. מיט מסירת־נפש האָבען זיי אויך געקעמפט קעגען די אייגענע „מרשיעי ברית", וואָס זיינען פאַרכאַפּט געוואָרען פון קולטורען און מנהגים פון די לענדער פון זייער גלות, און האָבען געוואָלט אַריינברענגען נייע ווענדונגען אין דעם אידישען לעבען.

אַ דאַנק דער אָפּפערווילליגקייט פון אָט דעם הייפעלע „צדיקים", איבער־צייגטע אידען, און די גרויסע קרבנות, וואָס זיי האָבען געבראַכט אין דעם „משכן" פון „הנער מטטרון", צו ראַטעווען די אידישע יוגענט פון אונטערגאַנג, זיינען מיר געבליבען לעבען ביז היינטיגען טאָג. אויב אונזערע משכנות אויף דער ערד וועלען זיין געריכטעט צו דערהויבען אונזערע קינדער אויף אַן אַמת'ער אידישער הויך, איז דער עתיד פון אונזער פאָלק אַ געזיכערטער.

„וכפר עליו מאשר חטא על הנפש" — עס זאָל אים פאַרגעבען ווערען פאַר דעם וואָס ער האָט געזינדיגט קעגען זיין נפש. „נזיר חוטא הוי, וכי באיזה נפש חטא זה? אלא שציער עצמו מן היין", — אַ נזיר איז אַ זינדיגער, ווייל קעגען וועמען האָט ער דאָ געזינדיגט, אויב ניט קעגען זיך אַליין, ווייל ער האָט זיך באַשטראָפט ניט צו טרינקען וויין (נדרים י' ע"א).

כאָטש די תורה פאַרלאַנגט פון די אידען, אַז „קדושים תהיו", הייליג זאָלט איר זיין, ווערט אָבער דערמיט ניט געמיינט, אַז זיי זאָלען זיך דערווייטערן פון אַלע פאַרגעניגענס און זיך אָפּגעבען בלויז מיט דינען ג'. „ובחרת בחיים, למען תחיה" — דו זאָלסט אויסדערוויילען דאָס לעבען, כדי דו זאָלסט קאָנען געניסען פון לעבען. די אידישע רעליגיע זוכט ניט שווער צו מאַכען דעם מענשענ'ס לעבען, זי פאַרלאַנגט ניט פון אים, ער זאָל פייניגען זיין גוף און האַלטען אין איין קאָרמענען זיין נשמה מיט תעניתים און תפילות.

„בר בי רב דיתיב בתעניתא ליכול כלבא לשירותי", — א בית־מדרש־איד, וואָס גיט זיך אָפּ מיט תעניתים, זאָלען היבט עסען זיינע סעודות (שם ע"ב). אין קעגענטייל, די אדישע רעליגיע וויל, אַז דער מענש זאָל הנאה האָבען פון לעבען. אויף די חוקים און משפטים פון דער תורה ווערט געזאָגט „וחי בהם", דו זאָלסט לעבען מיט זיי, און אַ לעבען אָהן פאַרגעניגענס איז קיין לעבען ניט. „פאַראַן נאַרישע פרומאַקעס", פלעגט זאָגען ר' ברוך מעזשיבוזשער ע"ה, „וואָס אָנשטאָט אויסצובעסערען זייערע מידות און היילִיגען זייערע מחשבות, פייניגען זיי דעם גוף מיט תעניתים און פאַסטען אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג; אָט אַזעלכע מענשען זיינען געגליכען צו יענעם פויער, וואָס אַליין זיצט ער אין קרעטשמע און שיכור'ט, אָבער דאָס פערד האַלט ער אין דרויסען צוגעבונדען צו דער וואַנט און לאָזט אים הונגערן".

אונזערע חז"ל האַלטען מער פון אַ אידען, וואָס לעבט פון אַרבייט, איידער פון די, וואָס גיבען זיך אָפּ מיט „יראת־שמים" און פרומקייט. זיי זאָגען: „גדול הנהנה מיגיעו יותר מירא־שמים", דער, וואָס לעבט פון זיין אייגענער מי, איז גרעסער פאַר דעם, וואָס האָט מורא פאַר ג' (ברכות ח'). אַ מענשען, וואָס לעבט פון יראת־שמים, איז אַ סך לייכטער צו טראָגען זיין אידישקייט ווי דעם מאַנופעקטשורער, דעם געשעפטסמאַן, אָדער דעם אַרבייטער. אַזעלכע מענשען קומען טאָג־טעגליך אין צוזאַמענשטויס מיט אויסערליכע דרוקען, וואָס זיינען מאַנכעסמאָל קעגען די אידישע לערען און פרינציפּען. זיי האָבען אַ סך נסיונות בייצושטיין, און אויב זיי בלייבען אויסגעהאַלטען אין זייער אידישקייט, איז זייער שכר פיל גרעסער.

„ואכלת ושבעת וברכת", — עס צו זאַט און בענש. לעב ווי אַ מענש און זיי אַ איד, — דאָס איז דער וואונש פון דער תורה; און אַז אייבער וויל ווערען אַ „נזיר" און זיך אָפּזונדערען פון אַלע מענשליכע פאַרגעניגענס, דענקענדיג, אַז אַזוי וועט ער בעסער קאָנען דינען ג', רופען אים אָן די חז"ל „חוטא הוי", ער איז אַ זינדיגער, ווייל ער טויט אָפּ זיין אייגענעם מענש אין זיך מיט דעם, וואָס ער פייניגט אָפּ זיין גוף און פאַרווערט אים צו טרינקען וויין, אָדער אַנדערע גע־שמאַקע זאַכען.

# הפטרה

## די דערציהונג פון אַ אידישען פירער

**ואַל תאכלי כל טמא.**

„עד השתה דברים טמאים קא אכלה? דבי רבי אמרי, דברים האסורים בנזיר״, — ביז איצט האָט זי דען געגעסען אומרייגע זאַכען? אין רבי׳ס בית־מדרש האָט מען דערקלערט, אַז דאָס מיינט אַזעלכע זאַכען, וואָס אַ נזיר טאָר ניט עסען (סוטה ט׳ ע״א).

לויט דער טראַדיציע איז דער גאַנצער אידישער געדאַנק, מיט אַלע זיינע צוקונפטיגע אַנטוויקלונגען, געגעבען געוואָרען דאָס אידיש פאָלק אויפ׳ן באַרג סיני. „מה שהנביאים עתידים להתנבאות בכל דור קבלו מהר סיני״, — וואָס די נביאים וועלען אין דער צוקונפט פראָפעצייען פאַר יעדען דור, האָבען די אידען מקבל געווען ביים באַרג סיני (שמו״ר כ״ח). די תורה איז דער תמצית פון דער אידישער וועלט־אַנשויאונג; אַלץ, צו וואָס די אידישע געלערנטע און נביאים קאָנען זיך דערטראַכטען, איז אַנגעדייט אין דער תורה. די נביאים, און נאָכדעם די תנאים און אמוראים פון אונזער „תלמוד״, האָבען ניט מוסיף געווען, אָדער צוגעלייגט נייע געדאַנקען צו דער תורה. אַלץ, וואָס זיי האָבען אויפגעטאָן, איז געווען צו געבען אַ פירוש איבער אירע ווערטער, אויסצוברייטען זייער מיין און אויפדעקען די באַהאַלטענע כוונות, וואָס אין זיי געפינט זיך.

אום צו געבען די אידען אַ טיפערען באַגריף איבער די געדאַנקען, וואָס ווערען אויסגעדריקט אין דער „פרשת השבוע״, די סדרה פון דער וואָך, האָבען אונזערע חז״ל איינגעאָרדענט, אַז נאָך „קריאת התורה״ זאָל מען אויך פאָרלייענען אַ „הפטרה״, וועלכע איז אַרויסגענומען פון די נביאים, וואו עס ווערט רעאַגירט איבער מאַנכע פון די הויפט־ענינים, וואָס ווערען באַהאַנדעלט אין דער סדרה, אום צו מאַכען זיי מער פאַרשטענדליך.

פאַר דער סדרה „נשא״ האָבען די „מסדרי ההפטרות״ אויסגעקליבען דעם 13טען קאַפיטעל אין „שופטים״, וואו עס ווערט דערציילט וועגען דער געבורט פון „שמשון הגבור״, וועלכער איז באַשטימט געוואָרען פון דער גאָטהייט צו זיין אַ „נזיר אלקים — עד יום מותו״, אַ געטליכער נזיר ביז דעם טאָג פון

זיין טויט. לויט דעם געדאַנק, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין דער תורה, איז אַ נזיר איינער, וואָס ווערט פּלוצלינג באַהערשט פון אַן עקסטרעם רעליגיעזען גייסט, שיידט זיך אָפּ פון געוויסע פאַרגעניגענס און נעמט אויף זיך אַרויף אַ צאָל באַגרעניצונגען, כדי ער זאָל זיך קאָנען מער אָפּגעבען מיט דינען ג׳. אַזעלכע מענשען זיינען ניט שטאַרק ווילקאָמען פאַר אונזערע חז״ל, וועלכע האָבען פאַרשטאַנען די תורה צו זיין אַ „תורת חיים״, וואָס לערנט דעם מענשען, ווי ער זאָל קאָנען הנאה האָבען פון לעבען.

די נזירות פון שמשון הגבור אָבער, איז באַאויפטראָגט געוואָרען פון דעם אויבערשטען אַליין, ווייל ער האָט אים באַשטימט דורכצופירען אַ געוויסע מיסיע, אין וועלכער דאָס פאָלק האָט זיך דאַן גענויטיגט. „והוא יחל להושיע את ישראל מיד פלשתים״, מיט זיין העלדישער גבורה וועט ער אָנפאַנגען צו העלפען די אידען פון די פלשתים׳ס הענט און זיי באַפרייען פון זייער שווערען דרוק. אַזאַ מענש מוז זיין פאַרשידען פון אַלע אַנדערע, און זיין דערציהונג מוז זיך אָנפאַנגען נאָך איידער ער ווערט געבוירען, „מן הבטן״, נאָך אין זיין מוטער׳ס בויך מוז זיך אָנהויבען די פאָרמירונג פון זיין שטאַרקען כאַראַקטער, כדי ער זאָל ראוי זיין פאַר זיין געטליכער אויפגאַבע.

ניט נאָר מוז זיין די דערציהונג פון אַזאַ קינד שטרענג נזירות׳דיג, שטרענג אָפּגעהיט פון זיין געבורט אָן, נאָר אויך פריהער, ווען זיין מוטער טראָגט אים נאָך, זאָל זי זיך אָפּהיטען פון צו טאָן געוויסע זאַכען, אָדער עסען און טרינקען אַזעלכע שפּייזען און געטראַנקען, וואָס זיינען „אסורים לנזיר״, פאַרבאָטען פאַר איינעם, וואָס איז באַשטימט צו זיין אַ פירער ביי אידען.

אינטערעסאַנט איז, אַז די גמרא אין נזיר (ס״ו) לערענט די ווערטער „ומורה לא יעלה על ראשו״, וואָס מיר פאַרטייטשען אַ גאָל־מעסער זאָל ניט אַריבער איבער זיין קאָפּ, אַזוי ווי עס וואָלט געשריבען געוואָרען „ומורא״ מיט אַן אַלף נאָכ׳ן ריש, וואָס איז דער טייטש פורכט, שרעק. און דער געדאַנק איז, אַז אַ מענש וואָס איז באַשטימט צו זיין אַ קעמפער פאַר זיין פאָלק, מוז זיין אומדערשראָקען, שטאָלץ און מוטיג, כדי די אידען זאָלען פאַר אים דרך ארץ האָבען, און די שונאים זאָלען פאַר אים מורא האָבען.



ה.

# אַז עס פעלט דאָס פּינטעלע איד

**ויקריבו הנשיאים את קרבנם לפני המזבח.**

„בשעה שאמר משה כל נדיב לב יביאו תרומת ה׳ למלאכת המשכן, ולא אמר לנשיאים, היה רע בעיניהם — משום שנתעצלו חיסר אות משמם, שכן כתוב הנשיאם חסר יוד״ — ווען משה האָט אויסגערופען, אַז יעדער מיט אַ פרייגעביג האַרץ זאָל ברענגען אַ נדבה פאַר דער אַרבייט פון משכן, און ער האָט זיך ניט געווענדעט צוערשט צו די נשיאים, האָט עס זיי פאַרדראָסען. ווייל זיי האָבען זיך צוגעפוילט צו ברענגען זייערע נדבות אין צייט, האָט ער ביי זיי אַרונטערגענומען אַן אות פון זייער נאָמען. אין דעם וואָרט נשיאם אין דעם פסוק פעלט דער בוכשטאַב יוד (במ״ר י״ב).

אַט אַזוי איז שוין ב״ה אימער מיט אונזערע נשיאים, די רייכע לייט, זיי איילען זיך ניט מיט זייערע נדבות, אַז מען קומט צו זיי און מען לייגט פאַר זיי פאַר די נויטווענדיגקייט פון בויען אַ געוויסען פאָלקס־מוסד, אָדער לערן־אַנשטאַלט, הערען זיי זיך צוערשט גאַנץ ווייניג צו. קוים אָבער הויבט דער עולם אַן קלייבען נדבות צווישען זיך און בויען דעם אַנשטאַלט, וואָס זיי האַלטען פאַר וויכטיג, ווערען די נשיאים, די זאָגענאַנטע פילאַנטראָפּען, ברוגז וואָרום מען האָט עס געטאָן אָהן זייער צושטימונג. ווען זיי זעהן אָבער, אַז דער אַנשטאַלט ווערט דאָך געבויט, און ניט־וועלענדיג פאַרלירען זייער פּרעסטיזש אַז עטוואָס וויכטיגעס ווערט געטאָן אין זייער קהילה אויך אָהן זייער באַטייליגונג, קומען זיי מיט זייערע גרויסע נדבות און פאַרלאַנגען פאַר זיך גרויס כבוד און פּובליסיטי.

לכתחילה האָט משה געצעגערט, צי זאָל ער אָננעמען די נדבות פון די נשיאים. „באו ועמדו לפני המשכן ולא קבל מהם״ — זיי זענען געקומען און געוואַרט אַ צייט פאַר דעם משכן, אָבער משה האָט אַלץ ניט געוואָלט פון זיי נעמען דאָס וואָס זיי האָבען איצט געבראַכט. די אידען האָבען זיך אַזוי וואָרעם אָפּגערופען מיט זייערעביישטייערונגען פאַר דעם משכן, אַז זיינע אויפזעהער האָבען אים איינפאָרמירט: „מרבים העם מהביא מדי העבודה״ — דאָס פאָלק ברענגט מער וויפיל עס איז נויטיג פאַר דער אַרבייט. כאָטש זיי האָבען שוין אויפמערקזאַם געמאַכט די אידען, אַז זיי האָבען גענוג, הערען זיי אָבער ניט,

„והם הביאו נדבה בבוקר בבוקר" — און זיי ברענגען נאָך אַלץ זייערע נדבות יעדען פרימאָרגען. משה איז געווען געצוואונגען אויסצורופען אין דער גאַנצער אידישער מחנה: „איש ואשה אל יעשה עוד מלאכה לתרומת הקודש" — קיינער זאָל מער ניט טאָן קיין ארבייט פאַר דעם הייליגען צוועק.

משה איז געווען אַזוי שטאָלץ אויף די נדבות פון פאָלק, אַז ער האָט איינגאַנצען געצווייפעלט אויב עס איז גאָר ראַטזאַם אָנצונעמען וואָס די נשיאים האָבען געבראַכט. ער האָט זיי אויך געוואָלט ווייזען, אַז דער משכן, וואָס די אידען האָבען געבויט פאַר ג' צו קאָנען וואוינען צווישען זיי, איז אויפגעבויט געוואָרען אינגאַנצען פון דיביישטייערונגען פון דעם פשוט'ן עולם, אָהן דער באַטיילונג פון די רייכע, וואָס האָבען לכתחילה ניט געוואָלט צושטיין צו דער אַרבייט.

זעהענדיג די גרויסע וועגענער מיט גאָלד און זילבער, וואָס זיי האָבען געבראַכט, האָט ער זיך אויך געשראָקען, אַז זיי זאָלען ניט וועלען פאַרכאַפּען די פירערשאַפט. ווי דער שטייגער איז פון די גרויסע פילאַנטראָפען, כאָטש זיי קומען אימער די לעצטע, זוכען זיי אָבער מיט דעם כוח פון זייער געלט אַרויס־צושטופען די יעניגע וואָס האָבען צוערשט אַוועקגעלייגט זייערע כוחות די זאַך דורכצופירען און ווילען אַליין ווערען די הויפט דעה־זאָגער.

און ניט נאָר ווילען זיי פאַוואַלטען די אידישע אינסטיטוציעס ווי זייער האַרץ גלוסט און באַלעבאַטעווען איבער אַלעס און אַלעמען, זיי פאַרבייטען אויך גאַנץ אָפט די הויפט־צוועקען און צילען פאַר וועלכע זיי זענען געגרינדעט געוואָרען. דערפאַר זעהען מיר טאַקע, איבערהויפט ביי אונז אין אמעריקע, וויפיל פון די אידישע אינסטיטוציעס זענען געוואָרען פון כשר טריף. צדקה־אַנשטאַלטען, וואָס זענען לכתחילה געשאַפען געוואָרען מיט דעם צוועק צו באַפרייענדען דעם נויטבאַדערפטיגען, ווערען פאַרוואַלטעט פון גלייכגילטיגע „סאָשל וואָירקערס", וואָס טיילען אויס זייער טשאַריטי מיט'ן קאָפּ און ניט מיט'ן האַרצען. זיי פילען ניט מיט דעם אָרימאַן, נאָר זיי מאַכען גרינטליכע און לאַנגע אינוועסטיגיישאַנס און נאָכפאָרשונגען, און ביז דער אָרימאַן קריגט פון זיי דאָס ביסעל נחמה גייט פון אים אַרויס די נשמה.

אויך די תלמוד תורות און אידישע לערן־אַנשטאַלטען, וואָס זענען אויס־דריקליך געגרינדעט געוואָרען פון דעם פשוט'ען המון מיט דעם צוועק צו לערנען אידישע קינדער תורה־אידישקייט, אויב זיי פאַלען אַריין צו די

רייכע אין די הענט, ווערען זיי, אונטער זייער ממשלה, פאַרוואַנדעלט אין „היברו סקולס", וואו עס ווערט געלערענט אידישקייט אויפ'ן שפיץ מעסער, און פון דער גאַנצער תורה, וואָס אַ קינד קריגט דאָרט, שטעלט זיך אים גאַנץ ווייניג אָפּ.

אָט צוליב די אורזאַכען האָט משה שטאַרק געצווייפעלט צי זאָל ער אינגאַנצען אָננעמען די נדבות פון די נשיאים. דער אויבערשטער אָבער האָט אים באַפוילען: „קח מאתם", נעם פון זיי, און ער האָט זיך ניט געקאָנט העלפען. ער האָט געמוזט אָקצעפּטירען זייערע נדבות און זיי נאָך צוטיילען גרויס כבוד. ער האָט זיי אָבער אויף אַ גאַנץ איידעלען אופן געטאַדעלט: אַריינשרייבענדיג די געשעעניש אין דער תורה, האָט ער אין זייער נאָמען „נשיאים" אויסגעלאָזען דעם בוכשטאָב יוד. מיט דעם האָט ער אָנגעדייט, אַז צוליב דעם וואָס די רייכע זענען פאַרטאָן אין געלט מאַכען, פוילען זיי זיך צוערשט אָנטיילצונעמען אין אידישע אינטערעסען. עס פעלט זיי דאָס פּינטעלע „יוד", און דערפאַר האַלטען זיי זיך גרויס און וואַרטען פאַר כבוד.

---

# הפטרה

## וואָרום דער קאַמף מיט די פלשתים האָט זיך פאַרצויגען

**והוא יחל להושיע את ישראל מיד פלשתים.**

בתור התחלה היו נצחונות שמשון התחלה טובה, אבל הנצחון האמתי היה על ידי שאול ודוד" — די נצחונות פון שמשון זענען בלויז געווען אַ גוטער אָנהויב, דער אמת'ער נצחון איז ערשט געקומען דורך שאול און דוד (אוצר השמות).

אין מדרש ווערט איבערגעגעבען, אַז ווען משה האָט געלאָזט אויסרופען, אַז יעדער מיט אַ פרייגעביג האַרץ זאָל ברענגען אַ נדבה צו ג' פאַר דער אַרבעט פון דעם משכן, און האָט זיך ניט געווענדט צו די נשיאים, די רייכע לייט, „היה רע בעיניהם", האָט עס זיי פאַרדראָסען. „אמרו יביאו העם מה שיביאו", זיי האָבען געזאָגט: זאָל דאָס פאָלק ברענגען וויפיל עס קאָן, מיר וועלען זעהן אויף וויפיל זייערע נדבות וועלען קלעקען (במ"ר י"ב). ערשט נאָכדעם, אַז דער

משכן איז פאַרענדיגט געוואָרען דורך די נדבות פון די אָרימע מאַסען, זענען זיי געקומען מיט זייערע גרויסע נדבות.

איינע פון די אורזאַכען וואָרום די מסדרים פון די הפטרות האָבען פאַר דער פרשה נשא אויסגעקליבען אַלס הפטרה דעם דרייצענטען קאַפּיטעל אין שופטים, וואו עס ווערט דערציילט וועגען דעם געבורט פון שמשון הגבור, דער־קלערען מאַנכע פון די דרשנים, איז כדי צו ווייזען, אַז די אידישע ישועה איז ניט אָפּהענגיג דוקא פון די רייכע. פון דעם אָרימסטען און שוואַכסטען שבט אין יענער צייט, דער שבט דן, איז אויפגעשטאַנען אַ אידישער העלד, וואָס האָט פאַר גאַנצע צוואַנציג יאָר געצאַמט די פלשתים, וואָס האָבען אָנגעטאָן די אידען גרויסע צרות.

די מערקווירדיגע געשיכטע וועגען שמשון הגבור, זיין לעבענס־באַשריי־בונג, זיין איבערנאַטירליכער כוח און זיין וואונדערבאַרער טויט פאַרנעמען גאַנצע פיר קאַפּיטלעך פון דעם ספר שופטים. זיין ערשטע הייראַט צו אַ פרוי פון די פלשתים און זיין גרויסע ליבע צו דער זונה דלילה זענען ווייט ניט פאַסענד פאַר אַ אידישען שופט. און דער מדרש באמערקט טאַקע: „גלוי היה לפני הקב״ה ששמשון יהיה הולך אחר עיניו, לפיכך הזהירו שלא יהיה שותה יין״ — פאַר דעם אויבערשטען איז געווען אָפען, אַז שמשון וועט נאָכפאָלגען זיינע אויגען און וועלען האָבען דאָס וואָס ער זעהט, דערפאַר האָט ער אים פאַרבאָטען צו טרינקען וויין. וואָלט ער נאָך גע׳שכור׳ט „לא היה לו תקנה בעולם״, וואָלט פאַר אים קיינמאָל קיין תקנה ניט געווען (במ״ר פ״י). דער פסוק זאָגט אָבער „מה׳ היא״, אַז אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז באַשטימט געוואָרען פון ג׳, „כי תואנה הוא מבקש מפלשתים״, ווייל ער האָט אימער געזוכט אַ געלעגענ־הייט צו נעמען נקמה פון די פלשתים.

איין זאַך אָבער איז שטאַרק אויפפאַלענד. אין אַלע דערציילונגען און געשעענישען, וואָס ווערען איבערגעגעבען וועגען זיינע פאַרשידענע קאַמפען, וואָס ער האָט אָנגעפירט קעגען די פלשתים, געפינט זיך ניט איין באַווייז, אַז די אידען זאָלען אים האָבען געהאָלפען. אפילו זיין אייגענער שבט דן, פאַר וועמען ער האָט זיך אָנגענומען, איז געשטאַנען פונדערווייטענס און האָט ניט צוגעלייגט אַ פינגער צו העלפען אין דעם קאַמף. דער שבט יהודה, וועלכער איז געווען דער גרעסטער און מעכטיגסטער פון אַלע שבטים, האָט זאָגאַר

געשיקט דריי טויזענט מאַן צו כאַפּען שמשון׳ען און אים איבערגעבען אין די הענט פון די פּלשתים.

אַלע שטרייטען, וואָס שמשון האָט דורכגעפירט קעגען די פּלשתים, זענען געווען נקמה־אַקטען פאַר בגישות וואָס זיי האָבען אים פּערזענליך פאַרשאַפט. אַז זיי האָבען פאַרברענט זיין שווער׳ס הויז צוליב דעם וואָס זיין פרוי האָט זיי ניט איבערגעגעבען דעם ענטפער צו א רעטעניש וואָס ער האָט זיי געפרעגט, איז שמשון געוואָרען אויפגערעגט און געזאָגט: „נקיתי הפעם מפלשתים" — איך גיי איצט נעמען נקמה פון די פּלשתים. ער האָט געפאַנגען דריי הונדערט פוקסען, צוזאַמענגעבונדען זייערע עקען מיט אַ ברענענדיגען פאַקעל און זיי געלאָזט לויפען איבער די פעלדער פון די פּלשתים, אַזוי אַרום האָט ער פאַר־ברענט און פאַרניכטעט פיל פון זייער תבואה. אַז די פּלשתים האָבען אים נאָכהער באַפאַלען, האָט ער פון זיי אויסגע׳הרג׳עט אַ גרויסע צאָל מענשען. אויך זיין גרויסער זיג איבער די פּלשתים אין „רמת־לחי", ווען ער האָט זיי צעשלאָגען און פאַריאָגט פון דעם אידישען גרעניץ, איז אויך געווען דער רעזולטאַט פון אַ פערזענליכען קאַמף, אָהן דער מיטהילף פון קיינעם. זיין לעצטער נקמה־אַקט איז געווען, ווען ער האָט זיך אָפּגערעכענט מיט די הארען פון די פּלשתים, וועלכע האָבען אים אויסגעשטאָכען די אויגען נאָך אַ פאַרראַט פון זיין געליבטער דלילה. ווען זיי זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין דעם הויז פון זייער אָפּגאָט „דגון" און האָבען אַרויסגעפירט דעם בלינדען שמשון, כדי פון אים אָפּצושפּאָטען אין דער עפענטליכקייט, האָט ער זיך אָנגעהאַלטען אָן די סלופּען פון דעם הויז און מיט אַלע זיינע כוחות זיי אומגעוואָרפען. דאָס הויז איז איינגעפאַלען אויף אַלע פאַר־זאַמעלטע, און דער פּסוק זאָגט, אַז ביי זיין טויט האָט שמשון אויסגע׳הרג׳עט מער פון די פּלשתים ווי ביי זיין לעבען.

און אַט אַזוי האָט געלעבט און געשטאָרבען דער גרויסער אידישער העלד שמשון הגבור. פאַר צוואַנציג יאָר צייט האָט ער אייגענהענטיג אָנגעפירט אַ קאַמף מיט די אידישע שונאים און זיי געהאַלטען ווייט פון דער אידישער שכונה. וואָלטען די שבטים קאָאָפּערירט און צוגעשטאַנען צום קאַמף, וואָלטען אפשר די פּלשתים נאָך דאַן באַזיגט געוואָרען און דאָס אידישע לאַנד וואָלט אַ סך פריער באַפרייט געוואָרען פון אירע דריקער. איז אָבער די פּאָליטישע לאַגע פון די אידען דאַן געווען אין אַ צעריסענעם מצב. איבער׳ן לאַנד האָט געהערשט אַ מין אַנאַרכיע, ווי דער פּסוק רופט עס אָן: „איש כל הישר בעיניו יעשה" —

יעדער איינער האָט געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. די שבטים זענען געווען אָפּגעזונדערט איינע פון די אַנדערע. עס האָט געפעלט דאָס באַציאַנאַלע געפיל, און די אַרומיגע פעלקער האָבען זיך שטאַרק באַנוצט מיט דער צעריסענקייט און אונטערדריקט די שוואכערע שבטים.

די נבואה פון דעם מלאך איז מקוים געוואָרען. ער האָט געזאָגט צו די עלטערען פון שמשונ׳ען, אַז זייער זון וועט אָנפאַנגען העלפען די אידען פון דער האַנט פון פלשתים. זיינע פאַרשידענע קאַמפּען, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיי, האָבען פאַר אַ צייט אָפּגעשטעלט די רדיפות. אינגאַנצען באַזיגען זיי האָט ער ניט געקאָנט, ווייל אים האָט געפעלט די קאָאָפּעראַציע פון פאָלק. דער אמת׳ער זיג איבער די פלשתים איז ערשט געקומען אין די צייטען פון די אידישע קעניגען שאול און דוד.



# בהעלותך

## א.

## ווען שטייגט דאָס ליכט פון דער אידישער מנורה?

**וזה מעשה המנורה.**

„נטל הקב״ה מטבע של אש והראה לו עשייתה. אף על פי כן נתקשה על משה. אמר לו הקב״ה לך אצל בצלאל והוא יעשה אותה. ירד משה ואמר לבצלאל ומיד עשאה. התחיל משה תמה ואומר: כמה פעמים הראה לי הקב״ה ונתקשיתי לעשותה, ואתה שלא ראית אותה עשית מדעתך, בצל אל היית״ — דער אויבערשטער האָט גענומען אַ פייערדיגע געשטאַלט פון דער מנורה און האָט עס געוויזען משה׳ן. דאָך איז עס געווען שווער פאַר אים צו פאַרשטייך. זאָגט ג׳ צו אים: גיי צו בצלאל׳ן און ער וועט עס מאַכען. איז משה אַרונטער און האָט זיך געווענדעט צו בצלאל׳ן, און גלייך האָט ער די מנורה געמאַכט. האָט משה אָנגעהויבען זיך וואונדערען און געזאָגט: וויפיל מאָל האָט מיר דער אויבערשטער געוויזען ווי עס צו מאַכען און פאַר מיר איז דאָס געווען קשה. אָבער דו, ניט זעענדיג, האָסט עס געמאַכט מיט דיין אייגענעם פאַרשטאַנד. קענטיג, אַז דו ביסט געשטאַנען אין שאָטען פון דער גאָטהייט, און דערפאַר הייסטו בצלאל (מדרש תנחומא).

לויט אונזערע חז״ל, איז די מנורה אַ גייסטיג בילד פון דעם אידישען פאָלק. דאָס ליכט, וואָס שיינט אַרויס פון אירע רערען, סימבאָליזירט דעם „נר אלקים נשמת אדם״, די מענשליכע נשמה, וואָס איז גאָט׳ס ליכט, אויך דעם „תורה אור״, די ליכט פון זיין תורה און זיין אמונה. די זיבען רערען פון דער מנורה שטעלען־פאַר די פאַרשיידענע טיילען פון דעם פאָלק, וועלכע זיינען צעשפרייט איבער אַלע „שבעה ימים״. די בעכער, קנעפּ און בלומען, וועלכע באַצירען די מנורה, זיינען די צאָלרייכע קהילות, וועלכע די אידען שאַפען איבעראַל וואו זיי געפינען זיך. איר באַזע שטעלט־פאַר די אידישע נאַציע, וועלכע

איז דער יסוד פון אַלע זייערע דערגרייכונגען און וועלכע האַלט זיי צוזאַמענ־געבונדען אין איין שטיק, אין איין גאַנצעס.

דער מלבי״ם ז״ל לייגט־צו אַט דעם שיינעם געדאַנק: „דער ארון איז דער סימבאָל פון דער אידישער תורה און אמונה און ער שטייט אין קדשי קדשים, וואו דאָס ליכט פון דער מנורה גרייכט ניט, ווייל „לא לאורה אני צריך", דער ארון, וואָס אַנטהאַלט די לוחות, דאַרף איר ליכט ניט האָבען (מנחות פ״ו). די מנורה אָבער סימבאָליזירט די וועלטליכע השכלה, אַלע חכמות און וויסענ־שאַפטען. די זיבען רערען פון דער מנורה זיינען קעגען די „שבעה חכמות", די זיבען גרונט־אידייען פון דער וועלט. די „גביעים", „כפתורים ופרחים", וועלכע באַצירען זיי, שטעלען־פאַר די שיינע דערגרייכונגען, וואָס די וויסענשאַפט קאָן דערוועבען".

אַזאַ מנורה מוז אַנדערש געבויט ווערען. זי מוז זיין לויט אַ באַשטימטער „מטבע" און טראָגען אַן אייגענאַרטיגען כאַראַקטער. „מקשה תעשה המנורה", די גאַנצע מנורה מיט אירע רערען, בלומען און קנעפּ מוז אויסגעקלאַפּט ווערען פון איין שטיק רייבעם גאָלד. „עשאה גרוטאות פסולה", האָט מען זי געמאַכט פון פאַרשיידענע שטיקער גאָלד, איז זי אַ פסול׳ע (מנחות נ״ג ע״ב). פון איר באַזוע ביז דעם סאַמען שפּיץ מוז זי זיין פון איין־און־דעמזעלבען מאַטעריאַל און באַזיצען דיזעלבע אייגענשאַפטען. אויב זי ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון באַזונדערע שטיקער, וועלכע קומען פון פאַרשיידענע מענשען אָדער גרופּען, וועלכע אונטער־שיידען זיך אין זייערע אידייען און רעליגיעזע אַנזיכטען, פאַרלירט זי איר גאַנצקייט און אויסגעהאַלטענקייט. אַ גייסטיגע מנורה, וועלכע איז אויס־געקלאַפּט פון שטיקער גאָלד, וועלכע ווערען גענומען פון פרעמדע קולטורען, גיט פון זיך ניט אַרויס דאָס ליכט וואָס זאָל פירען צו דעם „תורה אור", צום דעם אמת׳ען ליכט פון דער אידישער תורה.

אַזאַ מנורה וואָס שטעלט־פאַר דאָס גאַנצע לעבען און שטרעבען פון דעם אידישען פאָלק, קאָן נאָר געבויט ווערען פון אַזעלכע פאָלקס־מענשען, וועלכע לעבען מיט׳ן פאָלק און זיינען באַקאַנט מיט אַלע זיינע אייגענשאַפטען און פאַרלאַנגען. גייסטיגע פירער אַליין זיינען ניט אימשטאַנד די אַרבייט דורכ־צופירען, ווייל עס קאָן גאַנץ מעגליך זיין, אַז פון זייער גרויסער הויך זאָלען זיי אַמאָל פאַרזעהן די ווינשונגען פון דעם המון, פון אַלע שיכטען, וועלכע שטעלען צוזאַמען דאָס גאַנצע פאָלק.

משה רבנו וועלכער איז געשטאַנען מיט דער גאָטהייט „פנים אל פנים״ און האָט געשוועבט אין די הימלישע ספערען, האָט ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַזאַ מנורה קאָן געמאַכט ווערען. אים האָט אינטערעסירט מער די ליכט פון דער מנורה, איר גייסטיגער פאַרבעם און געטליכער שוואונג. ווי דער גוף פון דער מנורה זאָל פאַרמולירט ווערען, האָט ער ניט אַזוי גיך באַגריפען, ווייל ביי אים איז עס ניט געווען אַזוי וויכטיג ווי די ליכט, וואָס וועט פון איר אַרויסשיינען. פאַר אַזאַ אַרבייט האָט זיך געפאָדערט אַ בצלאל, אַ פאָלקס־מענש, וועלכער שטייט אין דעם שאָטען פון דער גאָטהייט און באַמערקט אויך דאָס אלגעמיינע לעבען פון דעם פאָלק.

רבי שלמה קלוגער ז״ל גיט אַ העכסט־וויציגע דערקלערונג פאַרוואָס משה׳ן איז געווען אַזוי שווער צו באַנעמען די מעשה המנורה. ער זאָגט: מחמת די מנורה האָט געמוזט זיין „כולה מוקשה״, אינגאַנצען אויסגעהאַקט פון איין שטיק גאָלד, כדי, ווי די חז״ל דערקלערען אונז, זי זאָל קאָנען דינען אַלס צייכען פאַר דער אידישער אחדות, אַז סיי די „פרחי המנורה״, די בלומען פון פאָלק, די געלערענטע און בכבוד׳יגע באַלעבאַטים, סיי די ווייניג חשוב׳ע טיילען, מוזען זיין צווישען זיך צונויפגעגאָסען און פאַראייניגט. דאָס איז משה׳ן שווער געווען תופס צו זיין. היתכן? איז עס דאָן מעגליך, אַז צווישען אידען זאָל הערשען אַזאַ איינהייטליכקייט, אַזאַ מין אחדות? (יאושזאָן).

---

# הפטרה

## אַז מען שפּילט זיך מיט׳ן פייער פון גלות

**הלא זה אוד מוצל מאש.**

„הייני דאמרי אינשי: תרי אודי יבישי וחד רטיבי, אוקדן יבישי לרטיבא״ — דאָס איז, ווי מענשען זאָגען: צוויי טרוקענע האָלצשקעס און איינע אַ פייכטע; אויב זיי צינדען זיך אָן, וועט דער פייער פון די טרוקענע פאַרסמאָליען אויך די פייכטע (סנהדרין צ״ג ע״א).

די נביאות פון היינטיגער הפטרה איז געזאָגט געוואָרען ביים סוף פון גלות בבל, ווען אַ גרויסע צאָל אידען, אונטער דער פירערשאַפט פון זרובבל

און יהושע דעם כהן גדול, האָבען זיך צוריקגעקערט קיין ארץ ישראל און אָנגעהויבען בויען דאָס לאַנד און דעם בית המקדש. ווי עס איז פאָראויסגעזאָגט געוואָרען פון דעם נביא ירמיה, אַז נאָך זעבעציג יאָר פון זייער זיין אין גלות בבל וועט זיך ג׳ דערמאָנען אָן די אידען און זיי צוריקברייגגען אין זייער לאַנד, אַזוי איז טאַקע געווען. די מעכטיגע בבל איז איינגענומען געוואָרען פון דעם פערזישען קעניג כורש, וועלכער האָט דעמאָלט באַזיגט אַלע לענדער פון דעם אָריענט, און זיין ערשטער פּאָליטישער אַקט איז געווען צו באַפרייען די אידען פון זייער גלות און זיי געבען די מעגליכקייט צוריקצובויען זייער נאַציאָנאַלע היים.

אין זיין דעקלאַראַציע, וואָס ער האָט דאַן אַרויסגעלאָזט צו די אידען, ווערט געזאָגט: „אַלע קעניגרייכען פון דער ערד האָט מיר געגעבען דער ג׳ פון די הימלען, און ער האָט מיר באַפוילען פאַר אים צו בויען אַ הויז אין ירושלים, וואָס איז אין יהודה. ווער עס איז דאָ צווישען אייך פון זיין גאַנצען פאָלק, זאָל זיין גאָט זיין מיט אים, און זאָל ער אַרויפגיין קיין ירושלים און בויען דאָס הויז פון דעם ג׳ פון ישראל״.

די דאָזיגע דערקלערונג האָט אָנגעמאַכט אַ שטורעם צווישען די אַרומיגע פעלקער פון ארץ־ישראל, וועלכע האָבען פאַר דער צייט פאַרכאַפּט דאָס לאַנד, און זיי האָבען ניט געוואָלט דערלאָזען, אַז די אידען זאָלען דאָרט צוריקבויען זייער נאַציאָנאַלע היים. די „צרי יהודה״, די פיינט פון יהודה, די דאַמאָלסדיגע מופּטים און עפּענדיס, האָבען געפאָדערט פון די אידען: „נבנה עמכם״, מיר ווילען בויען מיט אייך, זאָל אין לאַנד געשאַפען ווערען אַ זעלבסשטענדיגע רעגירונג, וואו איר וועט ביי אונז זיין אָן אָנגעזעהענע מינאָריטעט, און מיר פאַרזיכערען אייך גלייכע רעכט. אָבער די אידען האָבען זיך קאַטעגאָריש אָנט־זאָגט פון אַזאַ פּלאַן. זייער ענטפער איז געווען: „לא לכם ולנו לבנות בית לאלקינו״, איר קערט זיך מיט אונז ניט אָן, אַז איר זאָלט בויען אַ הויז צו אונזער ג׳, „כי אנחנו יחד נבנה, כאשר צונו המלך כורש מלך פרס״, נאָר מיר אַליין וועלען בויען, ווי די דעקלאַראַציע פון זיין מאַיעסטעט כורש האָט אונז פאַרשפּראָכען.

אַז די דאַמאָלסדיגע איינוואוינער פון לאַנד האָבען געזעהן ווי די אידען האָבען מיט פלייס און ענערגיע אָנגעהויבען אויפצולעבען דאָס לאַנד, „ויהי עם הארץ מרפים ידי עם יהודה ומבהלים אותם לבנות״, האָבען זיי אָנגעהויבען

שטערען און אָפּשלאָגען די הענט פון דעם פאָלק פון יהודה און זיי אָפּשרעקען פון בויען. און אַז די אידען האָבען זיך ניט אָפּגעשראָקען און פאָרגעזעצט זייער בוי־ארבייט, „סוכרים עליהם יועצים להפר עצתם", האָבען זיי אונטערגעקויפט די רעגירונגס־אַדמיניסטראַציע אין לאַנד, אַז זי זאָל ניט דערלאָזען די אידען צו דערגרייכען זייער ציל (עזרא ד'). דער נביא זכריה דערמוטיגט דאָס פאָלק און פאַרשפּרעכט, אַז ג' וועט העלפען יהודה צו קריגיען זיין חלק אויף דער הייליגער ערד, ווייל „ובחר עוד בירושלים", ער האָט צוריק אויסדערוויילט ירושלים פאַר זיין וואוין־אָרט צווישען זיין פאָלק ישראל. און צו די שטערער זאָגט ער: „הס כל בשר מפני ה'", איר וועט אַלע פאַרשטומט ווערען פון ג', „כי נעור ממעון קדשו", ווייל ער וועקט זיך פון זיין הייליגער וואוינונג.

אויך צווישען די אידען, וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבען אין בבל, מערס־טענס צווישען די רייכערע פון זיי, האָבען זיך געפונען אַ היפּש ביסעל אַזעלכע, וועלכע האָבען געשטערט דעם בנין הארץ. לויט עזרא און נחמיה, האָבען בלויז עטליכע און פערציג טויזענט אידען געענטפערט דעם רוף פון כורש און האָבען זיך צוריקגעקערט נאָך ארץ־ישראל. די איבערוועגענדע מאַיאָריטעט איז נאָך פאַרבליבען אין גלות, און צווישען זיי האָבען זיך געפונען פילע, וועלכע האָבען באַקעמפט דעם אידעאַל פון אַ נאַציאָנאַלער אידישער היים. איבערהויפּט האָבען די רייכע, די אַסימילאַטאָרען, זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט צו שטערען די אַרבייט און ניט צו דערלאָזען, אַז אַ אידישע מלוכה זאָל צוריק געשאַפען ווערען. זייערע גייסטיגע פירער האָבען זאָגאַר געפּרעדיגט, אַז דאָס איז קעגען דער אידישער רעליגיע, וועלכע וויל, אַז די אידען זאָלען זיין פאַר־שפּרייט איבער דער וועלט און איבעראַל לערנען די גויים די אידעאַלען פון דער הייליגער תורה.

קעגען אָט דער באַהויפּטונג פון די אידישע שטערער ווערט גערעדט אין הייטיגער הפטרה. דער נביא זכריה זאָגט: „און ער האָט מיר געוויזען יהושע דעם כהן גדול ווי ער שטייט פאַר דעם מלאך פון ג', און דער שטן שטייט אויף זיין רעכטער זייט, אים צו פאַרקלאָגען. האָט ג' געזאָגט צום שטן: ג' שרייט אָן אויף דיר, שטן, ג', וועלכער האָט אויסדערוויילט ירושלים, שרייט אָן אויף דיר. דו רעדסט ניט אין מיין נאָמען. „הלא זה אוד מוצל מאש" — איז דען ניט דער דאָזיגער אַ שייט אַרויסגעריסען פון פייער? אויב די אידען זיינען גע־געראַטעוועט געוואָרען פון דעם פייער אין גלות, וואָס האָט פאַרצערט און פאַר־

ברענט אַנדערע פעלקער, איז עס נאָר אַ דאַנק זייער רעליגיעז־נאַציאָנאַלען געפיל, וואָס האָט זיי אימער געשטאַרקט און געטרייסט, אַז זיי וועלען זיך ווען עס איז צוריקקערען צו זייער לאַנד און דאָרטען אויף דאָס ניי אויפבויען זייער נאַציאָנאַלע היים און זייער גייסטיגען צענטער.

מאַנכע פון די חז״ל ווילען האָבען, אַז מיט די ווערטער „אוד מוצל מאש״ האָט דער נביא געמיינט אויך אַ שטאָך צו טאָן דעם כהן־גדול יהושע, וועלכער איז, לויט זייער מיינונג, געוואָרען אַ ביסעל צוגעסמאַליעט פונ׳ם גלות, „שהיו בניו נושאים נשים שאינן הגונות לכהונה ולא מיחה בהם״, ווייל זיינע זין האָבען זיך פאַרהייראָט צו אַזעלכע פרויען, וואָס פאַסען ניט פאַר כהנים, און ער האָט זיי ניט געשטערט (סנהדרין צ״ג ע״א). דער מדרש תנחומא אָבער באַהויפּטעט, אַז דער נביא רופט אים „אוד מוצל מאש״, אַ פאַרסמאַליעטע האָלאָוועשקע, וואָס איז אַרויסגעראַטעוועט פון פייער צוליב דעם פאַלגענדען נס, וואָס איז מיט אים געשעהן:

ווי עס ווערט דערציילט אין ירמיהו (כ״ט) זיינען די אַנפירער פון דער אידישער אַסימילאַטאָרען־גרופּע אין בבל געווען צוויי אידישע הויף־האַרען, איינער אחאב, דער זון פון קוליה, און דער צווייטער צדקיהו, דער זון פון מעשיה. צוליב זייער רייכטום און אַמאַליגען יחוס זיינען זיי געווען פון די „נכנסים אצל גדולי מלכות בבל״, איינגייער צו די פירער פון דער מלוכה אין בבל. אום צו געווינען דעם צוטרוי פון דער העכערער געזעלשאַפט, פלעגען זיי פון צייט צו צייט פאַראַנשטאַלטען אויסגעלאַסענע הוליאַנקעס, צו וועלכע זיי פלעגען איינלאַדען די פרויען פון דעם קעניגליכען הויף. צו איינעם פון אַזעלכע אוונטען איז אויך איינגעלאַדען געוואָרען דעם קעניג׳ס פרוי, און אויף איר פראַגע, וואָרום זיי טוען עס, האָבען זיי איר דערקלערט, אַז זיי זיינען געטליכע נביאים, און די קינדער וואָס וועלען פון זיי געבוירען ווערען, וועלען אויך זיין נביאים.

זי האָט זייערע ווערטער איבערגעגעבען צו איר מאַן, דעם קעניג, און ער האָט געלאָזט רופען צו זיך אַחאָב׳ן און צדקיהו׳ן און צו זיי געזאָגט: „איר באַהויפּטעט צו זיין נביאים, און וואָס איר טוט איז דער רצון פון אייער גאָט; איך וועל אויסגעפינען, אויב אייער באַהויפּטונג איז אַן אמת׳ע. מיט יאָרען צוריק האָבען דריי פון אייערע נביאים, — חנניה מישאל און עזריה, — זיך אַנטזאָגט, אין נאָמען פון אייער גאָט, אויסצופאָלגען דעם באַפעל פון קעניג און

זיך בוקען צו אַ צלם, וואָס ער האָט פאַר זיך געבויט; ער האָט זיי דאַן אַריינ־געוואָרפען אין אַ קאַלכ־אויווען, אָבער זיי זיינען אַרויס גאַנץ. איך וועל טאָן דאָס זעלבע צו אייך, און אויב אויך איר וועט געראַטעוועט ווערען, וועל איך וויסען, אַז אייער באַהויפּטונג איז אַן אמת׳ע״.

אַחאָב און צדקיהו זיינען אויפגעציטערט געוואָרען, און אום אויסצו־דרייען זיך פון דעם שרעקליכען גזר, האָבען זיי געזאָגט צום קעניג: „אַזאַ נס קאָן נאָר געשעהן מיט דריי נביאים, אויב דו ווילסט, נעם אויך דעם כהן־גדול יהושע מיט אונז״. זיי האָבען געוואוסט, אַז יהושע איז געווען אַ גרויסער צדיק, און האָבען געהאָפט, אַז אין זיין זכות וועלען זיי אויך געראַטעוועט ווערען.

דער קעניג האָט איינגעשטימט צו זייער פאַרלאַנג, און זיי, צוזאַמען מיט יהושע, זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין קאַלכאויוון. דער סוף איז אָבער געווען, אַז זיי בײדע זיינען פאַרברענט געוואָרען און יהושע איז געראַטעוועט געוואָרען (תנחומא ויקרא); ער איז אָבער אַרויס אַ ביסעל צוגעסמאַליעט, און וועגען דעם באַמערקט די גמרא: „תרי אודי יבישי וחד רטיבא, אוקדן יבישי לרטיבא״ — די צוויי אויסגעטריקענטע שטיקער האָלץ, אַחאָב און צדקיה, האָבען אויך צוגעברענט דעם פייכטען און זאַפטיגען יהושע (סנהדרין צ״ג ע״א).

ב.

## ווי איז געמאָלט חלול השם?

**על פי ה׳ יסעו בני ישראל ועל פי ה׳ יחנו.**

„היכא דמי חלול השם? רב אמר, כגון אנא אי שקילנא בשרא מבי טבחא ולא יהיבנא דמי לאלתר. ר׳ יוחנן אמר, כגון אנא דמסגינא ארבע אמות בלי תורה ובלי תפילין״. — ווי איז געמאָלט חלול השם? רב זאָגט, צום ביישפּיל, איך זאָל נעמען פלייש פון בוטשער און אים ניט באַצאָלען אין צייט. ר׳ יוחנן זאָגט, צום ביישפּיל, אַז איך זאָל אָפּגעהן פיר איילען אָהן תורה און אָהן תפילין (יומא פ״ו).

די תרי״ג מצוות פון אונזער תורה, וועלכע באַשטעהט פון „עשה׳ס״ און „לא תעשה׳ס״, וואָס אַ איד דאַרף טאָן און וואָס ער טאָר ניט טאָן, ווערען פון אונזערע חז״ל איינגעטיילט אין צוויי הויפּט אָפּטיילונגען: א) „בין אדם למקום״

— פליכטען פון מענש צו ג׳; ב) „בין אדם לחברו" — פליכטען פון מענש צו מענש. אַזעלכע מצוות ווי „תפילין", „ציצית", „מזוזה", „היטען שבת" א. ד. ג., זיינען חובות, וואָס דער מענש האָט צו ג׳; זיינע מיטמענשען ברענגען זיי ווייניג נוצען. אַזעלכע מצות אָבער ווי „צדקה", „הכנסת אורחים" א. ד. ג., זיינען שוין פליכטען, וואָס דער מענש האָט צו דער געזעלשאַפט, צו זיין חבר און ברודער.

אויך אַזעלכע עבירות, ווי „חלול שבת", „עסען טרפות" א. ד. ג., זיינען חטאים, וואָס אַ מענש באַגייט בלויז געגען ג׳, זיינע חברים ברייננגט ער דערמיט קיין שאָדען ניט. דאַגעגען אָבער, אַזעלכע עבירות ווי „גנבה", „גזלה", „רציחה", „נאַרעריי" וכדומה, זיינען שוין פאַרברעכענס, וואָס גראָבען אונטער די געזעל־שאַפט און פאַראורזאַכען פיל שאָדען צו זיינע מיטמענשען.

אַן ערליכער איד דאַרף מקיים זיין אַלע מצוות, די „עשה׳ס" אַזוי גוט ווי די „לא תעשה׳ס", די פליכטען פון מענש צו ג׳ אַזוי גוט ווי די פליכטען פון מענש צו מענש. דאַן ערשט לעבט ער דעם אייגענאַרטיגען לעבען, וואָס מאַכט דאָס אידיש פאָלק פאַר דעם „עם סגולה", פאַר דעם אויסגעצייכענטען צווישען אַלע פעלקער. אַ גאַנצער אידישער לעבען, לויט די טראַדיציעס און משפטים פון דער תורה האָלט אויף די גאַנצקייט פון דעם פאָלק און פאַרזיכערט זיין עקזיסטענץ אומעטום און אין אַלע צייטען.

אונזערע חז״ל, וואָס האָבען זיך געזאָרגט פאַר דער אייגענאַרטיגקייט פון אונזער לעבען כדי אים צו מאַכען אומשטערבליך, צייכענען פאַר אונז אָן די וועגען, וואָס פירען צו דער דערגרייכונג פון זייער אידעאַל. איבערהויפּט ווילען זיי פאַרהיטען יעדען יחיד, ער זאָל ניט קומען צו „חלול השם" און דערמיט ברעכען די גאַנצקייט פון דעם פאָלק.

„היכא דמי חלול השם", מיט וואָס פאַרשוועכט אַ איד די גאָטהייט? רב האָלט, אַז דורך פאַרברעכען די „לא תעשה׳ס", די געזעצען „בין אדם לחברו", וואָס ברייננגען שאָדען דער געזעלשאַפט, דערנידעריגט מען דעם אידישען נאָמען און דאָס רופט אַרויס אַ פאַרשוועכונג געגען דער גאָטהייט. צו באַשווינדלען איינעם, אָדער זאָגאַר ניט צו באַצאָלען די בילס אין צייט, רופט אַרויס אַ דער־ביטערונג געגען דעם יחיד, און אין דעם פאַל פון אידען, אויך געגען דעם גאַנצען כלל. דער שיקזאַל האָט שוין אַזוי געוואָלט, אַז מען זאָל האַלטען אַ גאַנצע אידישע קהלה פאַראַנטוואָרטליך פאַר די מעשים פון יעדען יחיד.

און ר׳ יוחנן געהט נאָך ווייטער. ניט נאָר פירען די „לא תעשה׳ס", די

פאַרברעכענס, וואָס איינער באַגייט קעגען זיין חבר, צו דער פאַרשוועכונג פון דער גאָטהייט; אויך די פאַרברעכענס, וואָס איינער באַגייט געגען דער אמונה רופען אַרויס אַ חלול השם. דער שרייבער פון די שורות האָט אַמאָל אַדרעסירט אַ אידישען צדקה באַנקעט, וואו עס זיינען סערווירט געוואָרען טרפה מאכלים. אַ גוי׳אישער פריסט, וואָס איז אויך געוועזן איינער פון די רעדנער, האָט צו מיר באַמערקט: „מיר דוכט, אַז אידען איז ניט דערלויבט צו עסען אַזעלכע זאַכען". וואָס פאַר אַ מיינונג ער האָט אַרויסגעטראָגען וועגען דער אידישער קהלה, דאָס קאָנט איר שוין זיך אַליין פאַרשטעלען.

אויב מיר ווילען ניט קומען צו „חלול השם", אויב מיר ווילען אַנהאַלטען די גאַנצקייט פון אונזער אידיש פאָלק, דאַרפען מיר אַנווענדען אַלע אונזערע כחות אויסצופירען דעם „על פי ה׳ יסעו בני ישראל ועל פי ה׳ יחנו". וואו אַ איד גייט און וואו ער שטייט, זאָל ער אויף זיך טראָגען דעם „חותם היהדות", דעם אידישען שטעמפעל. זיינע אויפפירונגען צו מענש און ג׳ זאָלען זיך אויס־צייכענען מיט אידישער אייגענאַרטיגקייט.

„ויהי בנסוע הארון ויאמר משה, קומה ה׳ ויפוצו אויביך" — ווען דער ארון האָט זיך גענומען ציען, האָט משה אויסגערופען: שטיי אויף ג׳ און זאָל צושפרייט ווערען דיינע פיינט.

„בשעה שהיו ישראל נוסעין, היו שני ניצוצין של אש יוצאין מתוך שני בדיו של ארון כדי לפגוע שונאיהן" — ווען די אידען האָבען געררייזט, פלעגען צוויי פונקען פייער אַרויס פון די שטאַנגען פונ׳ם ארון צו באַגעגענען זייערע פיינט (במד״ר ה׳).

דאָס אידישע פאָלק איז אַ „חידה סתומה", אַן אומדערקלערבאַרער רעטזעל פאַר אַלע היסטאָרישע פאָרשער פון דער וועלט. ווער עס גיט זיך אָפּ מיט שטודירען זיין געשיכטע, קאָן זיך ניט אָפּוואונדערען אויף דער רעטזעלהאַפטער דערשיינונג פון אַ פאָלק צו קאָנען עקזיסטירען אַזוי לאַנג, אונטער אַזעלכע אומשטענדען, ווי די אידען האָבען איבערגעלעבט אין זייער לאַנגען און טרויע־ריגען גלות. פון וואַנען האָבען זיי געצויגען די קרעפטען צו קאָנען ווידערשטעהן די בייזוויליגע און אָפטע אַנפאַלען פון זייערע שונאים, וואָס האָבען זיי געזוכט צו פאַרטיליגען און אָפּמעקען זייער נאָמען פון אונטער די הימלען?

און די באַוואונדערונג פון די פאָרשער ווערט נאָך גרעסער, ווען די געשיכטע באַווייזט זיי, אַז נאָך יעדען אַנפאַל, נאָך יעדען גרויזאַמען אַנגריף

פון זייערע אַנטיסעמיטישע שכנים, זיינען די אידען אַרויס פיל קרעפטיגער אַלס פאָלק און מעהר געשטאַרקט אין זייער באַשלוס צו קעמפען ווייטער פאַר זייער עקזיסטענץ און באַפרייאונג.

ווי ריכטיג די גמרא דריקט זיך אויס: „אתם בני יעקב לא כליתם", איר יעקב'ס קינדער זייט ניט אונטערגאַנגען. „אמר הקב"ה, מעולם לא הכיתי אומה ושניתי לה", ג' זאָגט: איך האָב קיינמאָל ניט געשלאָגען אַ נאַציע און עס געדאַרפט ווידערהאָלען. קוים האָט זי פאַרלאָרען איר לאַנד און עקאָנאָמישען באַזיס, איז זי אונטערגעגאַנגען, און אירע קינדער זיינען איינגעשלונגען געוואָרען צווישען די פעלקער, וואָס האָבען איר באַזיגט. דאָס אידישע פאָלק לעבט און עקזיס־טירט. „היסורין כלין והם במקומם עומדים", די יסורים פאַרשווינדען און די אידען בלייבען שטעהן אויף זייער פלאַץ (סנהדרין ק"י, תנחומא).

פונוואַנען אָבער נעמט זיך אָט די אויסערגעוויינליכע אידישע שטאַרקייט צו קאָנען ווידערשטעהן אַלע אַנגריפען פון זיינע שונאים און העגקערס? פון וועלכע קוואַלען שעפט דאָס אידיש פאָלק זיין מוט און אויסדויער? די גרעסטע פון די היסטאָריקער, וועלכע זיינען ניט פאַר'סמ'ט פון פאַראורטיילען, קומען אַלע צו דעם זעלבען באַשלוס, אַז דער אידישער כח ליגט אין זיין „תורה שבכתב" און „תורה שבעל פה". די תורה און נאָכדעם דער תלמוד האָבען די אידען געמאַכט פאַר אומשטערבליך. זיי האָבען זיי געדינט אַלס אַן אייגענע פאָלקס־קאָנסטיטוציע אין אַלע לענדער פון זייער גלות, און האָט זיי געהאַלטען אַלס באַזונדער פאָלק צווישען די פעלקער, וואו זיי האָבען געוואוינט.

„ניצוצין של אש יוצאין מתוך בדיו של ארון כדי לפגוע שונאיהם". כל זמן אידען טראָגען זייער ארון מיט זייער תורה, זיינען זיי געזיכערט אין אַלע זייערע וואַנדערונגען. די שטאַנגען פון דעם ארון, וואָס שטעלען פאַר אידישען שטאָלץ און זעלבסטווירדע, גיבען פון זיך אַרויס הייליגע פייערען, וואָס באַשיצען אונזער פאָלק קעגען די אָנפאַלען פון זייערע שונאים און דערמוטיגען אים צו קאָנען אַריבערטראָגען די גרויזאַמקייט פון גלות. ביז ער וועט קומען צוריק צו זיין לאַנד, צו זיין היים.



# הפטרה

## נאַציאָנאַליטעט און רעליגיע

### מה שני הזיתים האלה על ימין המנורה ועל שמאלה?

„ישראל נמשלו לזית, מה זית אין עליו נושרין לא בימות החמה ולא בימות הגשמים, אף ישראל אין להם בטילה עולמית לא בעוה״ז ולא בעולם הבא; מה זית אינו מוציא שמנו אלא ע״י כתיתה אף ישראל אין חוזרין למוטב אלע ע״י יסורין״ — די אידען זיינען געגליכען צו אַן אוילבערט בוים, אַזוי ווי דער אוילבערט בוים פאַרלירט ניט זיינע בלעטער, ניט אין זומער און ניט אין ווינטער, אַזוי אויך די אידען פאַרלירען ניט זייער ווערט, ניט אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט; אַזוי ווי דער אוילבערט ברענגט ניט אַרויס זיין בוימעל נאָר דורך דרוק, אַזוי אויך די אידען ווערען ניט בעסער נאָר דורך יסורים (מנחות נ״ג ע״ב).

אין דער היינטיגער הפטרה ווערט איבערגעגעבען אַ מערקווירדיג בילד, וואָס דער נביא זכריה האָט געזעהן אין חלום. זכריה האָט זיינע נביאות פאַר־אויסגעזאָגט ביים סוף פון גלות בבל, נאָכדעם ווען מיט דער צושטימונג פון דריוש המלך האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרויסע גרופּע אידען, אונטער דער פירערשאַפט פון זרובבל, צו געהן צוריק קיין ארץ ישראל און בויען זייער אייגענע היימלאַנד. צוזאַמען מיט זרובבל׳ען איז אויך מיטגעגאַנגען יהושע בן יהוצדק, וועלכער איז באַשטימט צו זיין דער כהן גדול, דער גייסטיגער פירער פון פאָלק.

דער נביא זכריה גיט איבער, אַז ער האָט געזעהן אין חלום אַ גאָלדענע מנורה מיט אירע זיבען לייכטער און צוויי איילבערטביימער האָבען איר באַ־צירט, איינער פון דער רעכטער זייט און אַ צווייטער פון דער לינקער זייט. אויף זיין פראַגע, וואָס דאָס מיינט און וועמען שטעלען פאָר די צוויי איילבערט ביימער, גיט אים דער מלאך אַ מיסטעריעזען ענטפער. אַזוי האָט ג׳ געזאָגט צו זרובבל: „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי״, ניט מיט מאַכט און ניט מיט קראַפט, נאָר מיט מיין גייסט וועט איר קאָנען צוריקבויען אייער חרוב לאַנד. די צוויי איילבערט ביימער, וואָס פליסען מיט גאָלד, דאָס זיינען די „שני בני היצהר העומדים על אדון כל הארץ״, די צוויי געזאַלבטע פירער, וואָס שטעהען ביי דער זייט פון דעם הערשער פון דער גאַנצער וועלט.

דער איילבערט בוים ווערט שטאַרק פאַרעהרט אין דער ליטעראַטור פון די אַלטע פעלקער. די גריכען פלעגען באַצירען די קרוינען פון זייערע הערשער, אויך פון זייערע געלערענטע און פילאָזאָפען מיט בלעטער פון אַן איילבערט בוים. שפּעטער האָבען די רוימער אויך אַזוי געטאָן צו זייערע סענאַטאָרען. דער איילבערט בוים איז ניט גאָר הויך און גרויס, ער לעבט אָבער זעהר לאַנג. דער היסטאָריקער פּאָליניוס דערציילט, אַז אין אַטענס, גריכענלאַנד, האָט מען אים געוויזען אַן איילבערט בוים, וואָס איז איבער דריי טוזענט יאָר אַלט. אויך די באַרימטע רייזענדע ליידי קאלקאָט פון ענגלאַנד באַשרייבט איילבערטביימער, וואָס זיינען איניגע טויזענט יאָר אַלט. מאַנכע פון די גרויסע פּאַרצייטיגע פּאָעטען האָבען פאַרגעשטעלט דעם איילבערט בוים אַלס אַ צייכען פון שטאָלץ און הצלחה. אויך דער העברעאישער משורר באַנוצט זיך מיט דעם איילבערט בוים צו באַצייכענען זיין גליקליכען מצב „ואני כזית רענן" (תהלים נ"ב). איך בין ווי אַ פרישער איילבערט בוים (א. ח. רוזענבערג, אוצר השמות).

אונזערע חז"ל, וועלכע זיינען געווען גרויסע מאָראַליסטען, געהען נאָך וויטער און דערקלערען, אַז דאָס גאַנצע אידישע פאָלק איז געגליכען צו אַן איילבערט בוים, ווייל אַזוי ווי ער פאַרלירט ניט זיינע בלעטער, ניט אין זומער און ניט אין ווינטער, אַזוי אויך די אידען פאַרלירען ניט זייער ווערט און אייגענאַרטיגקייט אין אַלע צייטען און אונטער אַלע אומשטענדען. טראָץ אַלע פאַרפאָלגונגען און רדיפות, וואָס זיי האָבען אויסצושטעהן אין זייערע לאַנגע און שווערע גלות'ן, פאַרבלייבען זיי אַ „חטיבה אחת בעולם", איין גאַנצער שטיק, וואָס פונקט ווי די מנורה איז אויסגעקלאָפּט פון איין „ככר זהב", אַזוי האַלטען זיך די אידען ווי איין שטיק, אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע פעלקער און גלויבענס. אין געגענטייל, וואָס מעהר מען דריקט די אידען, אַלץ מעהר ווערען זיי צוגעבונדען צום אַלטען מקור, און זייער גייסט האַלט אין וואַקסען. ווי אונזערע חז"ל דערקלערען ווייטער: די אידען זיינען ווי די איילבערטען, וואָס מעהר מען דריקט זיי, אַלץ מעהר בוימאויל גיבען זיי פון זיך אַרויס.

דער איד האָט קיינמאָל ניט אָפּגעטיילט זיין נאַציאָנאַליטעט פון זיין רעליגיע. ביי אונז זיינען זיי איינס און דאָס זעלבע. נאָך אַ גלות, ווען מיר קערען זיך צוריק צו אונזער לאַנד און ווילען צוריק אופשטעלען אונזער נאַציאָנאַלע און גייסטיגע מנורה, מוז זי זיין געשטיצט פון די צוויי „זיתים", די צוויי איילבערט ביימער, וועלכע שטעלען פאָר דעם נאַציאָנאַלען פירער זרובבל

און דעם גייסטיגען פירער יהושע הכהן הגדול, ווייל „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי”. די אידישע עקזיסטענץ ווערט ניט געזיכערט פון קראַפט און מאַכט, נאָר פון גייסט און דעם ווילען פון דעם אדון כל הארץ.

---

ג.

## בלאָזען און ניט שאַלען

**ובהקהיל את הקהל תתקעו ולא תריעו.**

„אין תרועה למקרא העדה, והוא הדין לנשיאים” — מען זאָל ניט שאַלען ביים צוזאַמענרופען די געמיינדע, און דאָסגלייכען ביים צוזאַמענברייגגען די פירער (רש״י).

איבער צוויי הייליגע כלים פון משכן, ווי זיי זאָלען געמאַכט ווערען, ווערט פאַרהאַנדעלט אין דער היינטיגער סדרה. די ערשטע איז די „מנורה”, וואָס האָט געדאַרפט באַלייכטען דעם צוגאַנג צום ארון הקודש, און די צווייטע זיינען די „חצצרות”, די טרומייטען, מיט וועלכע די לויים האָבען זיך באַנוצט ביים צוזאַמענרופען די געמיינדע און אויך אָנצוזאָגען די אידען, אַז די צייט איז געקומען פאַרטצוזעצען זייער נסיעה צום הייליגען לאַנד. כאָטש ביידע האָבען געדאַרפט זיין „מקשה” — אויסגעהאַמערט פון איין־און דעמזעלביגען מעטאַל, האָט אָבער די מנורה געמוזט זיין פון איין שטיק גאָלד. „עשאה גרוטאות פסולה”, האָט מען זי געמאכט פון פאַרשיידענע שטיקלעך גאָלד, איז זי אַ פסול׳ע. די חצצרות, דאַגעגען, האָבען אויך געדאַרפט זיין פון איין מאַטעריאַל, פון זילבער, אָבער ניט דוקא פון איין שטיק. „עשאן מן הגרוטאות כשרים, עשאן מן שאר מיני מתכות פסולים” — האָט מען זיי געמאַכט פון שטיקלעך זילבער, זיינען זיי כשר׳ע; אויב אָבער זיי זיינען געמאַכט געוואָרען פון אַנדערע מעטאַלען, זיינען זיי פסול׳ע (מנחות כ״ח ע״א).

וואָרום האָבען אונזערע חכמים געמאַכט דעמדאָזיגען אונטערשייד? וואָרום טייטשען זיי אויס דאָס וואָרט „מקשה” ביי דער מנורה צו מיינען אויסגעהאַמערט פון איין שטיק, און ביי די חצצרות, אַז עס מיינט בלויז אויסגעקלאַפט פון דעמזעלבען מעטאַל? צו באַגרייפען די טיפע כונה פון דעמדאָזיגען דין, מוזען מיר צוערשט פאַרשטיין דעם אונטערשייד אין די פונקציעס און אויפגאַבען פון די

דאָזיגע צוויי הייליגע כלים. בײדע, זאָגען אונז די חכמים, האָבען געדינט צו פאַרשטאַרקען דעם אחדות־געפיל צווישען די אידען. בײדע האָבען געצילט זיי צו האַלטען פאַראייניגט אַרום זייער פאָלק און זיין אמונה. די מנורה לערנט אונז דעם אידעאַל פון „אחדות הבורא״, אַז אין דער גאָטהייט זיינען פאַראייניגט אַלע כוחות פון דער בריאה, און די „חצצרות״ לערנען אונז „אחדות האומה״, ווי צו האַלטען פאַראייניגט אַלע כוחות פון פאָלק.

די מנורה, וועלכע דאַרף באַלייכטען דעם וועג צו דער תורה, כאָטש זי איז באַשטאַנען פון זיבען רערען און יעדער רער האָט געהאַט אַ באַזונדער ליכט, האָט אָבער געמוזט געמאַכט ווערען: ״אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות״ — אַז צום מיטעלפונקט פון דער מנורה זאָלען לייכטען די זיבען ליכט. אַלע אידעאַלען פון פאָלק, זיינע קולטורעלע דערגרייכונגען און די פאַרשיידענע וועלט־חכמות, וואָס ער וועט דערלערנען, זאָלען זיין געריכטעט צו איין צענטער־פונקט, צו איין גרונט־אידייע, צו פאַרמערען און פאַרגרעסערען דאָס ליכט פון זיין אייגענעם גלויבען. שטודירענדיג די תורה, וועט מען איינזעהן, אַז אַלע נייע געדאַנקען, צו וועלכע די וועלטליכע וויסענשאַפטען קענען זיך דערטראַכטען, זיינען שוין לאַנג אַרויסגעזאָגט געוואָרען אין תורת משה.

מיין פאָטער, ע״ה, פלעגט זאָגען: „די זיבען רערען פון דער מנורה שטעלען־פאָר די פאַרשיידענע טיילען פון דעם אידישען פאָלק, וועלכע זיינען צעשפּרייט איבער אַלע זיבען ימ׳ען פון דער וועלט. די „גביעים, כפתורים ופרחים״ — די בעכערס, קנעפּ און בלומען, מיט וועלכע יעדע רער איז געווען באַצירט, שטעלען־פאָר די פאַרשיידענע שיכטען פון פאָלק: די „גביעים״, די עלטערע, ביי וועמען דער בעכער פון לעבען איז שוין כמעט ווי פאַרפולט; די „כפתורים״, די דערוואַקסענע יוגענט, וואָס פאַרקניפּט זיך ערשט מיט׳ן לעבען פונ׳ם פאָלק, און די „פרחים״, דאָס יונגוואַרג, וואָס פאַנגט ערשט אָן צו בליען. אָט די אַלע שיכטען מוזען גיין אין איין ליכט פון דער מנורה, וואָס באַגלייט זייער וועג צו דעם אָרון, צו די „לוחות הברית״.

אויב די אידען ווילען עקזיסטירען אַלס אַ באַזונדער פאָלק, דאַן מוזען אַלע אידישע געמיינדעס — אין די לענדער, וואו זיי געפינען זיך — צילען „אל מול פני המנורה״, צו דעם מיטעלפונקט פון דער אידישער אמונה. דער הויפּט־געדאַנק, וואָס דאַרף מאָטיווירען אַלע זייערע שיכטען און פּאַרטייען מוז זיין די פולשטענדיגע פאַראייניגונג פון זייערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען מיט

די אידעאַלען, וואָס ווערען אויסגעדריקט אין זייער תורה. דאָס וועט זיי העלפען אויפצוהאַלטען די גאַנצקייט פון זייער אומה און עס וועט זיי אויך געבען דעם נויטיגען מוט און אויסדויער צו קענען בייקומען אַלע שוועריגקייטען אויף זייער וועג צו באַפרייאונג.

רעליגיעזע פרינציפּען מוזען זיין איינהייטליך און אויסגעהאַלטען. זיי מוזען טראָגען דעמזעלבען כאַראַקטער איבעראַל און אונטער אַלע אומשטענדען. „מקשה תעשה המנורה" — די אידישע מנורה מוז דעריבער זיין אויסגעקלאַפּט פון איין שטיק, אַלע אירע טיילען מוזען באַזיצען די זעלבע אייגענשאַפטען. „עשאה גרוטאות" — ווערט זי אָבער געמאַכט פון פאַרשיידענע שטיקער גאָלד, גענומען פון אנדערע קולטורען און גלויבענס, איז זי אַ פּסול'ע. מעגען טאַקע אַלע שטיקער זיין פון דעמזעלבען מעטאַל, קוים זיינען זיי ניט פון איין שטיק, פון איין גאָטונג, וועט זי פון זיך ניט אַרויסגעבען דעם אמת'ען „אור תורה", דעם אָריגינעלען שיין פון דעם אידישען גלויבען.

די „חצצרות", די טרומייטען, זיינען געמאַכט געוואָרען „למקרא העדה ולמסע המחנות" — צוזאַמענצורופען די געמיינדע און צו מאַכען ציען די מחנות. זייער פונקציע איז געווען צו האַלטען דאָס פאָלק פאַראייניגט אַרום זיינע נאַציאָ־נאַלע אוןווירטשאַפטליכע אינטערעסען. אין אַזוינע אַנגעלעגענהייטען מעגען זיך אין דעם פאָלק געפינען פאַרשיידענע „חלוקי דעות", פאַרשיידענע מיינונגען. יעדע פאַרטיי מעג ביי זיך טראַכטען, אַז איר וועג, איר צוטריט וועט גיכער ברייגגען צום ציל און שאַפען בעסערע רעזולטאַטען. „מקשה תעשה אותם" — זיי מוזען אָבער זיין אויסגעהאַמערט פון דעמזעלבען מעטאַל. זייערע שטרעבונגען מוזען האָבען דעמזעלבען ענד־ציל, און דאָס איז: אויפצוהאַלטען די גאַנצקייט פון דער אומה און קעמפען פאַר איר באַפרייאונג און איר זעלבסטשטענדיגקייט. „עשאם מן שאר מיני מתכות פסולים" — זיינען זיי אָבער געמאַכט פון פאַר־שיידענע מעטאַלען, גענומען פון פרעמדע מקורים, דאַן זיינען זיי פּסול'ע. אַזעלכע „חצצרות", אַזעלכע טרומייטען, וועלען ניט רופען דאָס פאָלק פאַר אַן אמת'ער פאַראייניגונג.

העכסט אינטערעסאַנט און באַלערענד זיינען די אַנווייזונגען פון די פסוקים ווי אַזוי זיך צו באַנוצען מיט די „חצצרות" און וואָסערע שטימען מען זאָל פון זיי אַרויסבלאָזען ביי פאַרשיידענע געלעגענהייטען: „ותקעתם תרועה ונסעו המחנות" — בלאָזט מען אַ תרועה, אַ שאַרפע שאַלונג, איז עס אַ באַוויז,

אַז די פאַרשיידענע מחנות דאַרפֿען זיך ציען און גיין ווייטער. „תרועה יתקעו למסעיהם" — שאַרפֿע שאַלונגען זאָלען געבלאָזען ווערען פאַר זייערע רייזען. „ובהקהיל את הקהל תתקעו ולא תריעו" — אָבער אויף צוזאַמענרופֿען דאָס פאָלק זאָלט איר בלאָזען און ניט שאַלען. און אונזערע חכמים פסק'ענען: „אין תרועה למקרא העדה והוא הדין לנשיאים" — מען זאָל ניט שאַלען ביים צוזאַמענרופֿען די געמיינדע, און דאָס גלייכען ביים צוזאַמענברייננגען די נשיאים, די אידישע פירער.

אַ וואונדערבאַר־שיינע דערקלערונג וועגען דעם ווערט אָנגעוויזען אין איינעם פון די אַלטע דרוש־ספרים: ער זאָגט: „קול התקיעה הוא קול נמשך ומתדבק יחד" — דאָס קול פון תקיעה ציט זיך גלייך און איז איינשטימיג. „לכן למקרא העדה והנשיאים להתועד, היתה קול התקיעה, אשר יורה על ההתדבקות ועל ההתאחדות" — דעריבער אויף צוזאַמענרופֿען די געמיינדע און אירע באַ־אַמטע זיך צוזאַמענקומען האָט מען זיך באַנוצט מיט אַ תקיעה, וואָס וויזט אויף סאָלידאַריטעט און פאַראייניגונג. „וקול התרועה הוא שבור ומתנועע" — דאָס קול פון תרועה אָבער איז געבראָכען און וואַקעלדיג. „לכן באת קול התרועה למסע את המחנות, כאלו מודיע להם בו, שבאה העת להתנועע ממקום למקום ולנסוע" — דערפֿאַר האָט מען זיך באַנוצט מיט אַ תרועה ביים אָפרייזען פון די מחנות, כדי זיי צו לאָזען וויסען, אַז די צייט איז געקומען זיך צו באַוועגען פון איין פלאַץ צום צווייטען און פאָרען ווייטער (הכתב והקבלה). קומען זיך אידען צוזאַמען אויף צו פאַרהאַנדלען וועגען פאָלקס־אינטערעסען, זאָל מען בלאָזען גאַנצע תקיעות, פאַראייניגט און אויסגעהאַלטען, און ניט שאַלען און שרייען צוליב פּובליסיטי צוועקען.

דער „חות יאיר" פרעגט: עס שטייט אין פסוק „ותקעו בהן ונועדו אליך כל העדה" — אַז מען וועט בלאָזען אין זיי, זאָל זיך צוזאַמענקלייבען די גאַנצע געמיינדע. וויל, זאָגט ער ווייטער: „ואם באחת יתקעו ונועדו אליך הנשיאים ראשי אלפי ישראל" — אויב עס ווערט געבלאָזען איינמאָל, זאָלען זיך צוזאַמענ־קומען די נשיאים, די הויפּטלינגע פון די טויזענטער אידען. הייסט עס, אַז פאַר די נשיאים מוז מען באַזונדער בלאָזען? דאָס איז, זאָגט ער, ווייל, ווי דער שטייגער איז, די נשיאים זוכען כבוד און ווען ניט קומען אויף אַן אַלגעמיינעם רוף צו די אידען.

ווי דער מדרש דערציילט, האָט שוין משה איינמאָל געהאַט אַ ביטערע

דערפאַרונג מיט די נשיאים פאַר ניט אָפּגעבען זיי דעם כבוד און רופען זיי צוערשט: „בשעה שאמר משה כל נדיב לב יביאו תרומות ה׳ למלאכת המשכן, ולא אמר לנשיאים תחלה, היה רע בעיניהם״ — ווען משה האָט אויסגערופען, אַז יעדער מיט אַ פרייגעביג האַרץ זאָל ברייננען אַ נדבה צו ג׳ און האָט זיך ניט געווענדט צוערשט צו די נשיאים, האָט דאָס זיי פאַרדראָסען. „אמרו יביאו העם מה שיביאו״, זיי האָבען געזאָגט: זאָל דאָס פאָלק ברייננען וואָס זיי וועלען ברייננען, מיר וועלען זען וויפיל זייערע נדבות וועלען קלעקען (מ״ר י״ב). האָבענדיג געהאָט די דאָזיגע טרויעריגע דערפאַרונג מיט די נשיאים, האָט ער דערפאַר אָנגעזאָגט, אַז ביים צוזאַמענרופען דאָס פאָלק זאָל מען צוערשט רופען די נשיאים און זיי אָפּגעבען דעם כבוד, וואָס זיי זוכען...

# הפטרה

## דאָס אידיש פאָלק איז געגליכען צו אַן אוילבערט

**ושנים זיתים עליה.**

„ישראל נמשלו לזית, מה זית אינו מוציא שמנו אלא על ידי כתיתה, אף ישראל אין חוזרין למוטב אלא על ידי יסורין״ — אידען זיינען געגליכען צו אַן אוילבערט, אַזוי ווי דער אוילבערט גיט ניט אַרויס זיין בוימעל ווי נאָר דורך דרוק, אַזוי ווערען אויך די אידען ניט בעסער ווי נאָר דורך יסורים (מנחות נ״ג ע״ב).

דער נביא ירמיהו האָט נביאות געזאָגט, אַז דער גלות בבל וועט מער ניט געדויערען ווי זיבעציג יאָר, און זיין נבואה איז מקוים געוואָרען. צום סוף פון 70 יאָר איז בבל באַפאַלען געוואָרען פון כורש מלך פרס, וועלכער האָט איינגענומען דאָס לאַנד און אַרונטערגעזעצט פון טראָן די גרויזאַמע דינאַסטיע, וואָס האָט חרוב געמאַכט דעם בית־המקדש און פאַרטריבען די אידען פון זייער לאַנד. דער נביא דניאל, וועלכער איז פאַר אַ צייט לאַנג געווען צווישען די ראַטגעבער פון בלשצר, דער לעצטער קעניג פון בבל, און האָט אים פיל מאָל געוואָרענט, אַז מיט זיין אונטערדריקען די אידען וועט ער דערפירען דאָס לאַנד צו אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע, איז פאַרבליבען אין דעם נייעם קעניגליכען הויף און איז געוואָרען אַ ראַטגעבער אויך צו קעניג כורש.

אויף זיין עצה האָט כורש, אין אַ יאָר שפּעטער נאָך זיין באַזיגען בבל, אַרויסגעלאָזען אַ דעקלאַראַציע צו די אידען, אַז ווער פון זיי עס וויל זיך צוריק־קערען צו דעם אידישען לאַנד און ווידער אויפבויען דעם בית המקדש, האָט אַ פולע רעכט דאָס צו טאָן און אַז די רעגירונג וועט זיי שטיצען. אַרום דריי און פערציג טויזענט חלוצים, אונטער דער פירערשאַפט פון פרינץ זרובבל און דעם כהן גדול יהושע בן יהוצדק, האָבען זיך אַוועקגעלאָזט נאָך ארץ ישראל און אָנגעהויבען דאָרט די בוי־אַרבייט. די כותים, וועלכע האָבען זיך פאַר דער צייט באַזעצט אין לאַנד, האָבען אָנגעהויבען שטערען זיי אין דער דאָזיגער אַרבייט און שיקען פאַסקווילען צום קעניג כורש.

כל זמן כורש האָט געלעבט, איז די אַרבייט אָנגעגאַנגען און גרויס פּראָגרעס איז דערגרייכט געוואָרען. נאָך זיין טויט אָבער איז די כותים געלונגען איבערצורעדען זיין זון קאַמביזעס, וועלכער האָט איבערגענומען דעם טראָן, און די בוי־אַרבייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרען. דער נביא זכרי׳, וועלכער איז קענטיג געווען פון די ערשטע חלוצים, האָט אָנגעהויבען אַ שטאַרקע אַגיטאַציע צווישען די אידען, אַז זיי זאָלען זיך שטעלען אַנטקעגען און טראָץ דעם פאַרבאָט פון דער מלוכה פאָרטזעצען די אַרבייט פון בויען דעם בית המקדש. זכרי׳ פאַרזיכערט די אידען, אין נאָמען פון ג׳, אַז זייער מי וועט געלינגען, דער בית המקדש וועט געבויט ווערען און ירושלים וועט ווערען אַ גרויסע שטאָט מיט אַ סך איינ־וואוינער. ער זוכט אויך אויפצומונטערען די פירער זרובבל און יהושע, אַז זיי זאָלען זייערע פּאָזיציעס ניט אויפגעבען און מיט שטאָלץ און אַנטשלאָסענקייט אָנגיין מיט דער אַרבייט.

זיין דרך הנבואה, זאָגט רש״י, איז געווען צו שילדערען פאַנטאַסטישע בילדער, וועלכע אַנטהאַלטען דעם פּתרון, די באַשיידונג פון דעם גרויסען אידישען חלום. אין דער היינטיגער הפטרה ווערט איבערגעגעבען דאָס פאָלגענדע בילד:

אַ מלאך וועקט אים אויף פון שלאָף און ער זעהט פאַר זיך אַ גאָלדענע מנורה מיט זיבען רערען, און ביי אירע ביידע זייטען, רעכטס און לינקס, שטייען צוויי אוילבערט ביימער, וועלכע האַלטען אין גיסען בוימעל אין די רערען פון דער מנורה. דאָס בילד שטעלט פאָר, זאָגען אונז די חכמים, דאָס אידיש פאָלק. טראָץ די אַלע רדיפות און פאַרפאָלגונגען, וואָס ער האָט געהאַט דורכצומאַכען אין זיין פינסטערען גלות; טראָץ די גרויסע שטורעמווינטען, וואָס האָבען געווייט איבער זיין קאָפּ, איז דאָס ליכט פון זיין מנורה ניט אויסגעלאָשען געוואָרען, ווייל

די צוויי אוילבערטביימער, אמונה און בטחון, האָבען אים שטענדיג באַזאָרגט מיט די נויטיגע בוימלען. און די טבע פון די אוילבערטען איז, אַז וואָס מער מען דריקט זיי, אַלץ מער בוימעל פּראָדוצירען זיי. וואָס מער שטערונגען מען לייגט די אידען אויף זייער וועג פון פרייהייט, אַלץ מער באַוואוסטזיניג ווערען זיי אויף זייערע נאַציאָנאַלע פּליכטען.

ד.

## אַ טומעל צוליב פלייש פאַרלענגערט דעם גלות

**ויבכו בני ישראל ויאמרו מי יאכילנו בשר.**

„וכי מפני שלא היה להם בשר היו מתרעמים, והלא כבר נאמר: וגם ערב רב עלה אתם וצאן ובקר מקנה כבד מאד? אלא שמבקשים עלילה לפרש מאחרי המקום" — איז דען צוליב דעם, וואָס זיי האָט געפעהלט פלייש, האָבען זיי געטומעלט; עס איז דאָך שוין לאַנג געזאָגט געוואָרען, אַז אַ גרויסער געמיש פון מענשען זיינען מיט זיי אַרויס פון מצרים, און זעהר פיל שעפסען, רינדער און אַלערליי פיה? דאָס איז ניט מער, ווייל זיי האָבען געזוכט אַן אויסרייד זיך אָפּצו־שיידען פון ג׳ (ילקוט שמעוני).

צוויי מאָל האָט אויף זיך משה רבנו געבעטען דעם טויט: איינמאָל פאַר די אידען און אַ צווייטען מאָל צוליב די אידען. דעם ערשטען מאָל איז עס פאָרגעקומען ביי דער מעשה מיט דעם עגל, ווען ג׳ האָט געצאָרענט אויף דעם פאָלק און האָט אים געוואָלט פאַרניכטען, האָט זיך משה רבנו ביי אים געבעטען: „מחני נא מספרך אשר כתבת" — מעק מיך בעסער אויס פון דיין הייליג בוך, וואָס דו האָסט געשריבען; איך וויל בעסער שטאַרבען, איידער לעבען אָהן מיינע אידען. אַ צווייטען מאָל איז עס פאָרגעקומען ביי דעם איצטיגען סקאַנדאַל, וואָס די אידען האָבען פאַרפירט, ווייל זיי האָט זיך געוואָלט האָבען פלייש, און ער בעט זיך ביי ג׳: „הרגני נא הרג, אם מצאתי חן בעיניך" — הרג׳ע מיך בעסער אַוועק, אויב איך האָב געפונען לייטזעליגקייט אין דיינע אויגען; איך קאָן שוין מער ניט אויסהאַלטען פון די אידען, זיי פאַרביטערען מיר דאָס לעבען.

זינט משה האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע דורכצופירען ג׳ס מיסיע,

וואָס איז אים געגעבען געוואָרען ביים באַרג חורב, צו באַפרייען די אידען פון זייער שרעקליכען גלות אין מצרים, האָט ער זיך גענוג אָנגעליטען פון זיי. די ערשטע באַגריסונג, וואָס משה קריגט פון די אידען, ווען ער איז צו זיי געקומען מיט דער בשורה, אַז ג׳ האָט געזעהן זייער פיין און האָט באַשלאָסען זיי צו באַפרייען, איז געווען: „ולא שמעו אל משה מקוצר רוח ומעבודה קשה" — זיי האָבען זיך ניט צוגעהערט צו משה׳ן צוליב קורצען געמיט און שווערער אַרבייט. אַז אים איז ענדליך געלונגען צו קריגען אַן אודיענץ ביי פרעה׳ן און ער נעמט מיט זיך אייניגע „זקנים", פאַרנעמע באַלעבאַטים, „היו מגנבים את עצמם ונשמטים אחד אחד והלכו להם" — האָבען זיי זיך אַרויסגעגנב׳עט און אַרויס־גערוקט איינציגסווייז און זיינען אַוועק, איבערלאָזענדיג אים און זיין ברודער אהרן אַליין (שמות רבה ה׳).

זעהט איר, אַז פון זיין ערשטען באַזוך איז פרעה געוואָרען אין כעס און אַרויסגעגעבען שווערע גזרות אויף די אידען, זיינען אָט די זקנים געווען די ערשטע צו קריטיקירען משה און אהרן און זיי באַשולדיגען: „הבאשתם את ריחנו בעיני פרעה ובעיני עבדיו לתת חרב בידם להרגנו" — איר האָט פאַר׳מיאוס׳ט אונזער געשמאַק אין די אויגען פון פרעה׳ן און אין די אויגען פון זיינע קנעכט, צו געבען אַ שווערד און זייער האַנט אונז צו דער׳הרג׳ענען. מען באַשולדיגט אים אין אידישען פאַרראַט און מען לייגט שטיינער אין זיין וועג.

די אַלע נסים, וואָס זיי האָבען זיך שפּעטער אָנגעזעהן אין מצרים, האָבען אויף זיי געמאַכט אַ קנאַפּע ווירקונג. די מכות און אומגליקען, וואָס ג׳ האָט אָנגעשיקט אויפ׳ן לאַנד, כדי צו צווינגען דעם אַיינגע׳עקשנ׳טען פרעה, אַז ער זאָל די אידען פריילאָזען, האָבען ביי זיי ניט אַרויסגערופען דעם ווילען פריי צו ווערען. ווען די שעה פון דער באַפרייאונג קומט און אַלע אידען דאַרפען זיך גרייטען אין וועג אַריין, בלייבען ווידער משה און אהרן אַליין. דאָס פאָלק איז פאַרנומען מיט אייגענע אינטערעסען: „כל ישראל נתעסקו בביזה" — אַלע אידען זיינען געווען באַשעפטיגט מיט אַריינכאַפּען וואָס זיי האָבען געקאָנט, פון די מצריים (סוטה י״ג). זיי זיינען ערשט דאַן אַרויס, ווען פרעה מיט זיינע חילות האָבען זיי אַרויסגעטריבען פון לאַנד.

אין מדבר ווערט משה פון זיי אויסגעריסען אויף יעדען שריט און טריט. אַז זיי זעהען פרעה׳ן מיט זיינע חילות זיך יאָגען נאָך זיי, שרייען זיי אויף משה: „מה זאת עשית לנו להוציאנו ממצרים?" — וואָס האָסטו אַזוינס געטאָן צו אונז,

אַרויסצופירען אונז פון מצרים? ביי יעדער שוועריגקייט, וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט דורכצומאַכען, זיינען זיי אַרויסגעקומען מיט טענות קעגען אים און אים אויפגעוואָרפען, אַז ער האָט זיי אומגליקליך געמאַכט מיט זיין באַפרייאונג, אַרויסנעמענדיג זיי פון אַזאַ גוט לאַנד ווי מצרים און זיי ברייגגען אין אַ מדבר. ביי יעדער געלעגענהייט איז „ויצעק העם אל משה", „וילונו העם על משה" — שרייט מען אויף משה'ן, קריגט מען זיך מיט משה'ן. ליידען פאַר פרייהייט האָבען זיי ניט געוואָלט. זיי האָבען געהאַלטען אין איין פאָדערען נסים, איבער־נאַטירליכעס — און אויך דאָס איז ניט געווען אָנגעלייגט.

משה האָט אָבער אַלץ אָנגענומען פאַר גוטען. געדענקט ער דאָך די וואָרנונג, וואָס ג' האָט אים און זיין ברודער אהרן געגעבען, ווען ער האָט זיי געשיקט נאָך מצרים צו באַפרייען די אידען. איר זאָלט וויסען זיין, האָט ער זיי געזאָגט: „בני סרבנים הם וטרחנים הם, שיהיו מקללין אתכם וסוקלין אתכם באבנים" — מיינע קינדער זיינען שווערע מענשען און טראָבעל־מאַכער, זיי וועלען אייך שילטען און פאַרוואַרפען מיט שטיינער (מדרש רבה). ער האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשראָקען און איז איינגעגאַנגען אויף אַלץ, ווייל אים האָט זיך זעהר געוואָלט צו באַפרייען זיינע ברידער און פון זיי מאַכען אַן אויסנאַם פאָלק. אָפּגעזעהן פון יעדער שוועריגקייט, האָט ער זיי מיט מסירת נפש דורכגעפירט דעם ים־סוף, זיי געגעבען די תורה און איצט איז ער גרייט זיי צו פירען נאָך זייער אייגען לאַנד.

ער נעמט אויף דעם צאָל פון די אידישע יונגעלייט „מבן עשרים שנה ומעלה כל יצא צבא" — פון 20 יאָר אָן און העכער, יעדער וואָס קאָן גיין אין שלאַכט. אויף אַרויסצוגיין פון גלות דאַרף מען וואַרטען אויף געלעגענהייטען און פיליכט אָנקומען צו נסים; איינצונעמען אָבער אַ לאַנד מוז מען זיין גרייט צו קעמפען. און ער מאָבילייזירט די אידישע חילות, טיילט זיי אייך אין פאַרשידענע דיוויזיעס און צייכענט פאַר זיי אָן דעם גאַנצען גאַנג, ווי זיי זאָלען זיך ציען צו דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד. ער הייסט זיי זיך קאָנצענטרירען אַרום דעם ארון הקודש, וועלכער וועט פאַר זיי גיין פאָראויס און זיי באַשיצען קעגען אַ דורכפאַל.

„ויסעו מהר ה' דרך שלשת ימים" — און די אידען לאָזען זיך גיין פון ג'ס באַרג אויף אַ וועג פון דריי טעג. „לפי שרצה הקב"ה להכניסם לארץ מיד" — ווייל ג' האָט געוואָלט זיי אַריינברייגגען אין זייער לאַנד באַלד. און משה פילט

זיך גליקליך. „ויהי בנסוע הארון ויאמר משה: קומה ה׳ ויפוצו אויביך וינוסו משנאיך מפניך!״ — ווי דער ארון האָט זיך גענומען ציען, שרייט אויס משה: שטיי־אויף ג׳ און צעשפרייט דיינע פיינט און זאָלען אַלע דיינע שונאים אַנט־לויפען פון דיר. „אלו זכו ישראל לשלשה ימים היו נכנסים לארץ״ — וואָלטען די אידען טאַקע ווערט געווען, וואָלטען זיי ביים סוף פון די דריי טעג אַריין אין לאַנד (ספרי דברים).

אָבער משה׳ס האָפענונגען זיינען ניט מקוים געוואָרען. ניט אַזוי גיך פאַרלאָזען אידען דעם גלות. „ויהי העם כמתאוננים״ — דאָס פאָלק האָט זיך אָנגעהויבען באַקלאָגען: „רעה עשה לנו המקום שהטריחנו ללכת שלשת ימים רצופים״ — אַ רעה האָט אונז ג׳ געטאָן, וואָס ער האָט אונז באַמיט צו גיין גאַנצע דריי טעג (מדרש אגדה). צו אַרבייטען טאָג און נאַכט אונטער אַ „קוצר רוח ועבודה קשה״, קורצען געמיט און שווערער אַרבייט, פאַר די מצריים איז ביי זיי רעכט געווען, אָבער צו גיין דריי טעג נאָכאַנאַנד, כדי וואָס גיכער צו קומען צו זייער לאַנד, איז זיי געפאַלען שווער. און די פראַצעסיע הערט אויף. „וישמע ה׳ ויחר אפו ותבער בם אש ה׳״ — און ג׳ הערט און זיין צאָרן גרימט און עס ברעכט אויס אַ פייער פון ג׳ „ותאכל בקצה המחנה״, און הויבט אָן צו פאַרניכטען אַ טייל פון דער מחנה.

די הויפט טומעל־מאַכער זיינען געווען דער „אספסוף״, אַ גרופּע מענשען, וואָס „סרו מאחרי ה׳״, וואָס האָבען זיך אָפּגעקערט פון דער גאָטהייט. זיי האָבען געהאַט ווייניג אמונה און האָבען געזוכט מיט אַלע מיטלען אונטערצוגראָבען דעם אידישען בטחון אין ג׳ און זייער פירער משה. „והיכן מקומה?״ — וואו איז געווען דער צענטער, וואו זיי האָבען זיך אויפגעהאַלטען? „אמר ר׳ אמי בדגלים״ — זאָגט רבי אמי, אַז דאָס איז געווען צווישען די דגלים, די פאַר־שיידענע פאַרטייען ביי אידען (שבת קט״ז). זיי האָבען ניט געבילדעט קיין פאַרטיי פאַר זיך אַליין, זיי האָבען זיך בעסער אָנגעשלאָסען אין די אַנדערע פאַרטייען און געזוכט אָנצורייצען איין מחנה קעגען דער צווייטער, אַבי צו צעשטערען די אידישע אייניגקייט.

„והאספסוף אשר בקרבו התאוו תאוה״ — און דער אַספסוף צווישען זיי האָבען אַלץ געזוכט צו ווערען בעלי־תאוה׳ניקעס, אַזוי טייטשט דעם פסוק רבי יצחק ריינעס ז״ל. זיי האָבען אייגענטליך ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצען קעגען דער הנהגה פון משה׳ן, זיי האָבען בלויז געזוכט צו מאַכען טומעל און אויפ־

צורייצען דאָס פאָלק צוליב קלייניגקייטען, צוליב מאטעריעלע נוצען. און די אידען לאָזען זיך איינריידען: „ויבכו גם בני ישראל ויאמרו מי יאכילנו בשר?" — אויך די אידען וויינען זיך פאַנאַנדער און טענה'ן: ווער וועט אונז געבען עסען פלייש? וואָס קימערען זיי זיך פאַר פרייהייט? וואָס גייט זיי אָן אַן אייגען לאַנד? פלייש, פרנסה זוכען אידען... „זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים חנם, את הקשואים ואת האבטיחים ואת החציר ואת הבצלים ואת השומים" — זיי געדענקען די פיש, וואָס זיי האָבען געגעסען אין מצרים אומזיסט, די פלוצערן, די קירבעס, די גרינס, די ציבעלעס און די קנאָבעל...

„אָט דאָס איז די פסיכאָלאָגיע פון אַ פאָלק, וואָס האָדעוועט זיך אין גלות, זאָגט הרב יצחק ניסענבוים ע"ה, די שמיץ, די קלעפּ, דאָס שפּייען אין פּנים פאַרגעסט מען; וואָס זיי ליגט אין זינען, איז די פיש מיט די ציבעלעס און קנאָבעל. און מיינט איר אפשר, אַז זיי האָבען טאַקע געהאַט ריכטיגע פיש צום עסען אין מצרים, מאַכט איר אַ טעות. „כשהיו ישראל שואבים מים הקב"ה מזמין להם דגים קטנים בכדיהם" — ווען די אידען שעפּען וואַסער פאַר די פרעמדע, פלעגט זיי ג' צושטעלען קליינע פישלעך אין זייערע קרוגען (יומא ה'). דער גלות איז ניט אַזוי ברייטהאַרציג. די גרויסע פיש נעמען־צו די אמת'ע בירגער; דעם גר, דעם פרעמדען, וואַרפט מען צו דראָבעשקעס, קליינע פישלאַך, קיי און שפּיי".

דער גאַנצער געשריי פון „מי יאכילנו בשר", ווער וועט אונז געבען פלייש צו עסען? איז געווען אַ פאַלשער, זאָגען אונז די חז"ל. ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים, האָבען זיי מיטגענומען זעהר אַ סך שאָף און רינדער, ווער האָט זיי ניט געלאָזען עסען זייערע אייגענע? אָבער דאָס איז שוין אַן אַלטע מחלה ביי אידען. ווען עס קומט צו שאַפען מיטלען פאַר באַפרייאונג, פאַרלאָזט מען זיך אויף נסים, מוז מען אָנקומען צו קאַמפּיינס, צו שנאָרעריי, קלאַפּען מיט די צדקה־פּושקעס און מען וואַרפט קליינע נדבות. פון קאַפּיטאַל וויל מען ניט געבען, און דער גלות ווערט פאַרלענגערט...



# הפטרה

## זעלבסטהילף — איז וואָס אידען דאַרפען

**כי נעור ממעון קדשו.**

„כהדא תרנגולתא דמנערא אגפה מן קיטמא״ — ווי די הוהן, וואָס טרייסעלט אָפּ אירע פליגלען פון זאַמד (ב״ר ע״ה).

דער נביא זכריה האָט געלעבט ביים סוף פון גלות בבל, ווען מיט דער דערלויבעניש פון כורש מלך פרס און אונטער דער פירערשאַפט פון זרובבל, אַן אָפּשטאַם פון דוד המלך און יהושע דעם כהן גדול, האָבען אַ קליינע צאָל אידען זיך צוריגעקערט קיין ארץ ישראל און אָנגעהויבען בויען דאָס לאַנד און דעם בית המקדש. זייער אַרבייט איז פאַר אַ געוויסער צייט אָפּגעשטעלט געוואָרען צוליב די מסירות פון די דאַמאָלסדיגע איינוואוינער פון לאַנד, וועלכע האָבען „מרפים ידי עם יהודה ומבהלים אותם לבנות״ — אָפּגעשלאָפּט די הענט פון דעם פאָלק פון יהודה און זיי געזוכט אָפּצושרעקען פון בויען. און אַז די אידען האָבען זיך ניט אָפּגעשראָקען און פאַרטגעזעצט זייער בוי־אַרבייט „סוכרים עליהם יועצים להפר עצתם״ — האָבען זיי אונטערגעקויפט די רעגירונגס־באַאַמטע אין לאַנד, אַז זיי זאָלען ניט דערלאָזען די אידען צו דערגרייכען זייער ציל (עזרא ד׳).

זיין נבואה האָט זכריה געהאַלטען דורך די עטליכע יאָר, וואָס די שטערונגען זיינען אָנגעגאַנגען, און מיט זיינע ווערטער האָט ער געזוכט צו מוטיגען די אידען, אז זיי זאָלען זייער אַרבייט פון בויען דאָס לאַנד און דעם בית המקדש ניט אויפגעבען. די נבואה פון זכריה, זאָגט רש״י, „סתומה היא מאד״, איז זעהר רעטזעלהאַפט, „כי יש בה מראות דומות לחלום הניתן לפתרון, ואין אנו יכולים לעמוד על אמיתת פתרונו עד יבא מורה צדק״ — ווייל זי באַשטייט פון וויזיעס, וועלכע זיינען געגליכען צו אַ חלום, וואָס מען דאַרף אים באַשיידען, און מיר קאָנען זיך ניט שטעלען אויף זייער אמת׳ער באַשיידונג ביז משיח וועט קומען (רש״י זכרי׳ א. א.). די אומשטענדען פון דער צייט האָבען ניט דערלויבט צו רעדען אָפען. אָבער אויף וויפיל מיר פאַרשטייען, איז זייער אויפגאַבע געווען פון איין זייט צו דערמונטערען די בויער, אַז זיי זאָלען אָנגיין מיט זייער הייליגער אַרבייט, און פון דער צווייטער זייט — צו מוסר׳ן די אידען,

וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבען אין גלות, פאַר ניט העלפען זייערע ברידער אין דעם אידישען לאַנד.

ער פאַרזיכערט די אידען, אין נאָמען פון ג׳, אַז זייער אַרבייט וועט געלינגען. ירושלים וועט ווערען אַ גרויסע שטאָט מיט אַ סך איינוואוינער. די פעלדער וועלען פון זיך ארויסגעבען זייער פרוכט און די הימלען וועלען אַרונטער־שיקען זייער טוי און רעגען אין צייט. אַלע תעניתים און טרויער־טעג וועלען פאַרוואַנדעלט ווערען אין ימים־טובים און פיל פעלקער וועלען צושטיין און וועלען זיך בעטען: „נלכה עמכם כי שמענו אלקים עמכם" — לאָזט אונז גיין מיט אייך, ווייל מיר האָבען געהערט, אַז ג׳ איז מיט אייך. צו די אַלע, וואָס שטערען, שרייט דער נביא אויס מיט גרויס וואוטה: „הס כל בשר מפני ה׳, כי נעור ממעון קדשו" — איר וועט אַלע פאַרשטומט ווערען פון ג׳, ווייל ער וועקט זיך פון זיין הייליגער וואוינונג און גייט העלפען זיינען אידען צוריק־געבויט צו ווערען אַלס זעלבסטשטענדיג פאָלק.

דער מדרש אָבער וויל האָבען, אַז די ווערטער „כי נעור ממעון קדשו", אַז ער האָט זיך דערוועקט פון זיין הייליגער וואוינונג, גייט אויף דעם אידישען פאָלק. ווען וועט דער אויבערשטער איינשטילען אַלע פעלקער, וואָס שטערען דעם אידען צו קומען צו זייער אייגען לאַנד, אויב ער וועט זיך אַליין דערוועקען און אויפהויבען צו קעמפען פאַר זיינע רעכטען. „כהדא תרנגולתא דמנערא אגפה מן קיטמא" — ווי די הוהן, וואָס טרייסעלט אָפּ אירע פליגלען פון זאַמד. אַזוי ווי די הוהן קאָן ניט גערייניגט ווערען פון דעם זאַמד, אין וועלכען זי ליגט, סיידען זי שטעלט זיך אַליין אויף און גיט זיך אַ גוטען טרייסעל, אַזוי אויך דאָס אידיש פאָלק קאָן ניט קריגען זיין אמת׳ע ישועה, סיידען עס זאָל זיך אַליין אויפהויבען און אָפּטרייסלען פון זיך דאָס זאַמד און קעמפען פאַר זיין פרייהייט.

---

ה.

## מ׳זוכט אַן אויסרייד צו פאַרלענגערען די גאולה

### מאין לי בשר לתת לכל העם?

„אינם מבקשים אלא עלילה. אם אתה נותן להם בשר בהמה גסה, יאמרו דקה בקשנו. ואם אתה נותן להם דקה, יאמרו גסה בקשנו, חיה ועוף בקשנו, דגים

וחגבים בקשנו" — זיי זוכען בלויז אַן אויסרייד. אויב דו וועסט זיי געבען רינדערן־פלייש, וועלען זיי שרייען, שעפּסען־פלייש האָבען מיר געבעטען. און אויב דו וועסט זיי געבען שעפּסען־פלייש, וועלען זיי טענה'ן, רינדערן־פלייש האָבען מיר געבעטען, חיות און עופות האָבען מיר געבעטען, פיש און היישעריקען האָבען מיר פאַרלאַנגט (ספרא).

אין אַ קורצער צייט נאָכדעם ווי דער משכן איז אויפגעשטעלט געוואָרען, האָט דער אויבערשטער באַאויפטראַגט משה און אהרן, אַז זיי זאָלען מאָביליזירען די אידישע יוגענט, „מבן עשרים שנה ומעלה", פון צוואַנציג יאָר און העכער, „כל יוצאי צבא", אַלע וואָס קאָנען גיין אין דער אַרמיי, כדי צו זיין גרייט איינצונעמען דאָס לאַנד, וואָס ער האָט פאַרשפּראָכען צו זייערע עלטערען צו געבען זייערע קינדער. „לפי שרצה הקב"ה להכניסם לארץ מיד", ווייל עס איז געווען דער ווילען פון ג' זיי באַלד אַריינצובריינגען אין לאַנד, האָט ער געוואָלט, אַז זיי זאָלען ניט צופיל צייט פאַרלירען און גלייך זיך נעמען צוגרייטען צו דער הייליגער אויפגאַבע (ספרי דברים). איצט, אַז זיי האָבען שוין באַקומען די תורה און אויך אויפגעשטעלט פאַר זיך אַ גייסטיגען צענטער, וואָס וועט זיי האַלטען צוזאַמען אַלס זעלבסטשטענדיג פאָלק, מוזען זיי מיט זייערע אייגענע כוחות גרינדען די נאַציאָנאַלע היים, וואָס וועט פאַרזיכערען זייער צוקונפט.

משה פילט זיך גליקליך. די גרעסטע אַמביציע פון זיין לעבען האָלט ביים פאַרווירקליכט ווערען. אַלע צרות און יסורים, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין פון פרעה און פון די אידען, האָט ער אימער אָנגענומען פאַר גוט, כדי וואָס שנעלער צו מאַכען די אידען פאַר אַ פאָלק און זיי אַריינברינגען אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד. ער נעמט זיך גלייך צו דער אַרבייט פון ציילען די אידען און ער געפינט אויס, אַז די צאָל פון די קעמפּפענדע רייען גרייכט ב"ה ביז אַריבער זעקס הונדערט טויזענט — אַ היפּשע אַרמיי אויך פאַר היינטיגע צייטען. ער איז געווען זיכער מיט אַ שנעלען זיג, ווייל ער האָט גוט געוואוסט, אַז דאָס קליינע לאַנד איז באַזעצט פון פינף־און־דרייסיג פאַרשיידענע מלוכות, וועלכע לעבען ניט פריינטליך צוזאַמען און וועלען זיכער ניט אַרויסווייזען קיין פאַראייניגטען ווידערשטאַנד.

ער מאָביליזירט די אידישע חילות, טיילט זיי איין אין פאַרשיידענע דיוויזיעס, מיט באַזונדערע פאָנען, לויט זייערע שבטים, און צייכענט אָן פאַר זיי די וועגען, דורך וועלכע זיי זאָלען זיך ציען, כדי וואָס שנעלער צו גרייכען דאָס

לאַנד. ער הייסט זיי צו קאָנצענטרירען זיך אַרום דעם „ארון הקודש", וועלכער וועט פאַר זיי אָפּראַמען אַלע שטרויכלונגען אויף זייער וועג און אויך זיי פאַר־היטען פון אַ דורכפאַל. „בשעה שהיו ישראל נוסעין, היו שני ניצוצין של אש, יוצאין מתוך שני בדיו של ארון כדי לפגע שונאיהן" — ווען די אידען האָבען גערייזט, פלעגען צוויי פונקען פייער אַרויס פון די שטאַנגען פון דעם ארון צו באַגעגענען זייערע פיינט (במד"ר ה'). מיט דעם „ארון הקודש" ביי זייער זייט זיינען אידען זיכער אין אַלע זייערע וואַנדערונגען. די שטאַנגען פונ'ם ארון, וועלכע שטעלען פאָר דעם אידישען שטאָלץ און גלויבען, וועלען זיי איבעראַל באַשיצען פון אונטערגאַנג און זיי פירען אויף דעם וועג פון ענדליכער באַפרייאונג.

עס קאָן אַמאָל טרעפען, זאָגט ער זיי, אַז „ביום הקים את המשכן", ווען אידען שטעלען אויף זייער משכן אין אַ געוויסען פּלאַץ, זאָל זיך אַ וואָלקען פאַרשפּרייטען אַרום זייער פאַרזאַמלונגס־געצעלט. זאָלען זיי אָבער ניט פאַר־צווייפלען, ווייל „ובערב יהיה על המשכן כמראה אש עד בוקר" — אין דער רעכטער פינסטערניש פון דער נאַכט וועט פאַר זיי אויפשיינען אַ הייליגער פייער, וואָס וועט זיי געבען ליכט ביז עס וועט קומען אַ נייער פרימאָרגען און די וואָלקענס וועלען פאַרשווינדען. „כן יהיה תמיד, הענן יכסנו, ומראה אש לילה" — אַזוי וועט עס אימער זיין: ווען אַ וואָלקען וועט באַדעקען די אידישע געמיינדע, וועט זיך ווייזען אַ ליכטיגער פייער, וואָס וועט פאַר זיי שיינען דורך דער נאַכט.

כאָטש דער אידישער שיקזאַל אין גלות איז אַזאַ, אַז „במקום אשר ישכן שם הענן, שם יחנו בני ישראל" — וואו עס רוט דער וואָלקען, דאָרט וואוינען נעבאַך די אידען; אין די לענדער, וואו פינסטערניש און אידענהאַס הערשט, דאָרט געפינען זיך גרויסע אידישע קהילות. זאָלען זיי חו"ש ניט אַריינפאַלען אין אַ יאוש. „על פי ה' יסעו בני ישראל ועל פי ה' יחנו" — אויף דעם באַפעל פון ג' ציען זיך די אידען און אויף זיין באַפעל רוען זיי. „מה חנייתן על פי הדיבור אף נסיעתן על פי הדיבור" — ווי זייער רו ווערט באַשטימט פון זיין וואָרט, אַזוי אויך זייער נסיעה צו זייער אייגען לאַנד וועט באַשטימט ווערען פון זיין וואָרט (מנחות צ"ה). דער שיקזאַל פון די אידען ליגט אין די הענט פון גב"ה אַליין, און ווען די צייט וועט קומען, וועלען זיי געוויס אויפגעריכט ווערען.

און דער וואָלקען אַרום דער אידישער מחנה הויבט זיך אויף, „ויסעו מהר ה' דרך שלשת ימים" — און די אידען לאָזען זיך גיין פון ג'ס באַרג אויף אַ וועג פון דריי טעג. דער ארון גייט פאַראויס און די פאַרשיידענע אַרמייען ציען זיך

נאָך אים. „ויהי בנסוע הארון ויאמר משה: קומה ה׳ ויפוצו אויביך וינוסו משנאיך מפניך״ — ווי דער ארון האָט גענומען ציען, שרייט אויס משה: שטייט אויף ג׳ און זאָלען דיינע האָסער צעשפרייט ווערען און זאָלען זיי, דיינע פיינט, אַנטלויפען פון דיר. זיין קריג־רוף איז ניט אַזאַ, וואָס רופט פאַר ראַכע און בלוט־פאַרגיסונג. ער בעט, אַז ג׳ זאָל די פיינט פאַריאָגען, כדי די אידען זאָלען דאַרפען ווייניג בלוט פאַרגיסען...

„אלו זכו ישראל לשלשה ימים היו נכנסין לארץ״ — וואָלטען די אידען טאַקע ווערט געווען, וואָלטען זיי ביים סוף פון די דריי טעג אַריין אין לאַנד (ספרי דברים). עס איז אָבער ניט באַשערט געווען משה׳ן דאָס גליק אַריינצוברענגען די אידען אין זיין געליבט לאַנד. „ויהי העם כמתאוננים״ — דאָס פאָלק האָט זיך אָנגעהויבען צו באַקלאָגען. „אוי לנו״, ווי איז צו אונז — האָבען זיי געשריען. „כמה לבטנו בדרך הזה שלשה ימים שלא נחנו מענוי הדרך?״ — וויפיל האָבען מיר זיך אָנגעפלאָגט אויף דעמדאָזיגען וועג? און פאַר גאַנצע דריי טעג האָבען מיר זיך ניט אויסגערוט פון די פייניגונגען פון וועג (מדרש אגדה). צו אַרבייטען טאָג און נאַכט אונטער אַ „קוצר רוח ועבודה קשה״, קורצען געמיט און שווערער אַרבייט פאַר די מצריים איז ביי זיי רעכט געווען, אָבער צו גיין דריי טעג, כדי וואָס גיכער אָנצוקומען אין זייער לאַנד, איז זיי געפאַלען שווער. און די מחנה שטעלט זיך אָפּ. „וישמע ה׳ ויחר אפו ותבער בם אש ה׳״ — און ג׳ הערט און זיין צאָרן גרימט און עס ברעכט אויס אַ פייער פון ג׳, „ותאכל בקצה המחנה״ — און הויבט אָן צו פאַרניכטען אַ טייל פון דער מחנה.

אזוי איז שוין אימער ב״ה: שטעלען אידען אָפּ זייער גאַנג נאָך ארץ־ישראל און קלייבען אויס בעסער צו פאַרבלייבען אין די מדבריות פון זייערע גלות־לענדער, ווערען זיי באַפאַלען פון גרויזאַמע פייערען, וועלכע פאַרניכטען גרויסע טיילען פון זיי. אידען האָבען אַ קורצען זכרון בנוגע צום גלות, זאָגט הרב ניסענבוים, ע״ה. די אַלע אומגליקען, וואָס דער גלות האָט זי געבראַכט, פאַרגעסען זיי שנעל. „זכרנו״, וואָס געדענקען זיי יאָ? „את הדגה אשר נאכל במצרים״ — די פיש, וואָס זיי האָבען געגעסען אין מצרים. מיינט איר אפשר, אַז זיי האָבען דאָרט געהאַט אמת׳ע העכט? הויבט זיך גאָרניט אָן. „בשעה שהיו ישראל שואבין מים הקב״ה מזמין להם דגים קטנים בכדיהם״ — ווען די אידען פלעגען שעפען וואַסער פאַר זייערע פאַרפאָלגער, פלעגט זיי ג׳ צושטעלען קליינע פישלאַך אין זייערע קרוגען (יומא ה׳). דער גלות איז ניט געווען אַזוי ברייט־

האַרציג. די גרויסע פיש נעמען־צו די גויים און די אידען וואַרפט מען צו פון די דראָבעשקעס, קליינע פישלאַך, קיי און שפיי, און אויך דאָס פאַרגינט מען זיי ניט.

„ויבכו בני ישראל ויאמרו מי יאכילנו בשר?" — און די אידען וויינען זיך פלוצלונג פאַנאַנדער און זיי טענה'ן: ווער וועט אונז געבען פלייש? האָט זיי דען געפעהלט פלייש?" פרעגט דער מדרש. ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים, האָבען זיי דאָך מיטגעפירט „צאן ובקר ומקנה כבד מאד" — שאָף, רינדער און שווערע סטאַדעס פון פאַרשיידענע פי. „אלא שמבקשים עלילה לפרש מאחרי המקום" — זיי האָבען דאָס געטאָן בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבען געזוכט אַלערליי אויסריידען, אַבי זיך אָפּצוטיילען פון גאָט (ילקוט שמעוני) און ברעכען די אידישע גאַנצקייט.

משה ווערט פאַרצווייפעלט און בעט אויף זיך דעם טויט. „מאין לי בשר לתת לכל העם?" — וואו וועל איך נעמען פלייש צו געבען דעם גאַנצען פאָלק? „הרגני נא הרג ואל אראה ברעתי" — הרג'ע מיך בעסער און לאָמיך ניט זעהן מער מיין שלעכטען סוף.

און דער אויבערשטער ענטפערט אים: ווער ניט נתפעל און פאַרליר ניט דיין געדולט. ניט פלייש ווילען זיי, ווייל וואָסער פלייש דו זאָלסט זיי ניט געבען, וועלען זיי זיך ניט צופרידענשטעלען. זיי זוכען בלויז תירוצים פאַר אָפּהאַלטען די נסיעה נאָך ארץ־ישראל און צו פאַרלענגערען די גאולה. און די אידען בלייבען אין דער מדבר פאַר יאָרענלאַנג...

# הפטרה

## די צווי קוואַלען פון וואַנען אידען ציהען חיונה

**ושנים זיתים עליה.**

„קרן כהונה ומלכות, העומדים על אדון כל הארץ לבקש לפניו להחזיר את גדולתו" — דאָס זיינען דער האָרן פון כהונה און מלכות, וואָס שטייען פאַר דעם האַר פון דער וועלט צו בעטען פון אים אַז ער זאָל צוריקקערען זיין גרויסקייט (רש"י).

די נבואה פון היינטיגער הפטרה איז געזאָגט געוואָרען ביים סוף פון גלות בבל, ווען מיט דער דערלויבעניש פון כורש מלך פרס האָבען אַ צאָל פון עטליכע און פערציג טויזענט אידען, אונטער דער פירערשאַפט פון זרובבל, פאַרלאָזט דעם גלות און אַוועק נאָך ארץ־ישראל, כדי צוריקבויען דאָס חרוב'ע לאַנד. אַ קורצע צייט איז די בוי־אַרבייט אַנגעגאַנגען מיט אַ שנעלען טעמפּאָ. אָבער צוליב די שטערונגען פון די פרעמדע איינוואוינער דאָרט, וועלכע האָבען פאַר'מסר'ט די אידען פאַר דער פערזישער מלוכה און זיי באַשולדיגט אין אומ־טרייקייט, איז די אַרבייט אָפּגעשטעלט געוואָרען. די חלוצים אין לאַנד זיינען געוואָרען אָפּהענטיג און די גרויסע אידישע מאַסען, וועלכע זיינען נאָך פאַר־בליבען אין גלות, האָבען ווייניג געהאָלפען, אַז די חלוצים זאָלען קאָנען ווייטער אָנגיין מיט דער היילינער אַרבייט.

די נביאים זכרי' און מלאכי, וועלכע האָבען געלעבט אין יענער צייט, האָבען געווידמעט זייער נבואה צו דער אויפמונטערונג פון דעם קליינעם אידישען קבוץ אין לאַנד, אַז זיי זאָלען די בוי־אַרבייט פאָרטזעצען אונטער אַלע אומ־שטענדען און זיך ניט רעכענען מיט קיינע פון די שטערונגען. זיי האָבען אויך שטאַרק גע'מוסר'ט די פאַרבליבענע אידען אין בבל פאַר שטיין פון ווייטענס און ניט צולייגען אַ האַנט צו דער אַרבייט.

אין דער היינטיגער הפטרה ווערט אונז איבערגעגעבען דאָס פאָלגענדע בילד, וואָס ער האָט געזען אין זיין פאַנטאזיע: „אַ מלאך וועקט אים אויף פון שלאָף און פרעגט אים: „מה אתה רואה?" — וואָס זעהסטו? און ער ענטפערט אים, אַז ער זעהט אַ גאָלדענע מנורה פון זיבען רערען און אַ גאָלדענעם בעקען פון אויבען, פון וועלכען די רערען ציען זייער בוימעל! אויףביידע זייטען פון דער מנורה, רעכטס און לינקס, שטייען צוויי איילבערט־ביימער. און וואָס שטעלען זיי פאָר? אויף זיין פראַגע קריגט ער אַ מיסטעריעזען ענטפער: אזוי האָט ג' געזאָגט צו זרובבל: „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי" — ניט מיט מאַכט און ניט מיט קראַפט, נאָר מיט מיין גייסט, וועט איר קאָנען צוריק אויפגעבויט ווערען...

די בעלי אגדה ווילען האָבען, אַז מיט דער מנורה ווערט געמיינט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, וואָס דאַרף דינען אַלס ליכט פאַר אַלע פעלקער. אָט די ליכט באַקומט זי פון אַן אויבערשטען בעקען, וואָס גיט איר די פאַסיגע ביימלען צו קאָנען לייכטען. מיט די צוויי איילבערט־ביימער ווערען געמיינט די צוויי

כוחות, וואָס האָלטען איר אויף, „כהונה" און „מלכות", דער כוח פון אמונה און דער כוח פון נאַציאָנאַליטעט. מיט די צוויי כוחות וועלען אידען צוריקגעבויט ווערען. טראָץ אַלע שטערונגען, וואָס זייערע שונאים לייגען אויף זייער וועג, וועלען זיי ענדליך אַרויס די זיגער. די מאַכט און קראַפט, וואָס זיי באַנוצען, כדי ניט צו דערלאָזען, אַז ירושלים זאָל געבויט ווערען, וועט זיכער געבראָכען ווערען, ווייל דער גייסט פון ג׳ איז פיל שטאַרקער פון זיי.

און די הפטרה פאַרענדיגט זיך מיט דעם האַרציגען אויסרוף: „מי אתה הר הגדול לפני זרובבל? למישור, והוציא את האבן הראשה, תשואות חן חן לה" — ווער ביזטו, דו גרויסער באַרג, וואָס שטייט פאַר זרובבל? דו וועסט זיכער אויסגעגליכען ווערען און ער וועט באַפרייען דעם גרונט־שטיין מיט שאַלונגען פון גרויס ליבשאַפט. דער גרונט־שטיין, דער יסוד, וואָס אידען לייגען אויף צוריקבויען זייער היימלאַנד, וועט איבערלעבען אַלע שטערונגען און וועט ענדליך טריאומפירען.



# שלח

## א.

## די פּראָוואָקאַציע פון שיקען מרגלים

**איש אחד, איש אחד למטה אבותיו.**

„אותן ששאלו שלוח המרגלים לא נתכוונו אלא לבושתא של ארץ ישראל. לא האמינו להקב״ה שהיא ארץ טובה, ולא רצו לשלח מרגל שאינו משבטם" — די וואָס האָבען געפאָדערט צו שיקען מרגלים האָבען ניט געהאַט קיין אַנדער כוונה ווי צו באַליידיגען ארץ ישראל. זיי האָבען ניט געגלויבט דעם אויבערשטען, אַז דאָס לאַנד איז גוט און האָבען זיך ניט געוואָלט פאַרלאָזען אויף מרגלים, וואָס זיינען ניט פון זייער אייגענע שבטים (סוטה ל״ד, ע״ב, עיין רש״י ומהרש״א).

דער גאַנצער פּלאַן צו שיקען אַן אויספאָרשונגס־קאָמיטע צו שטודירען דאָס לאַנד, איז לכתחילה ניט געווען משה׳ן צום האַרצען. מיט ארץ ישראל אַלס דאָס אידישע היימלאַנד קאָן מען זיך ניט באַגיין ווי מיט אַנדערע לענדער. מען קאָן צו איר ניט צוטרעטען מיט אויבערפלעכליכקייט, מיט דעם וואָס מען זעהט מיט׳ן אויג. געוויינליכע חשבונות און קאַלטע עקספּערטיזען האַלטען קיינמאָל ניט אויס בנוגע ארץ ישראל. די געשיכטע האָט שוין אומציילגע מאָל באַוויזען, אַז דאָס וואָס אַנדערע פעלקער קאָנען ניט אויפטאָן אין אונזער ארץ אבות האָבען די אידען יאָ דערגרייכט. קאָנטיג, אַז די ערד, אַזוי גוט ווי דאָס פאָלק, איז „קשה־עורפ׳דיג" און אַנטזאַגט זיך צו פּראָדוצירען פאַר פרעמדע. אַלע אויספאָרשונגען און כלומר׳שט וויסענשאַפטליכע אַנאַליזען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון די ספּעצען, וועלכע זיינען אַהין געשיקט געוואָרען פון אינטערנאַציאָנאַלע פּילאַנטראָפען, האָבען ניט אויסגעהאַלטען. קוים הויבען אָן אידען קומען קיין ארץ־ישראל און איר באַאַרבייטען, ווערט זי עלאַסטיש און בויגזאַם און העלפט פאַרוואַנדלען אירע חורבות אין אמת׳ע גן־עדנ׳ס.

אויסער דעם האָט משה שטאַרק געגלויבט אין דער הבטחה פון ג׳, וועלכע ציט זיך נאָך פון די צייטען פון אברהם אבינו, ווען ער האָט אים פאַרשפּראָכען „לך אתננה ולזרעך", צו דיר וועל איך דאָס לאַנד איבערגעבען און צו דיינע קינדער. די דאָזיגע הבטחה איז פון אים פיל מאָל איבערגע׳חזר׳ט געוואָרען, און דאָס איז פאַר משה׳ן געווען מער ווי גענוג. אים האָט ניט געקימערט דער פאַקט, אַז „עז העם היושב בארץ", דאָס פאָלק, וואָס זיצט דאָרט איז שטאַרק, און יעדער טראָט, וואָס די אידען וועלען דאָרט דאַרפען מאַכען, וועט זיי אָנקומען מיט גרויסע שוועריגקייטען. ער איז געווען זיכער, אַז דער זיג וועט ענדליך זיין זייערער און דאָס לאַנד וועט באַלאַנגען צו זיי, איז צו וואָס זוכען עצות פון עקספּערטען מיט זייערע קאַלטע חשבונות?

אַלע אידישע שבטים אָבער האָבען עס געפאָדערט פון אים און משה האָט זייער פאַרלאַנג נאָכגעגעבען. ער האָט געמיינט, אַז די אידען זיינען טאַקע שטאַרק נייגעריג וואָס גיכער צו קומען אין זייער אייגען לאַנד, און אום צו קאָנען עס באַזיגען און איינעמען וואָס אַמשנעלסטען, ווילען זיי פריער אַ גרינטליכע אויספאָרשונג, וואָס זאָל די אונטערנעמונג גרינגער מאַכען.

משה האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז דאָס איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע פון אַ געוויסער גרופּע מענשען וועמען דער גאַנצער ענין ארץ ישראל איז ניט געווען צום האַרצען. דער פסוק רופט זיי אָן מיט דעם נאָמען „אספסוף", וואָס מיינט אַ מישמאַש פון „גרים" און פון אַזעלכע אידען, וואָס האָבען געבענקט נאָך מצרים און האָבען זיך געשראָקען פאַר דער אידייע, אַז אידען זאָלען ווערען אַ זעלבסטשטענדיג פאָלק.

ווען משה איז געקומען צו ג׳ און האָט אים איבערגעגעבען דעם פאַרלאַנג פון די אידען וועגען שיקען מרגלים, האָט ער אים קאַלט געענטפערט „שלח לך — מדעתך", שיק אויב דו ווילסט, לויט דיין אייגענעם שכל, וועלכער איז ליידער צו־קליין צו באַגרייפען די הויפּט כוונה, וואָס שטעקט אין דעם פּלוצימ׳־דיגען פאַרלאַנג זייערען (סוטה ל״ד, ע״ב, עיין מהרש״א). דו מיינסט דאָך, אַז אין דעם ליגט אַ סטראַטעגישער פּלאַן, זיי זאָלען אויסגעפינען ווי און פונוואַנען צו באַפאַלען דאָס לאַנד אום עס שנעלער צו באַזיגען, אָבער דו מאַכסט אַ גרויסען טעות, זיי זיינען גאַנץ ווייניג פאַראינטערעסירט אין סטראַטעגיע־פּלענער. וואָס זיי אינטערעסירט איבערהויפּט איז „הטובה היא אם רעה", איז דאָס לאַנד גוט אָדער שלעכט? זיי האָבען ניט קיין אמונה אין מיין פאַרשפּרעכען, וואָס איך האָב

אומצייליגע מאָל געמאַכט צו זיי און צו זייערע אבות, אַז איך גיי זיי געבען אַן „ארץ זבת חלב ודבש״, אַ לאַנד וואו עס רינט מילך און האָניג. זיי ווילען זיך אַליין ערקונדיגען אויב דאָס איז אמת און אויב עס לוינט זיך פאַר זיי צו גיין קעמפען פאַר׳ן לאַנד. זיי זיינען, ווי עס ווייזט אויס, צופרידען מיט די לענדער, וואָס איך האָב זיי געהאָלפען צו דערווערבען אויף דעם זייט ירדן און מער ווילען זיי ניט. צו ווערען אַ זעלבסטשטענדיג פאָלק אויף אַן אייגען לאַנד איז פאַר זיי ניט אַזוי פיל וויכטיג ווי דער „סיר הבשר״, דער טאָפּ פלייש, וואָס האָט זיי אויפגעהאַלטען אין גלות.

אויב זיי וואָלטען טאַקע מיט אַן אמת געוואָלט שיקען מרגלים אויסצו־געפינען די שוואַכקייטען פון לאַנד און וואו מען קאָן עס גרינגער אַנגרייפען, וואָלטען זיי ניט געפאָדערט אַז יעדער שבט זאָל זיין פאַרטראָטען. פאַר אַזאַ מיסיע קלייבט מען געוויינליך אויס אַ קליינע צאָל פעהיגע מענשען, וואָס פאַרשטייען „תכסיסי מלחמה״ און זיינען באַקאַנט מיט דער סטראַטעגיע ווי אַנצופירען אַ שלאַכט. זיי האָבען אָבער פאַרלאַנגט „איש אחד, איש אחד למטה אבותיו״, אַ פאַרשטייער פון יעדער שבט, און דאָס ווייזט קלאָר, אַז זייער כוונה איז געוועזן אַן ענגהאַרציגע, צו דערגיין אויב עס לוינט זיך פאַר זיי די גאַנצע אונטער־נעמונג. זיי האָבען ניט געטרויט גב״ה און זיי האָבען געהאַט ווייניג צוטרוי איינע צו די אַנדערע. יעדער שבט האָט געזוכט זיינע אייגענע נוצען און בענעפיטען.

די מעשה מיט די מרגלים האָט געבראַכט העכסט טרויעריגע רעזולטאַ־טען פאַר דעם דור המדבר און פאַר די שפּעטערדיגע אידישע דורות ביז צום היינטיגען טאָג. ביי יעדער געלעגענהייט, וואו עס פאָדערט זיך אַ פולשטענדיגע אידישע פאַראייניגונג, קומען פאַרשיידענע פאַרטייען אָדער קלייזלעך און פאָדערען פאַרטרעטערשאַפט, אָדער שיקען זייערע באַזונדערע שלוחים, ווייל זיי האָבען ניט קיין צוטרוי איינער צום אַנדערען. פון אַלע אונזערע מיהונגען לאָזט זיך אויס אַ בוידעם און דער גלות ווערט אַלץ מער און מער פאַרשאַרפט און פאַרלייגערט.



# הפטרה

## די אידען אין יהושע׳ס צייטען האָבען אַנדערש געהאַנדעלט

**וישלח יהושע מן השטים שנים אנשים מרגלים חרש.**

„לא שלח אותם רק שידעו מהיכן נוחה ליכבש, ולזה הסכים הקב״ה" — ער האָט זיי ניט געשיקט פאַר קיין אַנדער זאַך בלויז צו דערוויסען זיך פונ־וואַנען עס איז איר גרינגער איינצונעמען, און צו דעם האָט דער אויבערשטער אײַנגעשטימט (מהרש״א סוטה ל״ד ע״ב).

אַט די קורצע שטרעקע, פון שטים ביז ירדן, וועלכע האָט די מענשען וואָס יהושע האָט געשיקט, געדויערט בלויז עטליכע טעג צו דערגרייכען, האָט דעם „דור המדבר" גענומען גאַנצע פערציג יאָר דורכצומאַכען. די פאַרלייגערונג פון זייער גלות, זייער זיין „נבוכים במדבר", איינגעשלאָסען און פאַרבלאָנדזשעט אין דער וויסטע פאַר אַזאַ לאַנגער צייט, זיינען געוועזען די רעזולטאַטען פון דער טרויעריגער געשעעניש מיט די מרגלים. זייער פאָדערונג צו שיקען אייגענע מענשען אויסצופאָרשען דאָס לאַנד און ברייינגען אַ באַריכט צו יעדען שבט באַזונדער, אויב עס איז טאַקע אזוי גוט ווי ער באַהויפּטעט, האָט קלאָר געוויזען, אַז זיי גלויבען ניט אין דעם פאַרשפּרעכען פון גב״ה און אויך אַז זיי זיינען ווייט פון צו זיין נאַציאָנאַל געשטימט, ווייל זיי האָבען ווייניג צוטרוי צו די אַנדערע.

די לאַנגע יאָרען פון שקלאַפעריי, וואָס זיי האָבען דורכגעמאַכט אין מצרים, האָט געביטען זייער כאַראַקטער. זיי זיינען געוועזען פולשטענדיג באַהערשט פון דער גלות־פּסיכאָלאָגיע, וואָס לערענט, אַז דער „לחם לשובע", צו דערפילען זיינע עקאָנאָמישע באַדערפעניששען, איז דער הויפּט ציל פון דעם מענשען׳ס לעבען. צו ווערען אַ זעלבסטשטענדיג פאָלק אויף אַן אייגענעם נאַציאָנאַלען באָדען, דאָס האָבען זיי ניט פאַרשטאַנען. גלייך נאָך דעם רכילות׳דיגען באַריכט פון די מרגלים איבער ארץ ישראל זיינען זיי באַפאַלען משה׳ן און אהרנ׳ען און האָבען געשריען: „למה ד׳ מביא אותנו אל הארץ הזאת לנפל בחרב — הלא טוב לנו שוב מצרימה" — ווארום ברייינגט אונז ג׳ אין אַזאַ לאַנד צו פאַלען דורכ׳ן שווערד, איז ניט בעסער פאַר אונז צוריקקערען זיך נאָך מצרים? צו זיין פאַר־שקלאַפט און אַרבייטען שווער און ביטער פאַר אַ פרעמד לאַנד, דאָס איז פאַר

זיי גוט, אָבער צו קעמפפען פאַר זייער אייגען פאָלק און אוועקגעבען די כוחות פאַר זיין באַפרייאונג און זעלבסטשטענדיגקייט — דאָס האָבען זיי ניט געוואָלט.

דאָס האָט קעגען זיי ארויסגערופען דעם צאָרן פון ג׳ און ער האָט זיי געזאָגט: „בניכם יהיו רועים במדבר ארבעים שנה״ — אייערע קינדער וועלען זיך דאַרפען וואַלגערען אין דער מדבר פערציג יאָר. „יום לשנה, יום לשנה״, פאַר יעדען טאָג, וואָס אייערע מרגלים האָבען זיך געזאָמט אויף זייער טרויעריגער מיסיע, וועלען אייערע קינדער זיך מוזען האַדעווען אין מדבר אַ גאַנצען יאָר. די עלטערען זייערע, וועלכע האָבען צו דעם געפירט, „במדבר הזה יתמו ושם ימותו״, אין דעם זעלבען מדבר וועלען זיי פאַרצערט ווערען און דאָרט וועלען זיי אויסשטאַרבען. די וואָס ליבען דעם גלות ווערען פאַרשלונגען פון גלות.

דער יונגער דור אָבער, וואָס איז דערצויגען געוואָרען אונטער דער השפעה פון משה און אהרן, איז אויסגעוואַקסען צו זיין פאַטריאָטען פון זייער פאָלק און האָבען גוט פאַרשטאַנען דעם ווערט פון אַן אייגען לאַנד. זיי זיינען געווען גרייט צו קעמפפען און אָפּפערען זייערע לעבענס, אַבי צו האָבען אַ נאַציאָנאַלע היימלאַנד. אפילו די קינדער פון די שבטים ראובן און גד, וועלכע האָבען באַקומען זייער נחלה אויף דער זייט ירדן, האָבען וואָלונטירט: „אנחנו נחלץ חושים לפני בני ישראל עד אשר אם הביאנם אל מקומם״ — מיר וועלען גיין באַוואָפענט פאַר די בני ישראל ביז מיר וועלען זיי ברייגגען צו זייער פלאַץ. „לא נשוב אל בתינו עד התנחל בני ישראל איש נחלתו״ — מיר וועלען זיך ניט אומקערען צו אונזערע היימען ביז די אידען וועלען זיך ניט איינביר־גערען יעדער אויף זיין נחלה. זיי האָבען ניט געזוכט זייערע אייגענע אינטע־רעסען. זיי זיינען געווען גרייט פאַר אַלץ און זיינען געקומען צו יהושע׳ן און געזאָגט: „כל אשר צויתנו נעשה ואל כל אשר תשלחנו נלך״ — וואָס דו וועסט אונז באַפוילען וועלען מיר טאָן און וואוהין דו וועסט אונז שיקען וועלען מיר גיין.

און אַז יהושע שיקט מרגלים, גייען זיי „חרש״, שטילערהייט, אָהן דעמאָנסטראַציעס. ניט אַ באַזונדער פאַרטרעטער פאַר יעדען שבט, בלויז „שנים אנשים״, צוויי פעהיגע מענשען, פאַבלייט, וואָס וועלען פאַרשטיין „מהיכן נוחה ליכבש״, פונוואַנען איז גרינגער דעם שונא צו אַטאַקירען. אַז זיי ברייגגען זייער באַריכט, גיבען זיי אים איבער אין געהיים: „ויבאו אל יהושע ויספרו לו את כל המוצאות אותם״, זיי קומען צו יהושע׳ן און גיבען אים איבער אַלץ וואָס

זיי האָבען אויסגעפונען, ניט ווי די מרגלים אין משה׳ס צייטען, וואָס האָבען זייער באַריכט איבערגעגעבען „את כל העדה", צו דער גאַנצער געמיינדע. צו אַזאַ האַנדלונג האָט גב"ה איינגעשטימט און זיי האָבען דעם שונא באַזיגט.

ב.

## שלעכט געמיינט אָבער גוט געזאָגט

**כי חזק הוא ממנו.**

„דבר גדול דברו מרגלים באותה שעה, אל תקרי ממנו אלא ממנו כביכול" — אַ גרויס וואָרט האָבען די מרגלים אַרויסגעזאָגט צו יענער צייט. לייען ניט אין דעם וואָרט „ממנו" די באַדייטונג „פון אונז" , נאָר „פון אים", פון „כביכול" אַליין (סוטה ל"ה ע"ב).

ווי באַוואוסט, האָבען די מרגלים געזוכט איינצושרעקען די אידען, אַז זיי זאָלען ניט וועלען גיין נאָך ארץ־ישראל. זיי האָבען באַלאַנגט צו די רייכערע קלאַסען, וועלכע זענען אימער קעגען אידישער נאַציאָנאַליטעט. אויב אפילו זיי שטייען שוין צו צו אַ „אידיש אידזשענסי", וועלכע אַרבייט פאַר אַן אייגע־נעם היימלאַנד, פאַרטרעטען זיי די אַנטי־ציוניסטישע עלעמענטען. פאַר זיי דאַרף ארץ־ישראל זיין בלויז אַ צדקה־הויז, וואו עס זאָלען זיך קאָנען אויפ־האַלטען די אָרימערע קלאַסען פון די אידען, וואָס פלאָנטערען זיך צווישען זייערע פיס אין די לענדער וואו זיי וואוינען און האָבען זיך, מער אָדער ווייניגער, אַסימילירט און איינגעבירגערט. אָבער צו ווערען אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך, אַן איינהייטליכע נאַציע, וועלכע זאָל אויך זיין פּאָליטיש זעלבסט־שטענדיג — דאָס ווילען זיי ניט. זיי האָבען מורא, אַז דאָס וועט צעטרייסלען זייערע פּאָזיציעס, וואָס זיי האָבען זיך דערוואָרבען אין די לענדער וואו זיי געפינען זיך.

נאָך ביי יציאת מצרים האָבען מיר געהאָט אַזעלכע אידען. „היו להם פטרונין והיה להם עושר וכבוד ולא היו רוצים לצאת" — עס האָבען זיך צווישען זיי געפונען א צאָל רייכע לייט, וואָס זענען פּאַטראָניזירט און באַשיצט געוואָרען פון די עגיפּטער, און זיי האָבען דאָס לאַנד ניט געוואָלט פאַרלאָזען (שמו"ר י"ג). אָט די מענשען האָבען געלייגט שוועריגקייטען אין דער באַפרייאונגס־אַרבייט. אויך נאָכדעם, אַז די אידען זענען געשטאַנען ביים ים־סוף און אויף דעם באַפעל

פון ג׳: „דבר אל העם ויסעו״ — רעד צום פאָלק און זאָלען זיי ציען — איז דער יונגער שבט בנימין אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער, „היו שרי יהודה רוגמים אותם״ — האָבען די האַרען פון יהודה זיי פאַרוואָרפען מיט שטיינער (סוטה ל״ו).

דורך דער גאַנצער צייט וואָס די אידען האָבען געוואַנדערט אין דער מדבר, אויפ׳ן וועג נאָך ארץ־ישראל, איז משה אויסגעריסען געוואָרען פון דעם קלאָס אידען אויף יעדע שריט און טריט. אַז זיי האָבען געזעהן פרעה׳ן מיט זיינע חילות יאָגען זיך נאָך זיי, האָבען זיי געשריען אויף משה׳ן: „מה זאת עשית לנו להוציאנו ממצרים״ — וואָס האָסטו אַזוינס געטאָן צו אונז, אַרויס־צופירען אונז פון מצרים? ביי יעדער שוועריגקייט איז „ויצעק העם אל משה״, „וילונו העם על משה״ — שרייט מען אויף משה׳ן, קריגט מען זיך מיט משה׳ן. זיי האָבען אַלץ געהאַלטען אין איין באַקלאָגען די גוטע צייטען וואָס זיי האָבען געהאַט אין מצרים, „בשבתנו על סיר הבשר, באכלנו לחם לשבע״, ווען זיי זענען געזעסען ביים טאָפּ פלייש און געגעסען ברויט צו זאַט. ליידען פאַר פרייהייט האָבען זיי ניט געוואָלט. זיי האָבען געהאַלטען אין איין פאָדערען נסים, איבערנאַטירליכעס, און אויך דאָס איז ניט געווען אָנגעלייגט.

קענטיג, אַז זיי האָבען זיך אַרומגעטראָגען מיט דער אידייע, אַז איצט וואָלט געווען דער בעסטער פּלאַן זיך צוריקצוקערען נאָך מצרים. פרעה מיט זיינע חיילות זיינען דערטרונקען געוואָרען אין ים־סוף, די מיליטערישע מאַכט איז אין גאַנצען געבראָכען, איצט איז די צייט צו פאַרכאַפּען דאָס לאַנד. און, ווי באַקאַנט, איז מצרים דאַן געווען דאָס פּרוכטבאַרסטע פון אַלע לענדער. זיי האָבען דערפאַר איינגערעדט די מרגלים, אַז זיי זאָלען ברייננען אַ שלעכטען באַריכט וועגען ארץ ישראל. דאָס וועט אַנטמוטיגען די אידען, וועלכע זענען נאָך ניט געווען שטאַרק באַזעלט מיט דער אידייע פון פרייהייט, אַז זיי זאָלען זיין גרייט צו ריזיקירען זייער לעבען צו קעמפען קעגען אַ פיל שטאַרקערער מאַכט פון זיי.

דער טרויעריגער באַריכט, וואָס די מרגלים האָבען געבראַכט איבער דער שטאַרקייט פון דעם פאָלק וואָס זיצט דאָרט און איבער די פאַרפעסטיגטע שטעט, האָט טאַקע אויפגעטרייסעלט דאָס פאָלק און האָט פאַרלענגערט זייער גלות אינ׳ם מדבר פאַר שיינע עטליכע יאָר.

די חז״ל, וועלכע האָבען געציילט די אותיות פון דער תורה און אין יעדען וואָרט זיך פאַרטיפט צו געפינען די פאַרבאָרגענע כוונות, זעהען אין דעם

ענטפער פון די מרגלים אַן אַנדייטונג אויף דעם מיסטעריעזען כוח, וואָס באַהערשט די פעלקער און באַציעס פון דער וועלט. כאָטש זייער כוונה איז געווען איינצושרעקען די אידען, אַז דאָס פאָלק וואָס זיצט אויפ'ן לאַנד איז פיל שטאַרקער פון זיי, קאָן מען אָבער פון זייערע ווערטער לערנען אַ פיל העכערען געדאַנק. זיי זאָגען: „לא נוכל לעלות אל העם כי חזק הוא ממנו", מיר קאָנען ניט קיין מלחמה האַלטען קעגען דעם פאָלק, ווייל עס איז שטאַרקער פון אונז.

דאָס וואָרט „ממנו" אָבער האָט אַ צווייאיגע באַדייטונג: עס מיינט „פון אונז" און אויך „פון אים". און דאָ דערקלערען אונז די חז"ל, אַז אין זייערע ווערטער איז דאָ אַ „דבר גדול", אַ טיפער וואונק: די שטאַרקייט פון יעדען פאָלק קומט „ממנו", פון דעם אויבערשטען. אויב אַ פאָלק פירט זיך ווי ער פאַרלאַנגט, אונטערדריקט ניט זיינע בירגער און גיט זיי פולשטענדיגע פרייהייט, לאָזט ער אים אָנהאַלטען זיין שטאַרקייט. גייט דאָס פאָלק אָבער אַראָפּ פון דרך הישר און נעמט צו די פרייהייט פון זיינע איינוואוינער און דיסקרימינירט קעגען זיינע אונטערטאַנען, הויבט עס אָן צו פאַלען און פאַרלירט ענדליך זיין זעלבסט־שטענדיגקייט. די חזקה פון יעדען לאַנד, איר שטאַרקייט און אַנטוויקלונג קומט „ממנו", פון אים, פון כביכול אַליין.

---

# הפטרה

## אויספאָרשען די סטראַטעגישע פונקטען

**לכו ראו את הארץ.**

„ב' אנשים שלח יהושע והם כלב ופנחס, שהוחזקו כבר לצדיקים ולא יוציאו דבה על הארץ. לא שלח אותם רק שידעו מהיכן נוחה ליכבש" — צוויי מענשען האָט געשיקט יהושע און זיי זיינען געווען כלב און פנחס, וועלכע זענען פון לאַנג געווען באַוואוסט אַלס צדיקים, און זיי וועלען ניט אַרויסטראָגען קיין שלעכטס אויפ'ן לאַנד. ער האָט זיי געשיקט בלויז, אַז זיי זאָלען דערגיין פון וואַנען מען קאָן עס גרינגער איינגעמען (מהרש"א סוטה ל"ד ע"ב).

גאַנצע פערציג יאָר זענען פאַריבער זינט דעם טרויעריגען פאַל מיט די מרגלים, וועלכע האָבען אָנגערעדט אויף דעם לאַנד, אַז עס איז אַן „ארץ אוכלת יושביה", אַ לאַנד וואָס פרעסט אויף און פאַרצערט אירע איינוואוינער.

זייער באַריכט, וואָס איז געווען פּראָוואָצירט פון דעם „אספסוף״, אַ פּאַרטיי פון אַסימילאַנטען, וועלכע האָבען געזוכט צו שטערען די גרינדונג פון אַ אידישער מלוכה אין ארץ־ישראל, האָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט דעם מוט פון פאָלק און פאַר־לענגערט זייער וואַלגערען זיך אין דער מדבר פאַר גאַנצע פערציג יאָר. יהושע, וועלכען משה האָט מיטגעשיקט מיט די מרגלים, איז אָבער ניט געווען איינשטימיג מיט זייער מיינונג. ער האָט געגלויבט אין דער הבטחה פון ג׳, אַז דאָס לאַנד וועט איבערגעבען ווערען צו די אידען און עס וועט פאַר זיי ווערען אַן „ארץ זבת חלב ודבש״, אַ לאַנד, וואָס רינט מיט מילך און האָניג.

נאָך דעם טויט פון משה׳ן איז יהושע באַשטימט געוואָרען פון ג׳ אַלס זיין נאָכפאָלגער צו פירען די אידען אין זייער פאַרשפּראָכען לאַנד ארץ ישראל. ער שיקט אויך מענשען צו שטודירען דאָס לאַנד, אָבער וואָס פאַר אַ גרויסער אונטערשייד עס איז דאָ צווישען זיינע מרגלים און די פריערדיגע? יענע זיינען געשיקט געוואָרען פון פּראָוואָקאַטאָרען, וואָס האָבען געוואָלט אָפּשרעקען דאָס פאָלק און ווייזען אַז דאָס לאַנד טויג ניט פאַר אים, און עס איז פיל גלייכער צו פאַרבלייבען וואו עס איז, אָדער זיך צוריקקערען אין דער פרוכטבאַרער מצרים. זיי האָבען אָנגעזאָגט זייערע שלוחים וואָס פאַר אַ באַריכט צו ברענגען, און ווען זיי זענען געקומען צוריק האָבען זיי צוזאַמענגערופען „את כל העדה״, די גאַנצע געמיינדע, כדי אַלע זאָלען הערען אין וואָס פאַר אַ לאַנד משה וויל זיי פירען.

די „עצת המרגלים״, די פּראָוואָקאַציע פון׳ם „אספסוף״ מיט די מרגלים ווערט נאָך איצט פּראַקטיצירט פון די קעגנער פון אַ אידיש היימלאַנד. אום אָפּצושוואַכען די אידישע באַפרייאונגס־באַוועגונג שיקט מען צוערשט פאַרשונג־קאָמיסיעס, וועלכע ברענגען אַריין באַריכטען, אַז דאָס לאַנד איז צו קליין, צו אָרעם פאַר׳ן אידישען פאָלק, און אויך „כי עז העם היושב בארץ״, אַז די איינ־וואוינער פון לאַנד זענען שטאַרק קעגען דער גרינדונג פון אַ אידישער „קאָמאָנ־וועלט״. זיי ווייסען ניט און ווילען ניט וויסען, אַז מיט ארץ ישראל קאָן מען זיך ניט באַגיין ווי מיט אַנדערע לענדער. מען קאָן צו איר ניט צוטרעטען מיט אויבערפלעכליכקייט, מיט דעם וואָס מען זעהט מיט׳ן אויג.

געוויינליכע חשבונות און קאַלטע עקספּערטיזען האַלטען ניט אויס בנוגע ארץ ישראל. די געשיכטע האָט שוין אומצייליגע מאָל באַוויזען, אַז דאָס וואָס אַנדערע פעלקער קאָנען ניט אויפטאָן אין אונזער ארץ אבות האָבען די אידען דאָס יאָ דערגרייכט. קענטיג, אַז די ערד איז ווי דאָס פאָלק קשה׳עורפ׳דיג און

אַנטזאָגט זיך צו פּראָדוצירען פאַר פּרעמדע. אַלע אויספאָשונגען און כלומר׳שטע וויסענשאַפטליכע אַנאַליזען וואָס זענען געמאַכט געוואָרען פון די „ספּעצען", וועלכע זענען אַהין געשיקט געוואָרען פון קעניגליכע קאָמיסיעס אָדער פון אונזערע אינטערנאַציאָנאַלע פילאַנטראָפּען, האָבען ניט אויסגעהאַלטען. קוים הויבען אָן אידען קומען קיין ארץ ישראל און באַאַרבייטען די ערד, ווערט זי עלאַסטיש און בויגזאַם און העלפט פאַרוואַנדלען אירע חורבות אין אמת׳ע גן־עדנ׳ס.

יהושע אָבער שיקט ניט אַ קאָמיסיע אויסצופאָרשען די עקאָנאָמישע ריסור־סען פון לאַנד. אויף דעם האָט ער אַ פאַרשפּרעכען, אַז „עיני ה׳ בה מראשית השנה ועד אחרית השנה" — די אויגען פון ג׳ זענען אויף דעם געריכטעט פון אָנפאַנג ביז ענדע יאָר, און ער וועט שוין דאָרט באַזאָרגען זיין פאָלק מיט אַלע הצטרכות׳ן. אים אינטערעסירט אויסצוגעפינען אירע סטראַטעגישע פונקטען און זעהן „מהיכן היא נוחה ליכבש", פון וואַנען איז גרינגער עס אָנצוגרייפען.

ער שיקט צוויי אָנפאַרטרויטע מענשען, כלב און פנחס, וועלכע זענען געטריי זייער פאָלק און זייער אמונה, און שיקט זיי „חרש", שטילערהייט, ווייל אַזוי איז מען זיך נוהג, אויב מען וויל אויסגעפינען די סטראַטעגישע פּלענער פון אַ לאַנד און אירע פעסטונגען. און זייער באַריכט ברענגען זיי דירעקט און אין געהיים צו יהושע׳ן, וועלכער איז דער הויפּט קאָמאַנדיר פון די אידישע אַרמייען. אים גיבען זיי איבער „את כל המוצאות אותם", אַלץ וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט און וואָס זיי האָבען געלערנט.

„מרגלים אין להם חלק לעולם הבא" — די מרגלים, וואָס משה האָט געשיקט, האָבען ניט קיין חלק אין דער קומענדער וועלט (סנהדרין ק"ט). מענשען, וואָס ווילען ניט וויסען פון זייער ארץ אבות, אַנטזאַגען זיך אויך פון זייער פאַר־גאַנגענהייט. זיי לעבען בלויז מיט דעם היינט, און אַ היינט אָהן אַ נעכטען האָט אויך ניט קיין מאָרגען. צו קאָנען פאַרזייען פרוכט פאַר אָן אייגענעם „עתיד" מוז מען עס טאָן אויף אַ באָדען פון אָן אייגענעם „עבר". די איבערגע־געבענע קעמפער פאַר אונזער „ארץ אבות" און זייער באַריכט איז געוועזען „כי נתן ה׳ בידינו את כל הארץ וגם נמגו כל יושבי הארץ מפנינו" — אַז ג׳ האָט שוין געגעבען דאָס לאַנד אין אונזערע הענט, ווייל אַלע אירע איינוואויבער זענען אין גרויס שרעק פאַר אונז. אַזוי רעדען מענשען, וואָס גלויבען אין זייער פאָלק׳ס פאַרגאַנגענהייט און האָבען גרויס בטחון אויף זיין צוקונפט.

ג.

## קאַמיסיעס פאַר ארץ ישראל — אַ בכיה לדורות

**ותשא כל העדה ויתנו את קולם ויבכו.**

„אותו היום ערב תשעה באב היה, אמר הקב"ה: הם בכו בכיה של חנם ואני אקבע להם בכיה לדורות" — יענער טאָג איז געווען ערב תשעה באב, האָט ג' געזאָגט: זיי האָבען היינט געוויינט אַן אומזיסטען געוויין, וועל איך עס דערפאַר באַשטימען פאַר אַ שטענדיגען געוויין (סוטה ל"ה ע"א).

אַ שיין ביסעל חטאים זיינען אידען באַגאַנגען קעגען ג' און קעגען משה'ן דורך די אַלע יאָרען, וואָס דער פּראָצעס פון זייער גאולה האָט אָנגעהאַלטען. טראָץ די אַלע נסים, וואָס ג' האָט זיי געוויזען אין מצרים, און די איבערנאַטירליכע געשעהענישען, וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט אויפ'ן וועג אין מדבר, האָבען זיי נאָך אַלץ געהאַט אַ קנאַפּען צוטרוי צו ג' און צו משה'ן. ווי ווילד־צעלאָזענע קינדער, וועלכע דענקען, אַז אַלץ קומט זיי, האָבען די אידען געהאַלטען אין איין פאָדערען כל'ערליי באַקוועמליכקייטען, וואָס איז אויף אַ נאַטירליכען אופן שווער צו קריגען אין דער מדבר, און אַז זיי האָבען עס דאָך באַקומען, איז עס ביי זיי געווען גאַנץ ווייניג אָנגעלייגט. האָט זיי משה אויסגערעדט פאַר זייערע ווילדע פאָדערונגען, פלעגען זיי אים שטענדיג אויפוואַרפען: „המעט כי העליתנו מארץ זבת חלב ודבש?" — איז עס ווייניג פאַר דיר, וואָס דו האָסט אונז אַרויסגענומען פון אַ לאַנד, וואו עס רינט מילך און האָניג? אזוי ווי זיי וואָלטען אים אַ גרויסע טובה געטאָן מיט דעם, וואָס זיי האָבען זיך געלאָזט באַפרייען פון זייער שווערער שקלאַפעריי.

פיל מאָל האָבען זיי מיט זייערע ווילדע מעשים געבראַכט צו דעם, אַז גב"ה האָט זיי געוואָלט אינגאַנצען אומברענגען. משה האָט זיך אָבער שטענדיג אָנגענומען פאַר זיי און די גזרה אָפּגעשריען. ער האָט זיך תמיד געבעטען ביי ג': „המתן להם, לך עמהם ועושים לפניך מעשים טובים" — וואַרט זיי צו אַביסעל, גיי מיט זיי און זיי וועלען נאָך פאַר דיר טאָן גוטע מעשים (שמו"ר מ"ג). האָב געדולד, זיי זיינען דאָך ערשט אַרויס פון קנעכט־הויז, זיי זיינען נאָך ניט אימשטאַנד צו באַגרייפען דעם ווערט פון פרייהייט. גיב זיי אַ געלעגענהייט און זיי וועלען זיך נאָך אויסאיידלען און ווערען אַ אָנשטענדיג פאָלק.

וואָס פאַר אַ שרעקליכע צוציאונגס־קראַפט האָט דער גלות אימער פאַר

אונזערע אידען! ווען יעקב מיט זיינע קינדער האָבען באַקומען די איינלאַדונג פון פרעה צו קומען קיין מצרים, האָט מען ניט געשיקט צוערשט קיין קאָמיסיעס צו אונטערזוכען „הטובה היא אם רעה" — איז זי גוט אָדער שלעכט? מען האָט זיך אויך ווייניג געקימערט איבער דעם, וואָס עס קען ווערען פון זייערע קינדער אין אַ פרעמד לאַנד. גלייך האָט מען איינגעפּאַקט הכל אשר בכל און מען איז געווען גרייט צו פאַרלאָזען דאָס פאָטערלאַנד. ווי די תורה באַטאָנט עס איז גאַנצע צוויי פסוקים: „ויקחו את מקניהם ואת רכושם אשר רכשו בארץ כנען ויבאו מצרימה, יעקב וכל זרעו אתו" — זיי האָבען צוזאַמענגענומען זייערע בהמות און דעם גאַנצען פאַרמעגען, וואָס זיי האָבען דערוואָרבען אין דעם לאַנד כנען, און זיינען געקומען נאָך מצרים, יעקב און אַלע זיינע קינדער מיט אים.

קיינעם האָט מען ניט איבערגעלאָזט אָנצוהאַלטען די חזקה אויף דער ירושה פון זייערע אבות. „בניו ובני בניו אתו, בנותיו ובנות בניו וכל זרעו הביא אתו מצרימה" — זיינע זין און זיינע זיג׳ס זין זיינען געווען מיט אים, זיינע טעכטער און די טעכטער פון זיינע זין און אַלע זיינע קינדער האָט ער געבראַכט מיט זיך נאָך מצרים. זיך אַרויסגעריסען מיט אַלע וואָרצלען פון דער נאַציאָנאַלער היים און אַוועק וואוינען אין אַ פרעמדער מדינה. כאָטש, ווי אונזערע חז״ל ווילען האָבען, עקאָנאָמיש האָט זיי קיין זאַך ניט געפעלט אין כנען. אָבער דער פאַרשפּרעכען פון פרעה: „ואתנה לכם את טוב ארץ מצרים ואכלו את חלב הארץ" — איך וועל אייך געבען דאָס גוטס פון מצרים און איר וועט עסען דאָס פעטס פון דעם לאַנד, האָט זיי צוגעצויגען און אָהן איבערלייגונג האָבען זיי געמאַכט אַט דעם פאַטאַלען שריט.

ווען עס האַנדעלט זיך אָבער וועגען גיין און בויען זייער אייגענע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל, דאַן הויבען זיך אָן גרויסע ישוב הדעת׳ן און ספקות. מען וויל שוין וויסען: „מה הארץ?" — וואָס פאַר אַ לאַנד איז עס, „הטובה היא אם רעה?" — איז זי גוט אָדער שלעכט? „השמנה היא אם רזה?" — איז זי פעט אָדער מאָגער? „היש בה עץ אם אין?" — זיינען אין איר דאָ בוימער אָדער ניט? כאָטש זיי האָבען פיל מאָל געהערט פון זייער פירער, אַז ג׳ לויבט זעהר דאָס לאַנד, אַז עס איז אַן „ארץ זבת חלב ודבש" — אַ לאַנד וואָס רינט מיט מילך און האָניג. אויסער דעם: „עיני ה׳ בה מראשית השנה ועד אחרית השנה"— ג׳ס אויג וואַכט אויף איר פון אָנפאַנג יאָר ביז צום סוף פון יאָר, און אויב זיי וועלען זיך דאָרט באַזעצען, וועט זיי קיין זאַך ניט פעלען. אָבער ווי קען

מען זיך פֿאַרלאָזען וועגען פּרנסה־אַנגעלעגענהייטען אויף געטליכע פֿאַרשפּרע־כענס? דער גלות איז רייך, האָט אַ סך פֿיש און פֿלייש — ווי קען מען אים איבערלאָזען?

גיין נאָך מצרים איז עפּעס אַנדערש. אַהין פֿאָרט מען אין „עגלות", אין קאַרעטען, און דאָרט איז פֿאַראַן אַ „גושן", אַ רייך און פֿעט לאַנד. ארץ ישראל אָבער איז אַ קליינע און אָרימע מדינה. וואָס פֿאַר אַ געשעפֿטען קען מען דאָרט פֿירען? ניין, מען מוז זיין פֿאָרזיכטיג. און מען קומט צו משה'ן מיט אַ פֿאָרשלאַג: „נשלחה אנשים לפנינו ויחפרו לנו את הארץ" — לאָמיר פֿריער שיקען אַ קאָמיסיע פֿון מענשען, וועלכע זאָלען פֿאַר אונז גוט אויסשטודירען דאָס לאַנד, און ניט סתם אַ קאָמיסיע פֿון באַוואוסטע פֿאַכמענער, נאָר אַ פֿאָלקס־קאָמיסיע, אין וועלכער עס זאָלען אַריין פֿאָרשטייער פֿון יעדען שבט. ווי די גמרא זאָגט אונז: „לא האמינו להקב"ה שהיא ארץ טובה, ולא רצו לשלח מרגל שאינו משבטם" — זיי האָבען ווייניג צוטרוי געהאַט צו ג', אַז דאָס לאַנד איז אַ גוט לאַנד, און זיי האָבען זיך ניט געוואָלט פֿאַרלאָזען אויף מרגלים, וואָס זיינען ניט פֿון זייערע אייגענע שבטים (סוטה ל"ד ע"ב).

משה האָט זיך ניט געכאַפּט, אַז די גאַנצע מעשה איז אַ פּראָוואָקאַציע, ווייל „אותן ששאלו שלוח המרגלים לא נתכוונו אלא לבושתא של ארץ ישראל" — די וואָס האָבען געפֿאָדערט צו שיקען מרגלים, האָבען ניט געהאַט קיין אַנדער כוונה ווי צו באַליידיגען ארץ ישראל (סוטה שם). זיי האָבען געהאַט בדעה צו שיקען אַזעלכע מענשען, וועלכע זאָלען ברייגנען אַ ניט־גינסטיגען באַריכט, כדי זיי זאָלען אַהין ניט דאַרפֿען גיין. און דאָס איז זיי העכסט געלונגען. די קאָמיסיע איז געקומען צוריק און באַריכטעט: „באנו אל הארץ אשר שלחתנו וגם זבת חלב ודבש היא" — מיר זיינען געקומען אין דעם לאַנד וואוהין איר האָט אונז געשיקט און עס רינט טאַקע מיט מילך און האָניג, „אפס" — אָבער... און דאָ פֿאַנגען זיך אָן די באַקאַנטע טענות: „עז העם היושב בארץ" — דאָס פֿאָלק, וואָס זיצט איצט אין לאַנד, איז שטאַרק און וועט אונז באַקעמפֿען אויף שריט און טריט. אויסער דעם וועלען די אָרומיגע פֿעלקער ניט דערלאָזען, אַז מיר זאָלען דאָרט בויען אונזער נאַציאָנאַלע היים. „עמלק יושב בארץ הנגב" — עמלק באַזיצט דעם נגב; דער חתי, דער יבוסי און דער אמורי זיצען אויפ'ן באַרג, און דער כנעני זיצט ביים ים און ביים ירדן. זיי וועלען זיך אַלע שטעלען קעגען אונז און אונז באַשטרייטען.

איידער מען איז אַוועק אין מצרים האָט מען קיין סך ניט געטראַכט וועגן אַ תכלית פאַר זייערע קינדער. וועלען זיי האָבן אייגענע שאָף צו פּאַשען, איז גוט; אויב ניט, וועלען זיי זיין פּאַסטוכער ביי פּרעה'ן. ווען עס האַנדעלט זיך אָבער וועגן ארץ־ישראל, דאַן ווערט מען שטאַרק באַזאָרגט וועגן די קינדער. „בוטלים היו ישראל בניהם ובנותיהם הקטנים וזורקים לתוך חיקו של משה ואמרו לו: בן עמרם! מה הנאה התקנת להם לאלו? מה פרנסה התקנת להם לאלו?" — די אידען האָבן גענומען זייערע קליינע זין און טעכטער און זיי געוואָרפען אין משה'ס שויס און אים געפרעגט: דו, זון פון עמרם! וואָס פאַר אַ פאַרגעניגען האָסטו פאַר זיי צוגעגרייט? וואָס פאַר אַן עקאָנאָמישע צוקונפט האָסטו פאַר זיי פאַרזאָרגט? (ילקוט דברים); און מען ברעכט אויס אין אַ געוויין: „נשינו וטפנו יהיו לבז, הלא טוב לנו שוב מצרימה" — אונזערע פרויען און קינדער וועלען זיין אויסגעזעצט צו רויב, עס איז פאַר אונז פיל בעסער זיך צוריקצוקערען נאָך מצרים.

וואָס פאַר אַ ווערט האָט נאַציאָנאַלע פרייהייט, ווען עס האַנדעלט זיך וועגן פּרנסה, וועגן דעם „סיר הבשר", דעם טאָפּ פליישׁ, וואָס זיי האָבן אין גלות. ווי סאַרקאַסטיש קלינגט די באַמערקונג פון דער גמרא: „תולעים יוצאות מטיבורם ונכנסות בלשונם" — ווערים זיינען אַרויס פון זייער בויך און אַריין אין זייערע מיילער (סוטה ל"ה ע"א). שקלאַפען, וואָס לעבען נאָר פאַר זייער מאָגען, קענען ניט פאַרשטיין דעם ווערט פון נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט; ווען זיי ריידען וועגן אַן אייגען לאַנד, קריכען ביי זיי ווערים פון מויל...

אָט ווי דער „נעים זמירות ישראל" באַשרייבט אָט די מיאוס'ע געשעעניש: „שכחו אל מושיעם במצרים" — פאַרגעסען האָבן זיי אין ג' זייער העלפער, וואָס האָט געטאָן אַזוינע זאַכען אין מצרים, „נפלאות בארץ חם, נוראות על ים סוף" — וואונדער אין דעם לאַנד פון חם און פאָרכטיגע נסים ביים ים סוף. „ויאמר להשמידם, לולא משה בחירו עמד בפרץ לפניו להשיב חמתו מהשחית" — און ער האָט זיי טאַקע געוואָלט אומברייגען, ווען ניט משה, זיין אויסדערוויילטער, וואָס האָט זיך פאַר זיי איינגעשטעלט אָפּצוהאַלטען זיין גרימצאָרן פון פאַרדאַרבען. „וימאסו בארץ חמדה, לא האמינו לדברו" — זיי האָבן פאַראַכטעט דאָס געליבט לאַנד, ניט געגלויבט אין זיין וואָרט. „וירגנו באהליהם, לא שמעו בקול ה'" — זיי האָבן זיך באַקלאָגט אין זייערע געצעלטען און ניט געהערט דאָס קול פון ג'.

און וואָס זיינען געווען די רעזולטאַטען פון אַזע פאַררעטערישער האַנד־לונג? „וישא ידו להם, להפיל אותם במדבר" — ג' האָט ענדליך אויפגעהויבען זיין האַנט און געשוואוירען צו לאָזען זיי פאַלען אין דער מדבר. „ולהפיל זרעם בגוים ולזרותם בארצות" — און צעוואָרפען זייערע קינדער צווישען די פעלקער און זיי צעשפרייט אין פרעמדע לענדער (תהלים ק"ו). מיט מער וואוט און צאָרן רעדט וועגען דער דאָזיגער פאַסירונג דער גרויסער נביא ישעי', וועלכער האָט געזעהן ווי די אידישע מלוכה צעפאַלט זיך צוליב דער זעלבער אומטרייהייט צו זייער לאַנד און זייער נאַציע, ווי דער מדרש רעאגירט איבער זיינע ווערטער:

„על אותו הדור אמר ישעי'" — אויף דעם דור האָט געזאָגט ישעי':

„ביום נטעך תשגשגי" — „ביום שאמר ליטע אתכם בארץ עשיתם סיגים" — אין דעם טאָג, וואָס איך האָב געדענקט אייך צו פאַרפלאַנצען אין לאַנד, האָט איר ארויסגעגעבען דערנער. „ובבקר זרעך תפריחי" — „עד שלא בא השרב פרחת" — נאָך איידער די היץ פון קאַמף האָט זיך צעפלאַקערט, ביזטו אוועקגעפלויגען. „נד קציר ביום נחלה" — „ביום שאמרתי ליתן לכם נחלת אבותיכם עשיתם קלון בעולם" — אין דעם טאָג, וואָס איך האָב באַשטימט אייך איבערצוגעבען די נחלה פון אייערע עלטערען, האָט איר געבראַכט שאַנד אויף דער וועלט. „וכאב אנוש" — „זו הפורעניות שנטלתם ירושה לדורות" — אַט דעם שטאַרקען ווייטאָג האָט איר מיטגענומען אַלס ירושה פאַר די קומענדיגע דורות (מדרש תנחומא).

די חז"ל זאָגען: „אותו היום ערב תשעה באב היה" — דער טאָג, וואָס די מרגלים האָבען געבראַכט זייער טרויעריגער באַריכט, איז געווען ערב תשעה באב. אַזעלכע האַנדלונגען דערפירען אַ פאָלק צו חורבן. און דער אויבער־שטער האָט געזאָגט: „הם בכו בכיה של חנם ואני אקבע להם בכיה לדורות" — זיי האָבען דאַן געוויינט אַן אומזיסטען געוויין, און איך וועל עס מאַכען פאַר אַ שטענדיגען געוויין. זיי האָבען ניט געגלויבט מיין וואָרט, אַז דאָס לאַנד איז גוט פאַר זיי. עס האָט זיך זיי ניט אַנדערש געוואָלט ווי צו שיקען אויספאָר־שונגס־קאָמיסיעס צו דערגיין אויב עס לוינט זיך פאַר זיי דאָס לאַנד צו באַזיצען. וועט אַט די שענדליכע טאַט פאַרבלייבען אַ געוויין פאַר דורות. ווען נאָר עס וועט זיך האַנדלען וועגען ארץ ישראל און וועגען גרינדען דאָרט די נאַציאָנאַלע היים, וועט מען האַלטען אין איין שיקען אויספאָרשונגס־קאָמיטעט, וועלכע וועלען פאַרציען די גאולה.

---

# הפטרה

## ארץ ישראל פאַרטראָגט ניט צופיל טומעל

**וישלח יהושע שנים אנשים חרש.**

„אמר להם יהושע עשו עצמכם חרשים ואתם עומדים על רזיהם" — יהושע האָט זיי אָנגעזאָגט: „מאַכט זיך פאַר טויב־שטומע און איר וועט דערגיין אַלע זייערע סודות (רות רבה ב').

„איינע פון די הויפּט סיבות, וואָס פאַראורזאַכען גרויסע שטערונגען אין דער בוי־אַרבייט אין אונזער נאַציאָנאַלער היים", האָט אַמאָל געזאָגט פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן אויף אַן ענגער פאַרזאַמלונג אין ניו־יאָרק, „איז דאָס, וואָס ארץ ישראל שטייט הינטער אַ קלאַנג־ברעט און די קלענסטע פּאַסירונג דאָרט ווערט פאַנאַנדערגעקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט". מיר זעהען דאָס טאָג־טעגליך אויך היינט. לייענענדיג די אַלגעמיינע פּרעסע, קריגט מען דעם רושם, אַז אַלע אידען אין ארץ־ישראל האָבען אויפגעגעבען זייערע געשעפטען, זייערע פאַבריקען און זאָגאַר זייערע ישיבות און שולען און האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין די רייען פון די טעראָריסטישע באַנדעס און פייניגען די פרידליכע ענגלענדער און די אומשולדיגע אַראַבער, נעבעך.

אויך די זאָגענאַנטע פירערשאַפט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג שטייט הינטער אַ קלאַנג־ברעט און יעדער שריט, וואָס זי מאַכט — צי קלוג, צי נאַריש, צי גוט, צי שלעכט — ווערט פאַנאַנדערגעקלונגען איבער דעם גאַנצער וועלט. ביי די גוים, וועלכע זיינען געבענשט מיט די „ידים ידי עשו", ווערט מער געטאָן ווי גערעדט. זיי האָבען געהיימע אָפּמאַכען, סעקרעטנע פאַרזאַמלונגען — און ניט אַלע וויסען וואָס זיי פּלאַנען. דעריבער געלינגט זיי גאַנץ אָפט צו דערגרייכען אַזעלכע רעזולטאַטען, וואָס די עפענטליכקייט וואָלט אפשר געשטערט. אָבער מיר זיינען דאָך געבענשט מיט אַ „קול יעקב", און אַלץ, וואָס מיר טוען, מוז זיין „בקולות וברקים", דורך גרויסע פּובליסיטי אַפּאַראַטען, וואָס קומען אָפּ מיט טומעל, אָנשטאָט מעשים. יעדער פון די „משרתים" אָדער אפילו פון די „יוצר משרתים" פון אונזער פירערשאַפט האַלט אָפּ אייגענע פּרעסע־מיטינגען און זייערע נאַרישקייטען ווערען אויסגעקלונגען אַלס גרויסע סענסאַציעס, וואָס טוט אונז קיין גוטס ניט.

ניט אַזוי האָט זיך אויפגעפירט יהושע, דער ערשטער דעראָבערער פון אונזער לאַנד. אַז ער האָט געדאַרפט שיקען מענשען אויף אַ פּאָליטישער אָדער סטראַטעגישער מיסיע, האָט ער עס געטאָן „חרש״, שטילערהייט, און זיינע שלוחים האָט ער אָנגעזאָגט „עשו עצמכם חרשים״, מאַכט זיך פאַר טויב־שטום, רעדט ניט קיין סך און הערט בעסער וואָס מער. פאַר אונז איז מער וויכטיג „לעמוד על רזיהם״ — צו דערגיין זייערע סודות און פּלענער, ווי באַקאַנט־צומאַכען די וועלט מיט אונזערע צילען און שטרעבונגען...

---

ד.

## ארץ־ישראל האָט אימער געליטען פון אונטערזוכונגס־קאָמיסיעס

**וימותו האנשים מוציאו דבת הארץ רעה.**

„מרגלים אין להם חלק לעולם הבא״ — די מרגלים וועלען ניט האָבען קיין חלק אין דער קומענדיגער וועלט (סנהדרין ק״ט).

„דער שטח, וואָס טיילט־אָפּ ארץ־ישראל פון די אידען אין גלות, איז אייגענטליך ניט קיין גרויסער,״ באַקלאָגט זיך הרב מרדכי עליאַשבערג, ע״ה, אין איינעם פון זיינע בריוו. „די צרה איז אָבער, וואָס דער וועג, וואָס פירט צו איר, איז פול מיט שטרויכלונגען, וואָס זיינען דאָרט פאַרזייט ניט נאָר פון גויים, נאָר אויך פון אידען. אָט דערפאַר נעמט עס אונז אַזוי לאַנג דורכצומאַכען דעם קליינעם וועג. ווי מיר געפינען, אַז משה רבנו אַליין באַדויערט דעמדאָזיגען טרויעריגען פאַקט. ער זאָגט: „אחד עשר יום מחורב דרך הר שעיר עד קדש ברנע, ויהי בארבעים שנה — ראו מה גרמתם לכם״ — בלויז 11 טעג דאַרף עס נעמען פון חורב דורך דעם באַרג שעיר ביז קדש ברנע. אייך אָבער האָט עס גענומען גאַנצע 40 יאָר. זעהט וואָס איר אַליין האָט זיך אָנגעמאַכט״ (ספרי דברים).

וואָלטען די אידען זיך צוזאַמענגענומען און מיט פאַראייניגטע כוחות זיך געלאָזט אויפ׳ן וועג צו זייער אייגען לאַנד און זיך ניט אָפּגעשראָקען פאַר קליינע שטערונגען, וואָלטען זיי זיכער געהאַט דערפאָלג און דורכגעמאַכט די קליינע שטרעקע אין גאָר אַ קורצער צייט. האָט זיך אָבער דער גלות איינגע־געסען אין זייערע ביינער און דערלאָזט זיי ניט צו מאַכען אָט דעם געוואַגטען שריט. אַזוי איז עס געווען אַמאָל און אַזוי איז עס היינט. אַרויסגייענדיג פון

מצרים, „לא נחם אלקים דרך ארץ פלשתים, כי קרוב הוא" — האָט זיי ג׳ ניט געפירט אויף דעם וועג דורך דעם לאַנד פון די פלשתים, כאָטש ער איז געווען דער נענסטער, ווייל ער האָט מורא געהאַט „פן ינחם העם בראותם מלחמה ושבו מצרימה" — טאָמער ווער דאָס פאָלק חרטה האָבען, ווען עס וועט דערזעהן אַ קאַמף, און וועט זיך צוריקקערען קיין מצרים (שמות בשלח).

וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרער כאַראַקטער־שטריך פון דעם אידישען פאָלק ווערט אונז איבערגעגעבען אין די פאָלגענדע צוויי פסוקים אין דער תורה: איידער די גאולה־באַוועגונג האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָט פרעה געזוכט מיטלען ווי די אידען צו אונטערדריקען, ווייל ער האָט מורא געהאַט: „פן ירבה ונלחם בנו ועלה מן הארץ" — טאָמער ווערען זיי גרויס און וועלען קעמפען קעגען אונז און פאַרלאָזען דאָס לאַנד. און נאָכדעם ווי די גאולה איז שוין געקומען, האָט ג׳ מורא זיי צו פירען אויף אַ נאָענטען וועג: „פן ינחם העם בראותם מלחמה ושבו מצרימה" — טאָמער וועט דאָס פאָלק חרטה האָבען, ווען עס וועט דערזעהן אַ קאַמף, און וועט זיך צוריקקערען קיין מצרים. פרעה, דער גוי, פאַרשטייט, אַז אידען דאַרפען קעמפען פאַר פרייהייט. ג׳ אָבער ווייסט, אַז זיי וועלען אַנט־לויפען פון אַזאַ קאַמף...

און די הויפּט שטערער, וועלכע זיינען גורם אָפּצוהאַלטען די אידישע נסיעה צו זייער אייגען לאַנד, קומען כמעט תמיד פון אונזערע אייגענע רייען. גרופּען פון זאָגענאַנטע איינפלוסרייכע אידען, וועלכע האָבען זיך איינגעוואָר־צעלט אין גלות און ווילען דאָרט פאַרבלייבען, אַרבייטען אויף טיש און אויף ביינק ניט צו דערלאָזען, אַז אידען זאָלען פאַר זיך שאַפען אַ נאַציאָנאַלע היים אין ארץ ישראל. זיי שרעקען זיך פאַר דעם געדאַנק פון אַ אידישע נאַציע און ציטערען פאַר דער גרינדונג פון אַ אידישע מלוכה. נאָך אין מצרים, זאָגען אונז די חז״ל, האָבען זיך געפונען אַזעלכע אידען: „היו להם פטרונין והיה להם עושר וכבוד ולא היו רוצים לצאת" — עס האָבען זיך צווישען זיי געפונען אַ צאָל רייכע לייט, וואָס זיינען פּאַטראָניזירט און געאַכט געוואָרען פון די עגיפּטער, און זיי האָבען דאָס לאַנד ניט געוואָלט פאַרלאָזען. און פון די אידען איז משה אויסגעריסען געוואָרען זיין גאַנצען לעבען־לאַנג, און פון זייערע אייניק־לאַך ליידען מיר נאָך ביז היינטיגען טאָג (שמו״ר י״ג).

דער פסוק רופט זיי אָן מיט דעם נאָמען „אספסוף", וואָס מיינט אַ נאָכ־שלעפּעניש — מענשען, וואָס האַלטען זיך פאַר אָפּגעריסענע גלידער פון אידישען

פאַלק און שלעפּען זיך נאָך אים נאָך בלויז, ווייל די גוים ווילען זיי ניט האָבען. זיי פּראָקלאַמירען זיך אַלס „איזראַעליטען פון משה׳ס גלויבען". די גמרא זאָגט אָבער, אַז זיי זיינען אַזעלכע מענשען, וואָס „סרו מאחרי ה׳" — זיי האָבען זיך אָפּגעקערט פון ג׳ און פאַראַכטען זיין אמונה. זיי זוכען זיך צו אַסימילירען מיט זייערע ניט־אידישע שכנים, און אויב מען וואָלט זיי נאָר צוגעלאָזט, וואָלטען זיי לאַנג אַוועק פון זייער פאָלק. פאַר אַזעלכע מענשען איז דער גאַנצער ענין ארץ־ישראל ניט צום האַרצען און זיי זיינען תמיד גרייט צו באַקעמפען יעדע נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וואָס קאָן פירען צו אידישער באַפ־רייאונג און זעלבסטשטענדיגקייט.

זייער שנאה צו ארץ ישראל איז אַזוי גרויס, אַז אויך נאָכדעם ווי זיי ווערען אַרויסגעטריבען פון זייערע גלות־לענדער און זיי בלייבען היימלאָז, און שוצלאָז, האַלטען זיי נאָך אַלץ אין באַקעמפען יעדע אונטערנעמונג צו מאַכען אַ סוף צו דערדאָזיגער אידישער הילפלאָזיגקייט. אַזוי איז געווען אַמאָל און אַזוי איז עס ליידער אויך היינט.

נאָכדעם ווי פּרעה האָט בוכשטעבליך אַרויסגעטריבען די אידען פון זיין לאַנד, און ביים אַרויסטרייבען האָט ער, ווי געוויינליך, ניט געמאַכט קיין חילוק פון איין אידען צו אַ צווייטען, „ויגרש אותם", אַלע האָבען געמוזט פאַרלאָזען דאָס לאַנד, זיינען דידאָזיגע אַסימילאַטאָרען נאָך אַלץ געבליבען פאַר׳עקשנ׳ט אין זייער קעגנערשאַפט צו אַ אידישען היימלאַנד. ווי די גמרא דערציילט, אַז „בשעת די אידען זיינען געשטאַנען ביים ים־סוף און אויף דעם באַפעהל פון גאָט: „דבר אל העם ויסעו", רעד צום פאָלק און זאָלען זיי פאָרטזעצען זייער נסיעה, איז דער יונגער שבט בנימין אַריינגעשפּרונגען אין ים אַריין, „היו שרי יהודה רוגמים אותם — האָבען זיי אָט די האַרען פון יהודה פאַרוואָרפען מיט שטיינער (סוטה ל״ו).

ווי מיר זעהען היינט, אַז ווען עס קומט צו ארץ־ישראל, האַלט מען אין שאַפען אונטערזוכונגס־קאָמיסיעס, וואָס לייגען אַלץ נייע שטיינער אין וועג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים. אָבער אויך אָט די הויפּט שטערונג איז ניט אינגאַנצען אַ גוי׳אישע דערפינדונג. ווי מיר לערנען אַרויס פון היינטיגער סדרה, האָבען זיך אידישע קעגנער פון אַן אייגען לאַנד באַנוצט מיט דעמזעלבען מיטעל. נאָכדעם ווי משה האָט אויפגענומען די צאָל פון די אידישער קעמפער און האָט מאָביליזירט אַלע יונגע כוחות צו גיין איינגעמען דאָס לאַנד, קלייבט

ער אויס צוויי גוטע סטראַטעגיקער, „פּנחס" און „כלב", אַז זיי זאָלען גיין און אויספאָרשען דאָס לאַנד כּנען און אויסגעפינען אַלע אירע שוואַכע פּונקטען. „מהיכן היא נוחה ליכבש" — פון וואַנען מען קאָן איר לייכטער באַזיגען (מהרש"א סוטה ל"ד ע"ב). ווי נאָר דאָס „אספסוף" געזינדעל האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָבען זיי אָנגעפאַנגען אַרומלויפען צווישען די אידען און זיי איינגערעדט, אַז מען זאָל צוערשט באַשטימען אַן אונטערזוכונגס־קאָמיסיע, וואָס זאָל באַשטיין פון פאָרשטייער פון יעדען שבט, כּדי אויסצוגעפינען אויב דאָס לאַנד איז גוט גענוג און אויב עס איז ווערט די קרבנות, וואָס מען דאַרף ברייינגען, כּדי דאָס איינצונעמען.

זיי זיינען ביי זיך געווען זיכער, אַז ווען עס וועט באַשטימט ווערען צו שיקען אַזאַ קאָמיסיע, וועט מען מן הסתם אויסקלייבען זייערע מענשען, וועלכע זיינען די „נשיאי העדה", די האַרען פון דער געמיינדע, וואָס פאַרוואַלטען אַלע צדקה־אַנשטאַלטען און די פאַרשיידענע קהל'שע אינסטיטוציעס, און זיי וועלען שוין וויסען וואָס פאַר אַ באַריכט צו ברייינגען. פּנחס'ן האָבען זיי פאַר קיין פּאַל ניט געוואָלט, ווייל ער איז געווען גוט באַקאַנט פאַר זיין „קנאות" און איבער־געבענקייט צו ג' און צו משה'ן. און די אידען לאָזען זיך איבעררעדען. זיי קומען צו משה'ן און שלאָגען פאָר: „נשלחה אנשים לפנינו ויחפרו לנו את הארץ וישיבו אותנו דבר, את הדרך אשר נעלה בה ואת הערים אשר נבוא אליהן" — לאָמיר שיקען מענשען, וועלכע זאָלען פאַר אונז אויספאָרשען דאָס לאַנד און אונז ברייינגען אַ באַריכט דורך וועלכען וועגען מיר קאָנען צו דעם לאַנד קומען און וואָס פאַר שטעט עס געפינען זיך דאָרט (דברים א').

משה האָט פון אָנפאַנג געדענקט, אַז די אידען ווילען דאָסזעלבע וואָס ער. זיי זיינען שטאַרק נייגעריג וואָס גיכער צו קומען צו דעם לאַנד, און כּדי צו קאָנען מאַכען די ריכטיגע הכנות, ווילען זיי פריער אַ גרינטליכע אויספאָרשונג, וואָס זאָל די אַרבייט פון באַזיצען דאָס לאַנד מאַכען גרינגער. „וייטב בעיני הדבר" — די זאַך איז משה'ן געפעלען געוואָרען. ער האָט ניט געוואוסט, אַז „מרגלים לא נתכוונו אלא לבושתה של ארץ ישראל" — אַז די מרגלים האָבען לכתחילה אין זייער כּוונה געהאַט אויפצודעקען די שאַנד פון ארץ־ישראל, כּדי איינצושרעקען די אידען, אַז זיי זאָלען אויפגעבען די גאַנצע אידייע (סוטה ל"ד). ערשט ווען ער האָט געהערט פון זיי, אַז זיי ווילען גאָר, אַז מען זאָל שיקען אַ גרויסע קאָמיסיע פון פאָרשטייער פון יעדען שבט, וועלכע זאָלען אויסגעפינען

„הטובה היא אם רעה, השמנה היא אם רזה?" — איז דאָס לאַנד גוט אָדער שלעכט, איז זי פעט אָדער מאָגער? — איז אים געוואָרען די זאַך אויפפאַלענד און ער ווענדט זיך צו ג' פאַר אַן עצה.

און דער אויבערשטער ענפערט אים: „שלח לך מדעתך, אני איני מצוה אותך" — שיק, אויב דו ווילסט, איך זאָג דיר גאָרניט וועגען דעם. די אידען פאַרלאַנגען פון דיר, אַז דו זאָלסט שיקען אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע צו שטודירען דאָס לאַנד, ווייל זיי ווילען ניט אָננעמען מיין וואָרט, אַז עס איז גוט, טו ווי דו ווילסט. „אני איני מעכב על ידך" — איך וועל דיר ניט שטערען (רש"י). משה לאָזט די אידען אַליין אויסקלייבען זייערע פאָרשטייער און זיי ברייגגען צו אים „איש אחד, איש אחד לשבט" — איין מענש, איין מענש פון יעדען שבט' וועגען דער צאָל מענשען אין דער קאָמיסיע איז דאָ אַ פלוגתא צווישען די חכמים. רבי עקיבא זאָגט, אַז זיי זיינען געווען פיר־און־צוואַנציג, און רבי ישמעאל האַלט, אַז זיי זיינען געווען ניט מער ווי צוועלף. (ירושלמי סוטה פ"ז ה"ה). קוים איז זייער הויפט כוונה געווען צו דערגייך וועגען דעם עקאָנאָמישען ווערט פון לאַנד און איר „אַבזאָרבירענדע קאַפּאַציטעט", האָבען די שבטים ניט געוואָלט טרויען איינע די אַנדערע און זיי האָבען דערפאַר געפאָדערט אַז אין דער קאָמיסיע זאָלען אַריין איינער אָדער צוויי פאָרשטייער פון יעדען שבט באַזונדער.

דער באַריכט, וואָס זיי האָבען געבראַכט, איז געווען אַ טרויעריגער און האָט אָנגעמאַכט אַ שרעקליכען רושם אויף דעם פאָלק. „ותשא כל העדה ויתנו את קולם, ויבכו העם בלילה ההוא" — און די גאַנצע געמיינדע האָט אויפגעהויבען אַ גרויסען יאָמער און זיי האָבען געוויינט דורך דער גאַנצער נאַכט. זייער אומ־זיסטער געוויין האָט אַרויסגערופען ג'ס צאָרן און ער האָט געזאָגט: „בניכם יהיו רועים במדבר ארבעים שנה" — אייערע קינדער וועלען זיך דערפאַר וואַל־גערען אין דער מדבר פערציג יאָר. „יום לשנה, יום לשנה" — פאַר יעדען טאָג, וואָס די מרגלים האָבען זיך געזאָמט אויף זייער טרויעריגער מיסיע, וועלען אייערע קינדער מוזען פינסטערען אין דער מדבר אַ גאַנץ יאָר. „וידעתם את תנואתי" — און איר וועט וויסען מיין אויפרעגונג. אָט אַזוי האָבען די אידען אַליין פאַרלענגערט זייער גלות...

אין זיין תפילה צו ג', אַז ער זאָל די אידען מוחל זיין פאַר דעם חטא פון די מרגלים, זאָגט משה: „ה' ארך אפים ורב חסד, נושא עון ופשע, ונקה לא

ינקה, פוקד עון אבות על בנים״ — ג׳ איז איינגעהאַלטען אין צאָרן און רייך אין גענאָד, ער פאַרטראָגט זינד און פאַרברעכען, נאָר שענקען שענקט ער ניט; ער רעכענט זיך פאַר די זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער. און מיר זעהן היינט ווי ריכטיג זיינע ווערטער זיינען. פאַר די לעצטע פינף־און־צוואנציג יאָר, זינט עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די ציוניסטישע באַוועגונג צוריקצובויען אונזער לאַנד און דאָרט אויפשטעלען אונזער נאַציאָנאַלע היים, ליידען מיר פון „מרגלים״, פון אַלערליי קאָמיסיעס, וועלכע ווערען באשטימט צו אונטערזוכען דאָס לאַנד, און יעדע קאָמיסיע מאַכט אונזער וועג שווערער און שווערער.

„אַלע חטאים, וואָס די אידען האָבען באַגאַנגען קעגען ג׳, האָט ער זיי מוחל געוועזן״, זאָגט רבי יצחק אלחנן ז״ל, „אפילו דעם חטא פון עגל; בלויז דעם חטא פון די מרגלים האָט ער זיי ניט געוואָלט מוחל זיין. דאָס איז דערפאַר, ווייל אַ חטא, וואָס מען באַגייט קעגען אַ פאָלק און מען שטערט דערמיט זיין באַפרייאונג, אויף דעם העלפט ניט קיין שום תשובה אָדער חרטה״.

„מרגלים אין להם חלק לעולם הבא״ — די מרגלים וועלען ניט האָבען קיין חלק אין דער קומענדיגער וועלט. מענשען, וועלכע פראָוואָצירען קעגען דער צוקונפט פון זייער פאָלק, וועלען אין אים קיין אָנטייל ניט נעמען. „במדבר יפלו פגריכם״ — אין דער מדבר פאַלען די פגרים פון אַזעלכע מענשען. פאַר׳ן לעבען זיינען זיי געוועזן טויט פאַר זייער פאָלק און נאָכ׳ן טויט זיינען זיי בלויז „פגרים״, וועלכע וואַלגערען זיך אין מיסט און אַלע וויכען פון זיי...

---

# הפטרה

## ארץ־ישראל פאָדערט איבערגעבענקייט

**שנים אנשים מרגלים חרש.**

„אלו פנחס וכלב, שהלכו ונתנו נפשם והצליחו״ — דאָס זיינען געוועזן פנחס און כלב, וועלכע זיינען געגאַנגען און איינגעשטעלט זייער לעבען און זיי האָבען באַגליקט (תנחומא שלח).

אַ נייער דור — אַ דור פון פרייע מענשען, וועלכע זיינען דערצויגען געוואָרען אונטער דער השפעה פון משה און אהרן — האָט פאַרנומען דעם פלאַץ

פון די יוצאי מצרים; אַ יוגענט, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען פאַרשקלאַפט און האָט ניט געגעסען די ציבעלעס און קנאָבעל פון גלות, איז איצט געווען גרייט איבערצונעמען דער קאַמף פאַר אַ אידישען היימלאַנד. יונגע מענשען, איבער־געגעבענע פאַטריאָטען פאַר זייער פאָלק, וועלכע האָבען גוט פאַרשטאַנען דעם ווערט פון אַ נאַציאָנאַלער היים, זיינען געקומען צו יהושע, וועלכער האָט איבער־גענומען די אידישע פירערשאַפט פון זיין רבי'ן משה, און האָבען אים געזאָגט: „כל אשר צויתנו נעשה ואל כל אשר תשלחנו נלך" — אַלץ וואָס דו וועסט אונז באַפעלען, וועלען מיר טאָן, און וואוהין דו וועסט אונז שיקען, וועלען מיר גיין.

די טאַטעס, וועלכע האָבען פון זיך ניט געקאָנט אַרונטערוואַרפען די קייטען פון גלות, זענען געווען „ממרים" — ווידערשפעניגע, און האָבען ניט אימער דורכגעפירט די באַפעלען פון זייער פיר'ער משה. ביי יעדער שוועריגקייט „וילנו על משה" — האָבען זיי זיך געקריגט מיט משה'ן און האָבען אים פאַר־שאַפט פיל יסורים. זייערע קינדער אָבער, וואָס זענען אויסגעוואַקסען שטאָלצע און פרייע מענשען, זאָגען צו זייער פירער יהושע: „כל איש אשר ימרה את פיך ולא ישמע את דבריך לכל אשר תצונו יומת" — יעדער איינער, וואָס וועט ווידערשפעניגען קעגען דיין באַפעל און וועט ניט אויספאָלגען דיינע רייד וועגען אַלץ וואָס דו וועסט אים הייסען, וועט געטויט ווערען. אָט אַזוי רעדען מענשען, וועלכע זענען איבערגעגעבען צו זייער נאַציע און ווילען אַז זי זאָל ווערען זעלבסטשטענדיג.

אין דער סדרה זאָגט משה צו די אידען: „וטפכם אשר אמרתם לבז יהיו והביאתי אותם וידעו את הארץ אשר מאסתם בה" — אייערע קינדער, וואָס איר האָט געזאָגט, אַז זיי וועלען באַרויבט ווערען, זיי וועל איך אַריינברענגען און זיי וועלען אָנערקענען דאָס לאַנד וואָס איר האָט פאַר'מיאוס'ט. אין אַ בריוו, וואָס איינער פון די באַוואוסטע חסידישע רביים, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין ארץ ישראל, שרייבט צו זיינע חסידים, רעדט ער וועגען דעם וואָס מען איז אַזוי מבטל די יונגע חלוצים און באַציט זיך אויף אָט דעם פסוק. ער זאָגט: „דוקא די דאָזיגע יונגע חברה, צו וועלכע מען באַציט זיך מיט אַזוי פיל גרינג־שעצונג, גראַד זיי דערקענען און דערפילען די אמת'ע אהבה צו ארץ ישראל".

יהושע קלייבט אויס פנחס און כלב, די זעלבע צוויי אויספּרובירטע פאַטריאָטען און סטראַטעגיקער, וואָס זיין רבי משה האָט אויסגעקליבען. זיי לאָזען זיך אַרויס „חרש", שטילערהייט, אויף דער געפערליכער מיסיע אויס־

צושפיאָנירען דאָס לאַנד. „נתנו נפשם" — זיי שטעלען איין זייער לעבען און זייער שליחות האָט דערפאָלג. ווייזען אידען מסירת נפש פאַר ארץ ישראל, וועט זי זיכער זיין אונזערע.

ה.

## משה'ס צווייטע גרויסע אַנטוישונג

**כי דבר ה' בזה.**

„זה האומר אין תורה מן השמים, ואפילו אמר כל התורה כולה מן השמים חוץ מפסוק זה, מדקדוק זה, מקל וחומר זה, מגזרה שוה זו, זהו כי דבר ה' בזה" — דער יעניגער, וואָס זאָגט, אַז די תורה איז ניט געגעבען געוואָרען פון הימעל, און אפילו אויב ער זאָגט, אַז די גאַנצע תורה איז פון הימעל חוץ איין פסוק, אָדער איין דקדוק, איין קל־וחומר, איין גזרה־שוה, באַליידיגט ער די ווערטער פון ג' (סנהדרין צ"ט ע"ב).

אין דער הייגטיגער סדרה קומען מיר צו דער צווייטער גרויסער אַנטוי־שונג, אויף וואָס אונזער פירער און גרינדער משה רבנו האָט זיך אָנגעשטויסען אין זיין שווערער אונטערנעמונג, — צו שאַפען אַ פריי פאָלק פון די אידישע שקלאַפען אין מצרים. די ערשטע אַנטוישונג איז געווען די מיאוס'ע מעשה מיט'ן „עגל". גלייך נאָך קבלת התורה, ווען ג' האָט זיך געוויזען צום גאַנצען פאָלק און זיי האָבען פון זיין אייגען מויל געהערט די עשרת־הדברות, די דערהאָבענע צען געבאָט, וועלכע זיינען דער יסוד פון אַלע רעליגיעס אין דער וועלט, זיינען די אידען געוואָרען שטאַרק באַגייסטערט און האָבען אין איין קול אויסגערופען „נעשה ונשמע", מיר וועלען טאָן און מיר וועלען הערען. משה האָט זיך געפילט העכסט גליקליך פון זייער ענטפער. ער האָט אין דעם געזעהן די גרויסקייט פון זיינע אידען, וועלכע האָבען זיך דערהויבען צו דער העכסטער שטופע פון ריינעם גלויבען.

אויך דער אויבערשטער אַליין האָט, לויט אונזערע חז"ל, באַוואונדערט זייער גרייטקייט צו טאָן און אויספאָלגען אַלע זיינע געזעצען נאָך איידער זיי האָבען געהערט וואָס זיי זיינען. ער פרעגט ביי משה'ן: „מי גלה רז זה לבני שמלאכי השרת משתמשים בה" — ווער האָט אַנטפּלעקט דיזען סוד צו מיינע

קינדער, מיט וועלכען בלויז די העכערע מלאכים באַנוצען זיך? (שמו״ר יתרו). משה איז ביי זיך געווען זיכער, אַז זיי האָבען פון זיך אָראָפּגעוואָרפען די גייסטיגע קייטען, אין וועלכע דער גלות האָט זיי געהאַלטען איינגעקלאַמערט, און אַז פון איצט אָן און ווייטער וועלען קיין השפעות פון פרעמדע גלויבענס אויף זיי ניט האָבען קיין ווירקונג; אָבער ער האָט זיך שרעקליך אָפּגענאַרט...

אין עטליכע טעג אַרום, אַז משה האָט זיך אַ ביסעל פאַרשפעטיגט, האָבען די אידען פאַרגעסען אַלע גרויסע וואונדער, וואָס זיי האָבען געהערט און געזעהן ביים באַרג סיני, און זיך געמאַכט אַן „עגל הזהב״, אַ גאָלדען קאַלב, אַ בילד פון דעם עגיפּטישען גאָט, און האָבען אַרום אים מיט גרויס באַגייסטערונג געטאַנצט און געשריען: „אלה אלקיך ישראל!״ — דאָס איז דיין ג׳ ישראל, וועלכער האָט דיך אַרויסגענומען פון מצרים... מענשען, וועלכע זיינען פאַר הונדערטער יאָרען געווען קערפּערליך פאַרשקלאַפּט און גייסטיג איינגעטונקען אין „מ״ט שערי טומאה״, ניין און פערציג טויערען פון שמוץ, פון ווילדע אַבער־גלויבענס און אָפּגעטעריי, קאָנען ניט אַזוי שנעל פאַרשטיין און באַגרייפען דעם טיפען געדאַנק פון „אָנכי״, פון אַן איינציגען כח, וואָס באַהערשט און פאַרוואַלטעט די גאַנצע וועלט...

ווי האָבען די נעכטיגע שקלאַפען געקאָנט פאַרשטיין דעם וואונדערבאַרען געדאַנק פון „כי לי כל הארץ״ — אַז די גאַנצע וועלט באַלאַנגט צו איין ג׳? ביט ווי זיי און אַלע אַנדערע פעלקער האָבען ביז דאַן געדענקט, אַז יעדע נאַציע און מדינה האָבען זיך זייערע אייגענע געטער, וועלכע הערשען אין זייערע גרעניצען און קעמפען איינער מיט דעם אַנדערן און באַזיגען איינער דעם צווייטען. מיטאַמאָל הערען זיי, אַז עס איז ניט אַזוי. ניטאָ אין דער וועלט אַ ג׳ פון ישראל, אַ ג׳ פון מצרים און אַ ג׳ פון אַנדערע אומות באַזונדער. בלויז איין ג׳ איז דאָ, וועלכער איז אימער עקזיסטירענד. ער איז דער האַר פון דער וועלט און באַהערשט אַלע פעלקער... ווי האָבען זיי עס געקאָנט פאַרשטיין? צו אַזאַ גלויבען מוז מען זיין דערוואַקסען. מען מוז יאָרען־לאַנג שטודירען און פאָרשען ביז מען דערגרייכט צו אַזאַ הויכער שטופע.

און משה אַנערקענט זיין טעות. ווען ער הערט פון ג׳, אַז ער וויל דער־פאַר פאַרניכטען דאָס אידיש פאָלק, ווענדט ער זיך צו אים מיט דער טענה: „למה יחרה אפך בעמך, אשר הוצאת מארץ מצרים בכח גדול וביד חזקה?״ — וואָס ברענט אַזוי דיין צאָרן קעגען דיין פאָלק, וואָס דו האָסט אַרויסגענומען

פון דעם לאַנד מצרים מיט גרויס כח און מיט אַ שטאַרקער האַנט? „הוצאתם ממקום עובדי עבודה זרה ועכשיו נערים הם" — דו האָסט זיי מיט גוואַלד אַרויסגענומען פון אַן אָרט, וואו אַלע האָבען געדינט פרעמדע געטער. זיי זיינען דאָך נאָך יונג. „המתן מעט להם, לך עמהם ועושים לפניך מעשים טובים" — וואַרט־צו אַביסעל, גיי מיט זיי און זיי וועלען נאָך פאַר דיר טאָן גוטע מעשים; האָב געדולד און גיב זיי אַ געלעגענהייט און זיי וועלען נאָך ווערען דאָס „עם סגולה", דאָס אויסגעוויילט פאָלק, וואָס דו ווילסט (שמו"ר מ"ג).

זיין צווייטע אַנטוישונג איז געקומען נאָכדעם ווי ער האָט מאָביליזירט די אידישע אַרמייען און זיי צוגעגרייט צו גיין קעמפען פאַר זייער לאַנד. פלוצלינג זיינען פאַר אים דערשינען פאַרשטייער פון אַלע צוועלף שבטים און פון אים געפאָדערט: „נשלחה אנשים לפנינו ויחפרו לנו את הארץ וישיבו אותנו דבר, את הדרך אשר נעלה בה ואת הערים אשר נבוא אליהן" — לאָמיר שיקען אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל פאַר אונז אויספאָרשען דאָס לאַנד און אונז ברייגגען אַ באַריכט, דורך וועלכען וועג מיר וועלען קאָנען צו דעם צוקומען און וואָס פאַר אַ שטעט געפינען זיך דאָרט.

משה האָט פון אָנפאַנג ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע פון אַ געוויסער גרופּע מענשען, וועמען דער גאַנצער ענין ארץ־ישראל איז ניט געווען צום האַרצען. ער האָט געמיינט, אַז די אידען ווילען טאַקע וואָס גיכער קומען צו דער לאַנד, און כדי צו קאָנען מאַכען די ריכטיגע הכנות, ווילען זיי פריער אַ גרינטליכע אויספאָרשונג, וואָס זאָל די אַרבייט פון באַזעצען דאָס לאַנד מאַכען גרינגער, האָט ער זייער וואונש דערפילט. ווי האָט ער געקאָנט וויסען, אַז דאָס איז געווען אַן אָפּגעמאַכטע זאַך צווישען די רייכערע קלאַסען, וועלכע האָבען נאָך אַלץ געבייגקט נאָך מצרים? זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז דער נאַציאָנאַלער געפיל איז נאָך ניט אַזוי שטאַרק ביי די אידען, אַז זיי זאָלען זיין גרייט מקריב צו זיין זייערע לעבענס פאַר אַן אייגען לאַנד. זיי זיינען געווען זיכער, אַז ווען די מרגלים וועלען זיך אומקערען צוריק מיט אַ באַריכט, אַז דאָס לאַנד איז שטאַרק און דאָס פאָלק, וואָס זיצט אויף דעם לאַנד, וועט זיין שווער צו באַזיגען, וועט זיך דער המון אָפּשרעקען און ניט וועלען גיין.

און אַזוי איז טאַקע געווען. ווי די אידען האָבען אויסגעהערט דעם טרויע־ריגען באַריכט פון די מרגלים: „ותשא כל העדה ויתנו את קולם, ויבכו העם בלילה ההוא" — און די גאַנצע געמיינדע האָט אויפגעהויבען אַ גרויסען יאָמער

און געווינט דורך דער גאַנצער נאַכט. אויף מאָרגען אין דער פרי זיינען זיי אַלע צוגעטראָגען צו משה'ן מיט דער שענדליכער טענה: „למה ה' מביא אותנו אל הארץ הזאת לנפל בחרב נשינו וטפנו יהיו לבז, הלא טוב לנו שוב מצרימה?" — וואָרום וויל ג' אונז ברייגנען צו דעם לאַנד, צו פאַלען פון שווערד, און אונזערע פרויען און קינדער זאָלען זיין אויסגעזעצט צו רויב — וואָלט ניט בעסער געווען פאַר אונז זיך צוריקקערען נאָך מצרים?

קענטיג, אַז די קעגנער פון דער אידישער היימלאַנד האָבען זיי איינגע־רעדט, אַז איצט וואָלט געווען דער בעסטער פּלאַן צוריקצוגיין נאָך מצרים: פּרעה מיט זיינע חילות זיינען דערטרונקען געוואָרען אין ים־סוף און די מילי־טערישע מאַכט איז אינגאַנצען געבראָכען, איז איצט די צייט זיך צו באַזעצען דאָרט און מאַכען גוטע געשעפטען. אָט די פינסטערע טאַקטיק ווערט נאָך ביז היינטיגען טאָג אויסגענוצט פון די אַסימילאַטאָרען, וועלכע זיינען קעגען אַ אידישער נאַציע. זייער טענה איז: ארץ ישראל איז קליין, ניט גענוג פאַר אַלע אידען און אירע איצטיגע איינוואויבער זיינען שטאַרק און וועלען אונז באַקעמפען. נאָך דעם ווי די מיליטערישע מאַכט פון די אַנטיסעמיטישע פעלקער איז געבראָכען, וואָלט דען ניט געווען בעסער אַז די אידען זאָלען פאַרבלייבען דאָרט וואו זיי זיינען, אָדער זיך צוריקקערען צו די לענדער, פון וועלכע מען האָט זיי אַרויס־געטריבען? זיי וועלען דאָרט איצט זיין פריי און קאָנען טאָן גוטע געשעפטען. און די גלות־אידען גלויבען זיי און ווערען אָפּהענטיג פון פאָדערען זייער רעכט אַלס פאָלק מיט אַלע פעלקער צו גלייך.

די צווייטע אַנטוישונג האָט משה'ן איבערגעצייגט, אַז דאָס פאָלק איז נאָך ניט ראוי צו גרינדען פאַר זיך אַן אייגען לאַנד. עס פעהלט זיי דער מוט צו קעמפען פאַר דעם אידעאַל פון זעלבסטשטענדיגקייט און עס פעהלט זיי אויך די אמונה, אַז זייער ג' וועט זיי העלפען אין זייער קאַמף. ניט מיט אַזאַ דור, ביי וועלכען דער „סיר הבשר", דער טאָפּ פלייש, דאָס ביסעל טעגליכע חיונה, שפּילט די הויפּט ראָל אין לעבען, קאָן מען דורכפירען די הויכע פּרינציפּען, וואָס די תורה שרייבט פאָר, אַז מען זאָל דורכפירען אין אַן אייגען לאַנד. און משה בויגט זיך פאַר דער גזרה פון ג', וועלכער זאָגט צו די אידען: „פגריכם אתם יפּלו במדבר הזה" — איר, וועלכע זיינען בלויז „פגרים", טויטע קערפּערס אָן אַ נשמה, אָן אַ פרייען גייסט, איר וועט פאַלען אין מדבר און ניט זוכה זיין צו זעהן דאָס לאַנד, וואָס איך האָב פאַרשפּראָכען צו אייערע עלטערען.

„טפכם אשר אמרתם לבז יהיו" — אַט די קליינע קינדער, פאַר וועלכע איר האָט זיך אַזוי געזאָרגט, אַז זיי זאָלען ניט באַרויבט ווערען, אַט פון זיי וועל איך שאַפען דאָס פאָלק, וואָס וועט זיין ראוי צו באַזעצען ארץ־ישראל. און משה נעמט זיך צו דער אַרבייט פון לערנען תורה מיט דער יוגענט. די תורה איז אייך געגעבען געוואָרען פון הימעל, דערקלערט זיי משה, און אַלע האָבען אין איר אַ גלייכען חלק. „האזרח בבני ישראל ולגר הגר בתוכם תורה אחת יהיה לכם" — דער אידישער בירגער און אויך דער גר, וואָס וואוינט צווישען אייך, איין תורה זאָל זיין פאַר אייך אַלעמען. זוכט ניט בלויז פערזענליכע נוצען. אַ פאָלק קאָן נאָר דאַן זיין שטאַרק, אויב אַלע געניסען דיזעלבע רעכטען און פריי־הייטען. „והנפש אשר תעשה ביד רמה" — דער מענש, וואָס וועט זיך אויפ־פירען מיט אַ הויכער האַנט און זוכען צו אונטערדריקען דעם שוואַכערען פון אים „את ה' הוא מגדף", באַליידיגט ער די גאָטהייט, „ונכרתה הנפש ההיא מקרב עמה" — אַזאַ פערזאָן זאָל אויסגעשניטען ווערען פון זיין פאָלק.

קיינער קאָן ניט אויסטייטשען די ווערטער פון דער תורה אַזוי ווי אים געפעלט. די תורה איז ניט געשריבען געוואָרען פון מענשליכע הענט און קאָן דערפאַר ניט געענדערט ווערען. די וועלכע זאָגען, אַז די תורה איז ניט „מן השמים", לייקענען אין דער גאַנצער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק. אפילו די, וועלכע גיבען־צו, אַז די תורה איז פון הימעל, חוץ איין פסוק אָדער איין בוכשטאַב, וואָס קאָן דערקלערען די תורה ניט נאָך דעם געדאַנק פון אונזער מסורה, פון אונזער טראַדיציע, זיינען אין דער קאַטעגאָריע פון דעם „דבר ה' בזה" — באַליידיגען זיי די ווערטער פון ג' און ברעכען די גאַנצקייט פון דעם פאָלק. דער קיום פון אונזער אומה באַשטייט אין אונזער גלויבען, וואָס איז איין לאַנגע קייט, וואָס ציט זיך פון באַרג סיני ביז דער אייביגער אייביגקייט. „מה שהנביאים עתידים להתנבאות בכל דור ודור קבלו מהר סיני" — וואָס די נביאים וועלען פראָפעצירען אין די שפּעטערדיגע דורות, האָבען זיי באַקומען פון באַרג סיני (תנחומא יתרו). אַט דער פאַראייניגטער געדאַנקען־גאַנג האָט אימער געזיכערט און וועט אימער זיכערען די עקזיסטענץ פון אונזער פאָלק.

# הפטרה

## משה'ס מרגלים און די פון יהושע

**וישלח יהושע מן השטים שנים אנשים.**

„ומי היו? שנו רבותינו, אלו פנחס וכלב, והלכו ונתנו נפשם והצליחו" — ווער זיינען עס געווען די צוויי מענשען? אונזערע רביים האָבען געלערענט, אַז זיי זיינען געווען פנחס און כלב, וועלכע האָבען איינגעשטעלט זייער לעבען און האָבען געהאַט דערפאָלג (תנחומא שלח).

צוויי מאָל האָבען אידען געשיקט קאָמיסיעס אויסצופאָרשען דאָס לאַנד איידער זיי גייען זיך דאָרט באַזעצען. משה שיקט מענשען „לתור את הארץ", אויסצוקוקען און באַטראַכטען דאָס לאַנד, און יהושע שיקט „מרגלים", שפּיאָנען, און זאָגט זיי אָן: „לכו ראו את הארץ ואת יריחו" — גייט און באקוקט דאָס לאַנד און די פעסטונג פון יריחו. „דער אונטערשייד פון „תיירים", באַזוכער, און „מרגלים", שפּיאָנען, זאָגט דער מלבי"ם ז"ל, באַשטייט אין דעם: אַ באַזוכער גייט אָנזען די שיינע פּלעצער פון לאַנד, די שטעט, די אינדוסטריען, די פרוכט־באַרקייט פון די פעלדער און גערטנער, וייל אים אינטערעסירט צו דערגייו, צי עס לוינט זיך דאָרט צו באַזעצען, ווי עס ווערט טאַקע געזאָגט אין פסוק, אַז די הויפּט זאַך, וואָס משה'ס שליחים האָבען געוואָלט אויסגעפינען, איז געווען: „ומה הארץ, הטובה היא אם רעה?" — וואָס איז דאָס לאַנד — אַ גוטס אָדער אַ שלעכטס? אָבער „מרגלים", שפּיאָנען, ווערען געשיקט פון דער מיליטערישער מאַכט „לראות את ערות הארץ" — אויסצושפּיאָנירען די שוואַכקייט פון לאַנד און צו דערגיין פון וועלכע פונקטען די אַרמייען קאָנען איר לייכטער אָנגרייפען. און דערפאַר הייסט זיי יהושע באַטראַכטען דאָס לאַנד און איבערהויפּט די שטאַרקע פעסטונג פון יריחו".

דער מהרש"א (סוטה ל"ד ע"ב), רעדענדיג איבער דעם אונטערשייד פון די צוויי קאָמיסיעס, זאָגט, אַז ווען די אידען זיינען געקומען צו משה'ן מיט דעם פאָרשלאָג צו שיקען מענשען אויסצופאָרשען דאָס לאַנד, האָט ער לכתחילה געדענקט, אַז זייער כוונה איז: „לידע מהיכן היא נוחה ליכבש" — צו דערגיין פון וואַנען עס איז גרינגער זי איינצונעמען. אים איז גאָר ניט איינגעפאַלען, אַז די אידען צווייפלען אין דעם ווערט פון דעם לאַנד, ווייל אויף דעם האָבען זיי דאָך דעם פאַרשפּרעכען פון ג', אַז זי איז אַן „ארץ זבת חלב ודבש", אַ לאַנד

פון מילך און האָניג. ניט וויסענדיג זייער הויפט כוונה, האָט ער טאַקע אויס־געקליבען „פנחס" און „כלב", וועלכע זיינען געווען העכסט אָנפאַרטרויליכע פערזאָנען און אויך גוטע סטראַטעגען, וועלכע וועלען פאַרשטיין ווי אויסצו־פאָרשען די שוואַכפּונקטען פון לאַנד, פון וועלכע עס זאָל זיין גרינגער זי צו באַזיגען.

אָבער דער דור המדבר, וועלכער איז געווען באַהערשט פון דעם „אספסוף", וועמען דער גאַנצער ענין ארץ־ישראל איז ניט געווען צום הארצען, האָבען ווייניג אמונה געהאַט אין דעם פאַרשפּרעכען פון ג׳. זיי האָבען געוואָלט אויסגעפינען, צי דאָס לאַנד איז טאַקע אַזוי גוט, ווי משה זאָגט, און צי עס לוינט זיך איינגאַנצען צו גיין קעמפען פאַר איר. זוכענדיג מער צו דערגיין וועגען דעם עקאָנאָמישען ווערט פון לאַנד, האָבען די שבטים ניט געוואָלט טרויען איינער דעם אַנדערען און האָבען דערפאַר געפאָדערט, אַז אין דער קאָמיסיע זאָלען אַריין „איש אחד לשבט" — אַ פאָרשטייער פון יעדען שבט באַזונדער. משה איז דערפאַר געווען געדריקט אָנצונעמען די מענשען, וואָס די אידען האָבען אַליין אויסגעקליבען. אָנשטאָט פנחס, וועלכען די אידען זעהר ניט האָבען געוואָלט, צוליב זיין „קנאות", זיין איבערגעבענקייט צו ג׳ און צו משה׳ן, האָט ער געשיקט זיין שטעל־פאַר־טרעטער יהושע.

וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט פון דעם באַריכט, וואָס משה׳ס מרגלים האָבען געבראַכט, איז גוט באַקאַנט. ניט אומזיסט זאָגען די חז״ל, אַז „מרגלים אין להם חלק לעולם הבא" — די מרגלים, וואָס משה האָט געשיקט, האָבען ניט קיין חלק אין דער קומענדער וועלט (סנהדרין ק״ט). מענשען, וועלכע זוכען בלויז עקאָנאָמישע, צייטווייליגע ווערטען, וועלען ניט האָבען קיין טייל אין דער אייביגער צוקונפט. די וואָס פאַרשטייען ניט ווי אָפּצושאַצען די וויכטיגקייט פון אַן „ארץ אבות", פון אַ פאָטערלאַנד, אַז אייגען היים פאַר זייער פאָלק, זיי שטאַרבען אויס אין די גלות׳ן און גייען פאַרלאָרען פון דער אידישער געשיכטע.

אָבער דער יונגער דור, אין די צייטען פון יהושע, וואָס איז דערצויגען געוואָרען אונטער דער השפעה פון משה און אהרן, זיי זיינען אויסגעוואקסען צו זיין פאַטריאָטען פון זייער פאָלק און האָבען גוט פאַרשטאַנען דעם ווערט פון אַן אייגען לאַנד. זיי זיינען געווען גרייט צו קעמפען און אָפּפערען זייערע לעבענס, אַבי צו האָבען אַ נאַציאָנאַלע היימלאַנד. זיי פאַרלאָזען זיך אינגאַנצען אויף זייער פירער און זאָגען אים ניט קיין דעות ווי ער זאָל אָנפירען די מלחמה. אין

געגענטייל, זיי קומען צו יהושע און זאָגען אים: „כל אשר צויתנו נעשה ואל כל אשר תשלחנו נלך" — וואָס דו וועסט אונז באַפוילען, וועלען מיר טאָן, און וואוהין דו וועסט אונז שיקען, וועלען מיר גיין.

יהושע שיקט טאַקע די צוויי איבערגעגעבענע פּאַטריאָטען, פּנחס און כלב, און זיי פאַרלאָזען דעם לאַגער „חרש" — אין געהיים, ווי די סטראַטעגיק פון אַ מלחמה פאָדערט. זיי שטעלען איין זייער לעבען און דערגיין ווי שטאַרק עס איז די פעסטונג יריחו, וואָס איז געשטאַנען ביים טויער פון דעם הייליגען לאַנד, און זייער שליחות איז געווען מיט הצלחה. זייער באַריכט ברייגען זיי דירעקט צו יהושע, ווייל דאָס פאָלק האָט געהאַט גרויס צוטרוי צו זייער פירער און איז געווען זיכער אז דער אויבערשטער וועט זיי העלפען צו באַזיגען וואָס גיכער זייערע שונאים און באזעצען דאָס לאַנד.



# קרח

## א.

## וואָס מאַכט דאָס אידיש פאָלק פאַר אַן „עם סגולה״?

**כל העדה כלם קדושים.**

„קפץ קרח ואמר למשה: טלית שכלה תכלת מהו שתהא פטורה מן הציצית? א״ל חייבת בציצית. בית מלא ספרים מהו שיהא פטור מן המזוזה? א״ל חייב במזוזה״ — קרח איז אויפגעשפרונגען און געפרעגט משה׳ן: אַ טלית, וואָס איז אינגאַנצען געמאַכט פון תכלת, ווי איז, אַז ער זאָל זיין פטור פון ציצית? ענטפערט אים משה: ער דאַרף האָבען ציצית. אַ הויז פול מיט ספרים — ווי איז, אַז עס זאָל זיין פטור פון אַ מזוזה? ענטפערט אים משה ווידער: עס איז מחויב צו האָבען אַ מזוזה (במ״ר י״ח).

ווענען דעם אידישען פאָלק איז פראָקלאַמירט געוואָרען ביי דעם באַרג סיני: „והייתם לי סגולה מכל העמים״ — איר וועט ביי מיר זיין אויסגעצייכענט פון אַלע פעלקער. די אויסצייכונג באַשטייט אין זיין אייגענאַרטיגקייט. אין דער צייט, וואָס ביי אַנדערע פעלקער זיינען מלוכה און רעליגיע צוויי באַזונדערע באַגריפען, איז עס ביי אידען איינס און דאָסזעלבע. „ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש״, איר וועט זיין אַ ממלכה, אַ קעניגרייך, ווי אַלע אַנדערע מדינות, אָבער צו דער זעלבער צייט אויך „כהנים״, פריסטער, ביי וועמען די רעליגיע איז זייער וועגווייזער אין לעבען. טאַקע אַ „גוי״, אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך, פאָליטיש און עקאָנאָמיש איינגעאָרדענט, אָבער אויך אַ „גוי קדוש״, אַ הייליג פאָלק, וואָס רעפלעקטירט דעם הימעל, די גאָטהייט, אין אַלע זיינע טעטיגקייטען אויף דער ערד.

צוליב זייער אייגענאַרטיגקייט זיינען די אידען געבענשט געוואָרען מיט אומשטערבליכקייט. כל זמן דער אידישער נאַציאָנאַליזם איז ענג געשלאָסען מיט

זיין אמונה, איז דאָס פאָלק געזיכערט פון אונטערגאַנג. די נאַציאָנאַלע אידישע היים קאָן נאָר דאַן האָבען אַ קיום, אויב זי זאָל אויך זיין די היים פון זיין תורה און פון זיין גלויבען. ווי עס דריקט זיך אויס הלל הזקן: „אמר הקב״ה לישראל אם אתה תבא אל ביתי אני אבא אל ביתך״ — ווערסטו קומען אין מיין הויז, וועל איך קומען אין דיין הויז (סוכה נ״ג ע״א).

דער פּראָצעס אָבער פון פאַרוואַנדלען דאָס אידיש פאָלק אין דעם „עם סגולה״, ווי די השגחה האָט פאַר אים באַשטימט, איז אימער געווען אַ שווערער און לאַנגזאַמער. ניט אַזוי לייכט איז אָנגעקומען אונזערע באַפרייער משה און אהרן צו מאַכען פון די אַמאָליגע שקלאַפען פרייהייט־ליבענדע מענשען. איבער־הויפּט האָבען די „אנשי שם״, די רייכע און פאָרנעמע אידישע גבירים, געהאַלטען אין איין שטערען דער גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים. ביי יעדער שוועריגקייט וואָס זיי האָבען געהאַט דורכצומאַכען אין דער מדבר, האָבען זיי אַלץ געהאַלטען אין איין שרייען „הלא טוב לנו שוב מצרימה״, עס איז פאַר אונז פיל בעסער זיך צוריקקערען נאָך מצרים. דער גלות האָט זיי ווייניג געקימערט. נאַציאָנאַלע פאַרשקלאַפונג האָט ביי זיי קיין ראָלע ניט געשפּילט. אַבי זיי האָבען דעם „סיר הבשר״, דעם „טאָפּ פלייש״, אַרט זיי ניט דער „הבה נתחכמה לו פן ירבה״, אַז מען באַטראַכט זייער פאָלק פאַר פּאַראַזיטען און ציגיינער.

און אָט דער אינערליכער קאַמף ווערט נאָך פאָרטגעזעצט ביז היינטיגען טאָג. אונזערע יאַהודים, די רייכע און פאָרנעמע פילאַנטראָפּען, ווילען נאָך היינט ניט וויסען פון אַן אייגען לאַנד, פון אַ נאַציאָנאַלען באָדען. פּונקט ווי דער „אספסוף״, די אַלטע אַסימילאַטאָרען פון דעם דור המדבר, פאַרשפּאַטען זיי אויך היינט ארץ ישראל מיט דערזעלבער גרינגשעצונג פון אַמאָל: „אף לא אל ארץ זבת חלב ודבש הביאתנו״, ניט אין אַ לאַנד, וואָס רינט מיט מילך און האָניג, ווילסטו אונז ברייגען. זיי טענה׳ן: ארץ־ישראל איז אַ קליין, פאַרוויסט לאַנד. עס איז צו אָרים אַריינצונעמען אַ גרויסע צאָל אידען. און זייער אַנטשלאָסענער ענטפער איז אויך ווי אַמאָל: „לא נעלה״, מיר וועלען ניט גיין, מיר בלייבען דאָ.

און אַז עס געלינגט שוין אונזערע פירער צו אָרגאַניזירען דאָס פאָלק און פירען אים אין זיין אייגען לאַנד, הויבט זיך אָן אַ סדרה פון וועלען אָפּטיילען די רעליגיע פון דער מלוכה. די אַסימילאַטאָרען און ראַדיקאַלען, וואָס האָבען זיך אויפגעהאָדעוועט אויף פרעמדע אידייען און אָנשויאונגען, ווילען ניט האָבען, אַז די רעליגיע זאָל זיך מישען אין דער פאַרוואַלטונג פון לאַנד. זיי ווילען,

אַז די פאַרוואַלטער און פירער פון לאַנד זאָלען זיין פריי צו טאָן מיט'ן פאָלק וואָס זיי ווילען און ניט זיין געבונדען פון די פּרינציפּען און הומאַנישע געזעצען, וואָס ווערען אויסגעדריקט אין דער תורה.

זיי האַלטען אין איין טענה'ן: „טלית שכולה תכלת מהו שתהא פטורה מן הציצית", אויב דאָס גאַנצע פאָלק איז אַ טלית פון איין קאָליר און איז פאַראייניגט אין אַ נאַציע, וואָרום זאָל עס נאָך דאַרפען טראָגען ציצית? איז דער נאַציאָנאַליזם ניט גענוג אויפצוהאַלטען די גאַנצקייט פון דעם אידישען פאָלק? איבערהויפּט ווילען זיי אַריינכאַפּען די דערציאונג פון דער יוגענט אין זייערע הענט, און זיי טענה'ן: „בית מלא ספרים מהו שיהא פטור מן המזוזה?" — אידען, וועלכע לעבען אין זייער אייגענער נאַציאָנאַלער היים, וועלכע איז פול מיט היסטאָרישע מאָנומענטען, איבער וועלכע עס ווערט גערעדט אין אונזערע הייליגע ספרים, וואָרום זאָלען זיי נאָך דאַרפען האָבען אַ מזוזה? וואָרום זאָל מען לערנען די קינדער די אידישע רעליגיע, וועלכע לערענט זיי ווי צו לעבען אַלס אידען, אַז זייער טאָג־טעגליך לעבען איז נאַציאָנאַל־אידיש?

אָבער משה ענטפערט קרח'ן: „חייבת בציצית", „חייב במזוזה". דאָס אידיש פאָלק קאָן ניט עקזיסטירען אָהן זיין רעליגיע. אונזער פאָלקס־לעבען מוז זיין אַ סינטעז פון מענשליכקייט און געטליכקייט. מיר קאָנען ניט אָפּטיילען די אמונה פון אונזער נאַציאָנאַליזם (יצחק ניסענבוים).

---

# הפטרה

## אידישע דאַנקבאַרקייט צו זייערע פירער

**ויאמר אליהם עד ה' בכם.**

„מי אמר עד? רוח הקודש אומרת: אתם מעידים על הגלוי ואני מעיד על הנסתרים" — ווער האָט אויסגערופען, אַז ער איז אַן עדות? דער הייליגער גייסט האָט אויסגערופען און געזאָגט: איר זאָגט עדות אויף עפענטליכע זאַכען, איך קאָן עדות זאָגען אויף די פאַרבאָרגענע (מדרש קהלת פ"י).

אי אין דער סדרה און אי אין דער הפטרה פון דער היינטיגער וואָך באַקלאָגען זיך די אידישע פירער, וואָרום מען איז זיי חושד אין אומערליכקייט

און איין זוכען צו הערשען איבער דעם פאָלק. אין דער סדרה זאָגט משה: „לא חמור אחד מהם נשאתי ולא הרעותי את אחד מהם" — ניט איין אייזעל פון זיי האָב איך אַוועקגענומען, און איך האָב קיינעם פון זיי קיין שלעכטס ניט געטאָן. אין דער הפטרה פאָדערט שמואל פון דעם פאָלק: „הנני ענו בי, את שור מי לקחתי, וחמור מי לקחתי, את מי עשקתי, את מי רצותי ומיד מי לקחתי כפר?" — דאָ בין איך, און זאָגט קעגען מיר עדות, וועמעס אָקס האָב איך פאַרנומען, וועמעס אייזעל האָב איך פאַרנומען, וועמען האָב איך באַרויבט, וועמען האָב איך געדריקט און פון וועמען האָב איך גענומען אויסלייז־געלט?

אין דער אידישער טראַדיציע ווערען משה און שמואל געשטעלט אויף דערזעלבער הויכער מדרגה פון געטליכער וויזיע און אידישער פירערשאַפט (משה ואהרן בכהניו ושמואל בקוראי שמו). משה האָט די אידען באַפרייט פון זייער שקלאַפעריי אין מצרים און זיי געמאַכט פאַר אַ פאָלק. אַזוי גיך אָבער ווי יהושע האָט זיי אַריבערגעפירט דעם ירדן און פאַר זיי איינגענומען דאָס לאַנד, האָבען זיך די שבטים דערווייטערט איינע פון די אַנדערע און דער גאַנצער געבוי פון משה׳ן איז געבראָכען געוואָרען. אַ צושטאַנד פון אַנאַרכיע — אָדער ווי דער פסוק רופט עס: „איש כל הישר בעיניו יעשה", יעדער טוט וואָס ער וויל — האָט געהערשט איבער׳ן לאַנד. פון דעם „עם משה", פון דעם פאָלק, וואָס משה האָט מיט אַזוי פיל מי און מסירת נפש געבויט, איז געוואָרען אַ „גוף מדולדל", אַ קערפער פון צעוואָרפענע גלידער, וואָס האָבען זיך ווייניג אָנגעקערט איינער מיט דער אַנדערען. ביז עס איז געקומען שמואל הנביא, דער גרויסער „רואה", דער ווייטזעהענדער פירער, און האָט די גלידער צוזאַמענגעקליבען און זיי צוריק פאַראייניגט אין איין גאַנצעס, אין איין „עם ה׳", גאָט׳ס פאָלק.

לויט אונזערע חז"ל זיינען ביידע, אי משה און אי שמואל, געווען גאַנץ רייכע לייט און האָבען פון דעם פאָלק קיין געהאַלט ניט גענומען פאַר זייער אַרבייט, און דאָך האָט מען זיי געהאַלטען אין איין חושד זיין, אַז זיי פאַרנעמען קהל׳שע געלטער. אויף דעם פסוק „והביטו אחרי משה", זיי האָבען נאָכגעקוקט משה׳ן, זאָגט אונז די גמרא: „מלמד שחשדוהו בעניני ממונות", פון דעם איז געדרונגען, אַז מען האָט אים חושד געווען אין געלט־זאַכען (סנהדרין ק"ו). דער מדרש תנחומא (פקודי) גיט אָן דעם טעם, וואָרום האָט משה געפונען פאַר נויטיג אָפּצוגעבען אַ גענויעם רעכענונג פון דעם בנין המשכן, ווייל „היו

אומרים״, די אידען האָבען צווישען זיך גערעדט. איינער זאָגט: „ראה צואר, ראה שוקים, אוכל משל יהודים ושותה משל יהודים, וכל מה שיש לו מן היהודים״ — זעה נאָר אַ האַלז, זעה נאָר אַ פּאָר לענדען, עסט פון אידישען, טרינקט פון אידישען און וואָס ער האָט קומט אים פון אידען. „וחברו משיבו, אדם ששלט על מלאכת המשכן אין אתה מבקש שיהא עשיר?״ — און אַ צווייטער ענטפערט אים: אַ מענש, וועלכער פאַרוואַלטעט מיט דער אַרבייט פון משכן, ווילסטו, אַז ער זאָל ניט רייך ווערען? „כיון ששמע משה כך אמר: חייכם משהמשכן נגמר אני עושה עמכם חשבון״ — אַזוי גיך ווי משה האָט עס דערהערט, האָט ער געזאָגט: איך שווער ביי אייער לעבען, אַז אַזוי גיך ווי דער משכן וועט פאַרטיג ווערען, וועל איך אייך אָפּגעבען אַ פולען חשבון.

דער ילקוט שמעוני דערציילט, אַז אויף דעם מיטינג פון די „אנשי שם״, די פּאַרנעמע באַלעבאַטים, וועלכע קרח האָט צוזאַמענגערופען קעגען משה און אהרן, האָט ער געהאַלטען די פאָלגענדע רעדע: „מיט מיר אין שכנות האָט געוואוינט אַן אלמנה מיט אירע צוויי טעכטער יתומות. איר מאַן האָט איר איבער־געלאָזט אַ פעלד. וויל זי עס אַקערען. זאָגט איר משה: „לא תחרוש שור וחמור יחדיו״, זאָלסטו ניט אַקערען מיט אַן אָקס און אַן אייזעל צוזאַמען. קומט די צייט פון זייען, זאָגט מען איר: „שדך לא תזרע כלאים״, זאָלסט דיין פעלט ניט זייען מיט געמישטע תבואות. קומט די צייטען פון שניידען, באַפעלט מען איר: זאָלסט איבערלאָזען „לקט״, „שכחה״ און „פאה״. זאַמעלט זי שוין צונויף דאָס ביסעל תבואה, וואָס איז איר פאַרבליבען און וויל עס אַרייננעמען אין שייער, קומט מען צולויפען מיט דער פאָדערונג: גיב „תרומה״, גיב „מעשר״.

„הכלל, די אלמנה האָט איינגעזעהן, אַז זי וועט ניט אויסהאַלטען. פאַר־קויפט זי דאָס פעלד און קויפט זיך שעפסען, כדי צו דערנערען זיך פון זייער מילך און צו קליידען זיך מיט זייער וואָל. אָבער ווי נאָר זיי האָבען די ערשטע שעפּסעלעך געבוירען, קומט צוגיין אהרן און דערקלערט: „די ערשטלינגע געהערען צו מיר״. אַז די צייט איז געקומען צו שערען די וואָל, איז אהרן ווידער דאָ און פאָדערט: „כך אמר הקב״ה, ראשית גז צאנך תתן לי״, אַזוי האָט ג׳ אָנגעזאָגט, די ערשט־געשוירענע וואָל באַלאַנגט צו מיר. זעהענדיג, אַז זי וועט ניט זיין אימשטאַנד פון דעמדאָזיגען מענשען אויסצוהאַלטען, ווערט די אלמנה פאַרביטערט און באַשליסט צו שעכטען די שעפּסען און עסען זייער פלייש״.

„ווי נאָר זי האָט זיי געשאָכטען, קומט אהרן ווידער צוגיין און דערקלערט:

די „זרוע" און „לחיים" און די „קיבה" דאַרפסטו מיר אָוועקגעבען, דאָס איז מיינס. ווערט די אלמנה בייז און שרייט אויס: אויב אַזוי, דערקלער איך דאָס פלייש פאַר „חרם", זאָל קיינער דערפון קיין הנאה ניט האָבען! רופט זיך אָן אהרן: איצט... געהערט עס אינגאַנצען צו מיר, ווייל אַזוי איז דער דין: „כל חרם בישראל לך יהיה", אַלץ וואָס אַ איד איז מחרים צו ג' באַלאַנגט צום כהן".

„אמר קרח", און קרח שרייט אויס: „כדין כולהון עבדין להא עלובתא ותולין בהקב"ה" — אָט אַזוי האָבען די צוויי מענשען, משה און אהרן, געטאָן צו דער אומגליקליכער, און אַלץ אונטער דעם אויסרייד, אַז זיי טוען עס אין נאָמען פון ג' (ילקוט שמעוני קרח).

איבערהויפּט האָט מען ניט פאַרגונען משה'ן דעם כבוד, וואָס ער קריגט, און מיט צאָרן שרייט אויס קרח און זיין געמיינדע קעגען משה'ן: „מדוע תתנשאו על קהל ה'" — וואָרום זאָלט איר זיך גרויסהאַלטען איבער גאָט'ס פאָלק?

אויך שמואל האָט דורכגעמאַכט דיזעלבע אומאַנגענעמליכקייטען. נאָך אַלע באַמיהונגען און שווערע קאַמפען, וואָס ער האָט אָנגעפירט צו ראַטעווען די אידען פון זייערע שונאים, די פלשתים, און ווען אים איז ענדליך געלונגען צו פאַראייניגען זיי צוריק אין אַ פאָלק, קומט מען צו אים מיט דעם טענה „שימה עלינו מלך", באַשטים פאַר אונז אַ קעניג, וועלכער זאָל אונז פירען. מיט זיין פירערשאַפט איז מען ניט אַזוי צופרידען און מען באַרעדט אים נאָך פאַר זיין רייכטום, פאַר זיין כבוד.

אויף זיינע פראַגען: וועמען האָב איך באַרויבט? וועמען האָב איך געד־דריקט? — ענטפערען טאַקע די אידען: „לא עשקתנו ולא רצותנו ולא לקחת מיד איש מאומה", דו האָסט אונז ניט באַרויבט, דו האָסט אונז ניט געדריקט און דו האָסט פון קיינעם פון אונז גאָרניט גענומען. אויף דעם קריגען זיי אָבער אָן ענטפער פון דעם רוח־הקודש: „אני מעיד על הנסתרים" — איך קאָן עדות זאָגען איבער דעם, וואָס איר רעדט אין פאַרבאָרגענע פלעצער.



ב.

## משה און זיין תורה איז אמת און די קרח'ס זיינען ליגנערס

**וירדו הם וכל אשר להם חיים שאולה.**

„אמר רבי בר בר חנה: אמר לי ההוא טייעה, תא אחוי לך בלועי דקרח. חזאי תרי ביזעי דהוא נפיק מנייהו קוטרא. שקל גבבא דעמרא ומשייה במיא ואנחיה ברישא דרומחא ועייליה התם, וכי אפיק הוה איחרך איחרוכי. אמר לי אצית, מאי שמעת, ושמעית דהוון אמרין: משה ותורתו אמת והם בדאין" — רבי בר בר חנה דערציילט, אַז אַ געוויסער רייזענדער סוחר האָט אים אַמאָל געזאָגט: קום און איך וויל דיר ווייזען וואו קרח איז איינגעזונקען געוואָרען. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דעם פּלאַץ, האָב איך געזעהן צוויי טיפע שפּאַלטען אין דער ערד, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעשלאָגען אַ דיקער רויך. מיין באַגלייטער האָט גענומען אַ שטיק שעפּסענע וואָל, איינגעטונקט אין וואַסער, עס אַרומגערינגעלט אויף אַ שפּיץ פון אַ שפּיז און דעם שפּיז אַריינגעשטעקט אין די רויכענדע שפּאַלטען. אַז ער האָט דעם שפּיז אַרויסגענומען, איז די וואָל געווען פאַרסמאַליעט. נאָכדעם זאָגט ער צו מיר: הער זיך גוט איין און זאָג מיר וואָס דו הערסט. האָב איך געהערט ווי זיי זאָגען: משה און זיין תורה איז אמת און מיר זיינען ליגנער (ב"ב ע"ד ע"א).

ווען אונזער פאָטער אברהם האָט זיך אַרויסגעלאָזען אין וועג צו זוכען דאָס לאַנד, וואָס ג' האָט אים פאַרשפּראָכען, האָט אים דער אויבערשטער געזאָגט: „אותך אני עושה בריה חדשה" — פון דיר און דיינע קינדער וועל איך מאַכען אַ נייע באַשעפעניש, אַ מערקווירדיגע דערשיינונג, וואָס וועט האַלטען געשפּאַנט די גאַנצע וועלט (מדרש תנחומא). און דער דאָזיגער פאַרשפּרעכען ווערט אויסגעהאַלטען ביז היינטיגען טאָג. אַלץ אַרום די אידען איז פלאי פלאים, וואונדערבאַר און אומפאַרשטענדליך. די עקזיסטענץ פון דעם „עם ישראל" איז אַ „חדה סתומה" — אַן אומדערקלערבאַר רעטזאַל. זיין „תורת משה" איז אַ וואונדער איבער אַלע וואונדערס, און זיין „ארץ ישראל", איז אַ קאָמפּליצירטער פּראָבלעם, וואָס איז שווער צו פאַרשטיין.

ווער עס האָט זיך נאָר אָפּגעגעבען מיט שטודירען די אידישע געשיכטע, קען זיך ניט אָפּוואונדערען אויף דער רעטזעלהאַפטער דערשיינונג פון אַ פאָלק

צו קענען עקזיסטירען אַזוי לאַנג אונטער אַזעלכע אומשטענדען ווי די אידען האָבען איבערגעלעבט אין זייערע לאַנגע און טרויעריגע גלות'ן. פון וואַנען האָבען זיי געצויגען די קרעפטען צו קענען ווידערשטיין די בייזוויליגע און אָפטע אָנפאַלען פון זייערע שונאים, וועלכע האָבען געזוכט צו פאַרטיליגען און אָפּ־מעקען זייער נאָמען פון אונטער די הימלען? און די באַוואונדערונג פון די פאָרשער ווערט נאָך גרעסער, ווען די געשיכטע באַווייזט זיי, אַז נאָך יעדען אָנפאַל, נאָך יעדען גרויזאַמען אָנגריף פון זייערע אַנטיסעמיטישע שכנים זיינען די אידען אַרויס פיל קרעפטיגער אַלס פאָלק און מער געשטאַרקט אין זייער באַשלוס צו קעמפען ווייטער פאַר זייער עקזיסטענץ. ניט אַנדערש, אַז די אידען זיינען אַ „בריה חדשה" — אַ זעלטענע שאַפונג צווישען די פעלקער פון דער וועלט, וואָס קאָן קיינמאָל ניט אונטערגיין און האָט אין איין באַגייען אירע כחות און לעבנס־קראַפט.

אויך די „תורת ישראל" ווערט באַוואונדערט פון אַלע אירע היסטאָרישע פאָרשער. קיין תורה אין דער וועלט האָט ניט דורכגעמאַכט אַזאַ שטורמישע עקזיסטענץ, ווי די אידישע תורה. פאַר טויזענטער דורות לאַנג ווי מען האָלט איר אין איין ברענען און רייסען פון איר שטיקער, און דאָך איז זי פאַרבליבען גאַנץ ווי געוועז. אין געגנטייל, אַלע אירע רייסער און ברענער זוכען גאָר איר נאָכצומאַכען. זי איז נאָך היינט דער הויפּט קוואַל, פון וועלכען אַלע תורות און רעליגיעס ציען זייער חיונה. אירע גייסטרייכע לערען דינען נאָך איצט אַלס די מאָדעלען פאַר פאַרשיידענע ציוויליזאַציעס פון דער גאַנצער וועלט. אויך זי איז אַ „בריה חדשה" — אַ אימער נייע באַשעפעניש, פון וועלכער עס שטראָמט אייביגער לעבען.

און אַ „בריה חדשה", אַ שטענדיג נייער פּראָבלעם, איז אויך „ארץ ישראל", די אידישע נאַציאָנאַלע היים. אויך זי האָט דורכגעמאַכט אומצייליגע חורבנות אין איר לאַנגער עקזיסטענץ. אויך איר האָט מען געברענט און צעשטערט פיל מאָל. פאַר טויזענטער דורות איז זי געלעגען אָפּגעלאָזען און פארוויסט, אָבער איר זכרון איז פאַרבליבען פריש אין די מוחות פון אַלע מענשען־קינדער אַלס דאָס וויגעלע פון אַלע אמונות, און איר שיקזאַל איז נאָך ווייט פון צו זיין פאַרזיגעלט. כאָטש זי איז פאַר טויזענטער יאָרען געווען פאַרלאָזען פון אירע אייגענע קינדער, איז איר אָנדענק אָבער פאַרבליבען מיט זיי און די האָפענונג פאַר איר צוריקבוי איז קיינמאָל ניט אויפגעגעבען געוואָרען. נאָך אַלע שטערונגען פון אויסער־

ליכע און אינערליכע שונאים קומט זי צוריק צום לעבען און וועט ענדליך פאַר־בלייבען די אידישע נאַציאָנאַלע היימלאַנד, ווי ג׳ האָט פאַרשפּראָכען צו אונזערע אָבות.

אויב איר צוריקבוי האָט זיך אַזוי לאַנג פאַרצויגען, איז עס אונזער אייגענע שולד. מיר האָבען זיך צו־לאַנג צוגעהערט צו די פאַלשע פירער, וועלכע האָבען זיך איינגעלעבט אין גלות און ניט דערלאָזען צו אַ גרויסער פאָלקס־באַוועגונג, וואָס זאָל אונז פירען צוריק צו אונזער ארץ אָבות. גלות־מענשען לערנען ווייניג פון דער פאַרגאַנגענהייט. זיי לעבען מיט׳ן היינט און האָבען ניט קיין אויערען פאַר דעם נעכטען און קיין אויגען פאַר דעם מאָרגען.

„דער גלות״, זאָגט איינער פון די גרויסע העברעאישע פּאָעטען, „איז אַ שטאַרקער אָפּיום, וואָס טויבט־אָפּ די געהירען פון די, וואָס האָבען זיך אין אים איינגעקלאָמערט. פאַר אַ קורצער צייט זעהען זיי טאַקע פאַר זיך עקזאָטישע בילדער, וואָס רייצען זייערע גראָבע אינסטינקטען און פאַרוויגט זיי אין אַ זיסען שלאָף. זיי ליידען אָבער שטאַרקע קאָפּווייטאָגען אַזוי גיך ווי דער ווילדער קאָשמאַר גייט אַריבער״.

פון אַזעלכע קאָפּווייטאָגען האָבען אויך געליטען די „יוצאי מצרים״. לויט דער אויפפאַסונג פון אונזערע תלמודיסטען און בעלי־אגדה, ווערט איןביידע סדרות, „שלח״ און „קרח״, פאַרגעשטעלט דער אַלטער, היסטאָרישער קאַמף, וואָס די „נשיאי העדה״ — די רייכע אַסימילאַטאָרען פון דער אידישער געמיינדע אין אַלע לענדער און צייטען, פירען אָן קעגען דעם אידישען נאַציאָנאַלען געדאַנק און קעגען דער גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל. זייער לאָזונג, אַז די גלות־לענדער זיינען אונזערע ציונ׳ס, ווערט אויסגעדריקט אין דעם אַלטען געשריי פון דעם „אַספסוף״ אין מדבר: „הלא טוב לנו שוב מצרימה״ — עס איז פאַר אונז פיל בעסער זיך צוריקקערען נאָך מצרים. זיי זיינען געוועזען פאַר׳־שכור׳ט פון דעם גלות און האָבען געזוכט צו שטערען די אידישע גאולה מיט וואָס נאָר זיי האָבען געקענט. זיי האָט ווייניג געקימערט, אַז מיט אַלע זייערע פאַרדעטערישע מעשים ברייגנען זיי גרויסע אומגליקען אויפ׳ן פאָלק. אַבי זיי איז געלונגען צו פאַרלענגערען דעם גלות, זיינען זיי געווען העכסט צופרידען.

נאָך איידער די אידען זיינען אַרויס פון מצרים האָבען די דאָזיגע אַסימי־לאַטאָרען געלייגט שוועריגקייטען אין משה׳ס וועג און האָבען געזוכט אים צו שטערען אין זיין באַפרייאונגס־אַרבייט. ווי דער מדרש דערציילט: „היו להם

פטרונין והיו להם עושר וכבוד ולא היו רוצים לצאת״ — צווישען זיי האָבען זיך געפונען פרייע מענשען, וועלכע האָבען זיך אָפּגע׳פּטר׳ט פון אַלע נאַציאָנאַלע פליכטען, האָבען געהאַט גרויס רייכטום און כבוד און האָבען ניט געוואָלט אַרויס פון גלות (שמו״ר י״ג). דער פסוק רופט זיי אָן מיט דעם נאָמען „אספסוף״, וואָס מיינט, אַ צוטשעפּעניש, ווייל אייגענטליך זיינען זיי געווען שוואַכע אידען. זיי האָבען זיך געהאַלטען צוגעטשעפּעט צו זייער פאָלק בלויז צוליב דעם, וואָס די מצריים האָבען זיי ניט געוואָלט אָנערקענען פאַר זייער גלייכען. זיי זיינען אַרויס פון מצרים צוזאַמען מיט די אידען, ווייל פרעה האָט זיי פשוט אַרויסגעטריבען. פון דעם מאָמענט אָבער, וואָס זיי האָבען געזעהן „מצרים מת על שפת הים״, ווי די חילות פון פרעה ליגן טויט ביים ברעג ים, האָבען זיי זיך אַלץ געריסען צו גיין צוריק.

פון אַן אייגען לאַנד, פון נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט האָבען זיי ניט געוואָלט הערען און וויסען. איצט, אַז די גרויזאַמע ממשלה ליגט אַ צע־שמעטערטע, איז דאָך די בעסטע צייט צו גיין צוריק קיין מצרים, וואו מען קען פירען גרויסע געשעפטען און זיך באָדען אין וואוילטאָג. הערען מיר דען ניט אויך איצט די זעלביגע טענות פון די אידישע אַסימילאַטאָרען אין אַמעריקע און אין אַלע אַנדערע לענדער, וועלכע רייסען דעם פעלץ קעגען דער גרינדונג פון אַ אידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל? אויך זיי טענה׳ן: היטלער און אַלע אידישע שונאים זיינען דאָך באַזיגט געוואָרען; די לענדער, וואָס ער האָט פאַרכאַפּט, ווערען באַפרייט, און אַלץ וואָס מען דאַרף איצט האָבען, איז אַ „ביל אָוו ראַיטס״, אַן הבטחה, אַז זיי וועלען שוין זיין גוט און פרום — און די אידען וועלען דאָרט לעבען, ווי ג׳ אין פראַנקרייך.

און נאָך טרויעריגער איז, וואָס דאָס פאָלק לאָזט זיך, על פי רוב, פאַרפירען פון די דאָזיגע פאַררעטער. צוליב זייער רייכטום ווערען זיי געשעצט פונ׳ם ברייטען עולם און זיי ווערען די „נשיאי העדה״ — די באַאַמטע פון דער געמיינדע און די פאַרוואַלטער פון אַלע זייערע צדקה־פעדעראַציעס. זיי זיינען די „קרואי מועד״, די ערען־געסט פון יעדער פאַרזאַמלונג און די הויפּט דעה־זאָגער ביי יעדער וויכטיגער אידישער אונטערנעמונג. דער דאָזיגער „אספסוף״, די צוגע־טשעפּעטע אידען, האָבען פּראָוואָצירט די מעשה פון די „מרגלים״, וועלכע האָבען געבראַכט אַ טרויעריגען באַריכט איבער ארץ ישראל און אַזוי אַרום פאַרלענגערט דעם אידישען גלות אין דער מדבר. דאָס פאָלק האָט טאַקע נאָכדעם

חרטה געהאַט און געקומען צו משה'ן מיט דעם באַשלוס: „הננו ועלינו אל המקום אשר אמר ה׳" — מיר זיינען גרייט צו גיין צום אָרט, וואָס ג׳ האָט געהייסען, מיר גיבען צו „כי חטאנו", אַז מיר האָבען געזינדיגט. און משה ענטפערט זיי: "אַל תעלו כי אין ה׳ בקרבכם", איר וועט ניט שטייגען, ווייל ג׳ איז ניט צווישען אייך. איר האָט ווייניג צוטרוי און אַ קנאַפּען גלויבען אין אייערע נאַציאָנאַלע רעכט, „והיא לא תצלח", און אייער מי וועט ניט געלינגען.

די אָנפירער פון דעם „אספסוף", די אומצופרידענע מיט דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, האָבען זיך ניט געקענט באַרוהיגען וואָס זייער פּלאַן צו שטערען דער גרינדונג פון אַן „ארץ ישראל", דורך די רכילות פון די מרגלים, האָט זיך ניט איינגעגעבען, האָבען זיי זיך פאַרנומען אויף אַן אַנדער ריכטונג. „ויקהלו על משה ועל אהרן", זיי האָבען זיך פאַראייניגט צו באַקעמפען די פירערשאַפט פון משה און אהרן. זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז כל זמן די אידען וועלען אויספאָלגען זייערע לערען, וועלען זיי זיך ניט אַסימילירען און וועלען זיך האַלטען שטאַרק אין דער אידייע פון „עם ישראל", „תורת ישראל", און „ארץ־ישראל" — אַ אידיש פאָלק, אַ אידיש תורה און אַ אידיש לאַנד.

„ויקח קרח", און קרח, דער רייכסטער מאַן אין זיין צייט, נעמט זיך צו דער אַרבייט. ער העצט דאָס פאָלק קעגען משה מיט דער אַלטער טענה: „המעט כי העליתנו מארץ זבת חלב ודבש להמיתנו במדבר" — דיר איז ווייניג, וואָס דו האָסט אונז אַרויסגענומען פון אַ לאַנד, וואו עס רינט מילך און האָניג, און אונז לאָזען שטאַרבען אין דער מדבר, „כי תשתרר עלינו גם השתרר" — דו ווילסט נאָך זיין דער אַבסאָלוטער הערשער איבער אונז. זיך אַליין האָסטו גענומען די ממשלה, דיין ברודער אהרן האָסטו באַשטימט צו זיין דער „כהן גדול", „רב לכם בני לוי" — גענוג פאַר אייך, איר קינדער פון לוי. מיר קענען שוין מער ניט פאַרטראָגען אייער טיראַנישע ממשלה.

צו אים שטייען־צו די אַלטע טראָבעל־מאַכער, דתן, אבירם און בן־פּלס, און זיי פאַנגען־אָן אַן אַגיטאַציע צו דערווייַלען נייע פירער, וועלכע זאָלען שטיין אונטער זיין השפעה. וויסענדיג, אַז צווישען די אידען געפינען זיך פיל, וועלכע זיינען אומצופרידען מיט די פאַרשיידענע דינים פון „תרומות ומעשרות", וואָס משה האָט זיי אָנגעזאָגט צו געבען פאַר דעם משכן, פאַר די כהנים און פאַר די לויים, האָבען זיי געהאַלטען אין איין העצען: „דברים אילו לא נצטוית עליהן ומלבך אתה בודאן" — אָט די זאַכען האָט דיר ג׳ ניט אָנגעזאָגט, דו האָסט זיי

פון דיין אייגענעם הארצען אויסגעטראַכט, כדי רייך צו מאַכען דיך און דיין פאַמיליע (מדרש תנחומא).

זייער סוף איז אָבער געווען אַ טרויעריגער. „וירדו חיים שאלה״ — זיי האָבען אַרונטערגענידערט לעבעדיגע אין גרוב אַריין. אידען, וועלכע בירגערען זיך אַיין אין גלות און ווילען ניט וויסען פון ג׳ און זיין תורה, פון זייער פאָלק און זיין לאַנד, ווערען ענדליך פאַרניכטעט צוזאַמען מיט זייער האָב און גוטס. „ותפתח הארץ את פיה ותבלע אותם ואת בתיהם ואת כל הרכוש״ — די פרעמדע ערד עפענט אויף איר מויל און שלינגט זיי איין צוזאַמען מיט זייערע הייזער און זייער פאַרמעגען. „ותכס עליהם הארץ ויאבדו מתוך הקהל״ — דאָס נייע לאַנד, וואָס זיי האָבען אַדאָפּטירט, דעקט זיי צו און זיי ווערען פאַרלאָרען פון דעם אידישען קהל.

דאָס איז דער געדאַנק פון רבה בר בר חנה: דער טעייא, דער דערפאַרענער רייזענדער, וואָס באַזוכט פיל לענדער, זאָגט אים: קום און איך וועל דיר ווייזען וואו די קרח׳ס, די אידישע אַסימילאַטאָרען, ווערען פאַרזונקען. דו זעהסט צוויי גרויסע שפּאַלטען אין דער ערד, פון וועלכע עס שלאָגט אַ דיקער רויך, דאָס איז פאַראורזאַכט געוואָרען פון צוויי גרויסע וועלט־מלחמות. די „שה פזורה ישראל״ — דאָס צעשפּרייטע אידישע שעפּסעלע האָט זיך מיט איר וואָל אויך אַרוימ־גערינגעלט אַרום די שפּיזען און איר בלוט פאַרגאָסען אויף אַלע שלאַכטפעלדער. זי איז אָבער אַרויס אַ פאַרסמאַליעטע. פון אַלע הבטחות, וואָס מען האָט איר צוגעזאָגט, האָט זיך גאָר ניט אויסגעלאָזען. זייערע האָפנונגען אויפ׳ן דעמאָ־קראַטישען יושר פון דער וועלט זיינען אויסגערונען געוואָרען. און פון די רויכענדע שפּאַלטען, די טרעבלינקעס און די אָסוויענטשימס, הערט זיך די שטים פון די אידישע הרוגים: משה און זיין תורה איז אמת און די קרח׳ס זיינען ליגנערס.



# הפטרה

## שווער צו זיין אַ פירער ביי אידען

**ונחדש שם המלוכה.**

„לפי שבראשונה היו עוררים על הדבר ועתה נתרצו כלם" — ווייל צוערשט האָבען זיי פּראָטעסטירט קעגען דעם, און איצט האָבען זיי אַלע איינגעשטימט (רש"י).

דער פאַרשטאָרבענער ציוניסטישער פירער נחום סאָקאָלאָוו ע"ה האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „צו זיין אַ פירער ביי אידען איז איינע פון די שווערסטע זאַכען אין דער וועלט".

ניט אומזיסט זאָגט דער נביא וועגען משיח'ן, אַז „לא למראה עיניו ישפוט ולא למשמע אזניו יוכיח" — ער וועט משפּט'ן אומגעזעהענערהייט און וועט שטראָפען אומגעהערטערהייט, ווייל אויב מען וועט אים זעהן און הערען, וועט מען פאַר אים קיין צו־גרויסען דרך־ארץ ניט האָבען. מיר זעען עס פון היינטיגער סדרה און אויך פון דער הפטרה:

משה רבנו באַשטימט זיין ברודער אהרן צו זיין דער כהן גדול אויפ'ן באַפעל פון ג'. זיינען אָבער די קרח'ס ניט צופרידען געווען מיט דעם אויסוואַל און זיי האָבען פּראָטעסטירט. זיי האָבען גיך פאַרגעסען, אַז ווען ניט משה און אהרן, וואָלטען זיי נאָך איצט געשמאַכט אונטער דעם שווערען יאָך פון מצרים. קעגען די „נוגשים", די דריקענדיגע פאַרוואַלטער, וועלכע פּרעה האָט באַשטימט צו הערשען איבער זיי און זיי פּייניגען, האָט מען ניט רעוואָלטירט. „ותעל שועתם אל ה'" — זיי האָבען געשריען צו ג', געזאָגט קינות און געפאַסט תעניתים. דעם גוי אָבער האָט מען געפאָלגט און זיינע באַפעלען פּינקטליך אויסגעפילט, קעגען די אייגענע פירער אָבער שרייט מען: „כי תשתרר עלינו גם השתרר" — דו ווילסט הערשען איבער אונז, מיר זיינען מיד פון דיין ממשלה.

כמעט די זעלביגע זאַך האָט פּאַסירט אין די צייטען פון שמואל'ן: דאָס אידישע פאָלק אין כנען האָט שטאַרק געליטען פון די אַרומיגע פעלקער, וועלכע האָבען זיי ניט געלאָזט רוען. גאַנץ אָפט פלעגט מען באַפאַלען זייערע היימען, אַוועקרויבען זייערע שאָף און רינדער און חרוב מאַכען זייערע פעלדער און גערטנער. וואָלטען זיך אַלע אידישע שבטים פאַראייניגט און געמיינשאַפטליך

באַקעמפּט די שונאים, וואָלטען זיי זיכער געזיגט און זיי פאַרטריבען פון די אידישע גרעניצען. זיינען זיי אָבער געווען פרעמד איינע צו די אַנדערען און געשטאַנען פון דער ווייטענס, ווען אַ צרה איז באַפאַלען דעם אָדער יענעם שבט. אַלץ, וואָס זיי האָבען געטאָן, איז געווען ווי אַמאָל: „ויזעקו אל ה׳״ — זיי האָבען געשריען צו ג׳ און אָפּגעקומען מיט תפילות.

ביז עס איז דערשינגען שמואל הנביא — אַ פירער, וואָס ווערט פון דער היסטאָריע געשטעלט אין דער זעלבער ריי מיט משה און אהרן, און אים איז געלונגען פאַראייניגען אויף וויפיל מעגליך די אידישע שבטים און באַזיגען די קריגערישע פלשתים. זיינען די אידען געווען צופרידען מיט זיין פירערשאַפט? האָבען זיי געהאַט פולען צוטרוי צו אים? אין דעם איז אַ צווייפעל, ווייל מיט־אַמאָל קומען צו אים די אידישע זקנים, די פאַרנעמע באַלעבאַטים, און פאַר־לאַנגען פון אים: „שימה לנו מלך לשפטנו ככל הגויים״ — באַשטים פאַר אונז אַ קעניג, וואָס זאָל אונז ריכטען און פאַרוואַלטען, ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער. שמואל׳ן האָט לכתחילה פאַרדראָסען זייער פאַרלאַנג. ג׳ אָבער זאָגט אים: טו דעם ווילען פון פאָלק, „כי לא אותך מאסו, כי אותי מאסו ממלוך עליהם״ — ניט דיך האָבען זיי באַליידיגט, נאָר מיך. זיי ווילען מיר מער ניט האָבען פאַר אַ קעניג איבער זיי. זיי ווילען אַ מלוכה פון אַ מענשען, איידער פון ג׳.

שמואל רופט צוזאַמען דאָס גאַנצע פאָלק, וואַרפט גורל ווער פון זיי עס זאָל באַשטימט ווערען פאַר אַ קעניג, און דער גורל פאַלט אויף שאול׳ן, פון דעם שבט בנימין. אַלע האָבען געזעהן, אַז דער אויסוואַל איז ניט געמאַכט געוואָרען פון שמואל׳ן, נאָר פון ג׳ אַליין. דאָס האָט אָבער ווייניג געהאָלפען צו קריגען דעם פולען צוטרוי פון אַלע אידען. „ובני בליעל אמרו מה ישיענו זה״? — די פאַרדאָרבענע מענשען, די קרח׳ס פון יענער צייט, האָבען געזאָגט: וואָס וועט אונז דער העלפען, „ויבזוהו״, און זיי האָבען אים פאַרשפּאָטעט. ערשט אַז שאול האָט אָרגאַניזירט דאָס אידיש חיל און האָט געהאַט אַ גרויסען זיג איבער „נחש העמוני״, האָבען אַלע אידען צוגעשטימט, אַז ער איז אַ גרויסער פירער. און שמואל, זאָגט צו זיי: איצט, אז איר האָט זיך איבערצייגט, אַז ג׳ איז מיט שאול׳ן, „לכו ונלכה הגלגל ונחדש שם המלוכה״ — קומט, לאָמיר גיין נאָך גלגל און דאָרט באַנייען די מלוכה.

ג.

## טירען וואָס פירען אַ פאָלק צום גיהנום

**וירדו הם וכל אשר להם חיים שאולה.**

„שלשה פתחים יש לגיהנום, אחד במדבר ואחד בים ואחד בירושלים" — דריי טירען פירען צום גיהנום, איינע אין דער מדבר, איינע אין ים און איינע אין ירושלים (עירובין י"ט ע"א).

אַפריער די מרגלים און נאָכדעם קרח מיט זיין געמיינדע האָבען געבראַכט גרויסע אומגליקען אויפ'ן פאָלק און האָבען פאַרלייגגערט זיין גלות. לויט דער אויפפאַסונג פון אונזערע תלמוד'יסטען און בעלי אגדה שטעלען זיי ביידע פאַר דעם אַלטען היסטאָרישען קאַמף, וואָס די „נשיאי העדה", די רייכע קלאַסען פון דער אידישען געמיינדע, אין אַלע לענדער און צייטען, פירען אַן קעגען דעם אידישען נאַציאָנאַלען געדאַנק. זייער טענה, אַז מצרים איז אַ לאַנד, וואו עס רינט מילך און האָניג און דאַרום „טוב לנו שוב מצרימה", איז פאַר אונז בעסער צוריקקערען נאָך מצרים, שטימט מיט דעם לאָזונג פון די היינטיגע אַנטי־ציוניסטען, אַז בערלין, פאַריז, וויען, לאָנדאָן אָדער וואַשינגטאָן, איז אונזער ירושלים, און די לענדער וואו מיר וואוינען זיינען אונזערע ציונ'ס.

קרח'ס מענשען, די „קריאי מועד" און „אנשי שם", די באַרופענע פון דער געמיינדע און די באַרימטע גבירים, אַזוי גוט ווי פון היינטיגע דורות, האָבען מורא, אַז אידישע נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט וועט אונטערגראָבען זייער עקאָנאָמישען און פּאָליטישען מצב אין די לענדער וואו זיי געפינען זיך. זייער באַציהונג צו ארץ ישראל איז אויך דיזעלבע. קרח מיט זיין געמיינדע שרייען צו משה'ן: „אַף לא אל ארץ זבת חלב ודבש הביאותנו" — אויך ניט אין אַ לאַנד, וואָס רינט מיט מילך און האָניג, האָסטו אונז געבראַכט. וואוהין ווילסטו אונז פירען — אין אַ קליין פאַרוויסט לאַנד, וואו מען דאַרף אַרבייטען שווער און ביטער פאַר דעם שטיקעל ברויט? הערען מיר ניט דיזעלבע טענות אויך היינט פון די זאָגענאַנטע „קריאי מועד" און „אנשי שם", די באַוואוסטע פילאַנטראָפּען און צדקה־פאַרוואַלטער אין אַלע לענדער וואו אידען געפינען זיך? און דער ענטפער איז אויך דער זעלבער: „לא נעלה", מיר וועלען ניט גיין, מיר בלייבען דאָ.

אַזאַ מחלוקת ווי קרח מיט זיין געמיינדע האָבען אָנגעפירט קעגען משה'ן אין מדבר, זאָגען אונז די חז"ל, איז איינע פון די 3 טירען, וואָס פירען צו אַ

פאַלק׳ס גיהנום. אַ מחלוקת, וואָס ברעכט די אחדות פון אַ פאָלק און שטערט דעם פראָצעס פון זיין באַפרייאונג, פאַרוואַנדעלט זיין לעבען אין אַ גהינום און ברייגנט גרויסע אומגליקען.

אַ צווייטע טיר, וואָס דערפירט אַ פאָלק צו לעבען אין אַ גיהנום, איז אַסימילאַציע און זוכען צו אַנטלויפען פון גאָט, ווי עס ווערט געשילדערט אין נביא יונה:

„ויקם יונה לברוח מלפני ה׳" — יונה באַשליסט צו אַנטלויפען פון זיין גאָט. ער קומט נאָך יפו און געפינט דאָרט אַ שיף, וועלכע וויל אים לכתחילה ניט אויפנעמען. „ויתן שכרה — שכר כולה", ער באַצאָלט אָבער דעם גאַנצען פרייז פאַר דער שיף (רש״י) און מען נעמט אים ענדליך אַריין. אַזוי גיך אָבער ווי עס ברעכט אויס אַ שטורעם אויפ׳ן ים און דער קאַפּיטאַן מיט די מאַטראָסען און אַנדערע פּאַסאַזשירען ווילען אויסגעפינען „למי הרעה הזאת לנו", ווער איז שולדיג אין דער טרויעריגער לאַגע? „ויפל הגורל על יונה", פאַלט דער גורל אויף יונה׳ן. אום איינצושטילען דעם ים פון זיין כעס וואַרפט מען אים פאַר אַ קרבן צו די ברויזענדע כוואַליעס.

אין אָט דעם בילדעל שפּיגעלט זיך אָפּ די אַלט־נייע פּראָצעדור פון די אידישע אַסימילאַנטען אין אַלע לענדער און אַלע צייטען. אין זייער געיעג צו אַנטלויפען פון זייער גאָט און זיין מיט אַלע פעלקער צוגלייך, כאַפּען זיי זיך אַריין אין יעדער שיף, וואָס שווימט אויף דעם גרויסען ים פון דער וועלט. זיי באַצאָלען טייער פאַר דער שטיקעל מנוחה, וואָס מען לאָזט זיי האָבען פאַר אַ ווייל, אָבער אַזוי גיך ווי עס ברעכט אויס אַ שטורעמווינט און שלעכטע צייטען קומען אָן זיינען זיי דאָס ערשטע כפרה־הינדעל.

אַנטלויפען פון ג׳ איז אַ צווייטער טיר, וואָס פירט צום גיהנום. אַסימי־לאַציע האָט די אידען אימער געוואָרפען אין אַ ים פון צרות און אומגליקען.

אַ דריטער טיר, וואָס פירט אַ פאָלק צום גיהנום און צו אַ סכנה פון אונטערגאַנג, איז פאַרראַט, אָדער ווי מען רופט עס אין היינטיגע צייטען „אַפּיז־מענט", צו באַרוהיגען אַ מעכטיגען שונא אויפ׳ן חשבון פון פאָלק, פאַר דעם בענעפיט פון יחידים, ווי עס ווערט דערציילט אין ישעיה:

אין די צייטען פון חזקיה מלך יהודה האָט זיך סנחריב, דער דיקטאַטאָר פון אשור, פאַרמאָסטען איינצונעמען די גאַנצע וועלט. זיינע מעכטיגע אַרמייען האָבען באַזיגט איין פאָלק נאָך דעם צווייטען און פאַרכאַפּט זייערע לענדער,

ביז ער האָט דערגרייכט צו די טויערען פון יהודה. חזקיה המלך האָט מאָביליזירט זיינע חיילות זיך צו שטעלען אַנטקעגען דעם גרויזאַמען סנחריב. עס האָט זיך אָבער דאַן געפונען אין ירושלים אַ גרופע איינפלוסרייכע מענער, מיט דעם מיניסטער „שבנא” בראש, וועלכע האָבען געזוכט שלום אום יעדען פּרייז. צוליב זייערע אייגענע אינטערעסען האָבען זיי פּרובירט איינצורעדען חזקיה'ן, ער זאָל „אַפּיזען” סנחריב'ן און מאַכען מיט אים שלום.

לכתחילה האָט חזקיה אַרויסגעוויזען וויניג אינטערעס צו די פאָרשלאַגען פון שבנא'ן מיט זיינע אַפּיזערס. איידער צו מאַכען שלום מיט אַזאַ היטלער־סנחריב, וואָס מיינט צו פאַרלירען זיין זעלבסטשטענדיגקייט, איז פאַר דעם לאַנד בעסער, אַז זיינע מענשען זאָלען שטאַרבען אין קאַמף פאַר פרייהייט. ווען די אַרמייען פון סנחריב אָבער האָבען געגרייכט ביז די טייערען פון דער דאַמאָלס־דיגער פאַרפעסטיגטער שטאָט „לכיש”, האָט זיך חזקיה דערשראָקען און האָט ענדליך נאָכגעגעבען.

שבנא, דער טשעמבערליין בשעתו, האָט זיך געטראָפען מיט סנחריב'ן און מיט אים געשלאָסען אַן אָפּמאַך, אַז פאַר דריי הונדערט טויזענט גאָלדענע כיכר'ן, וועט ער צורוה לאָזען ארץ־ישראל. סנחריב האָט עפענטליך געשוואוירען, אַז אויב די אידען וועלען אים באַצאָלען אָט די גרויסע סומע, וועט ער זיי ניט אָנרירען. חזקיה האָט אים געגלויבט און האָט אויסגעליידיגט די מלוכה אוצרות און אויך אַלע גאָלדענע און זילבערנע כלים פון בית המקדש און האָט באַצאָלט דעם פּרייז. סנחריב האָט פאַר אַ ווייל פאַרלאָזט דאָס לאַנד, און חזקיה האָט דעמאָביליזירט זיינע אַרמייען.

סנחריב, אָבער, ווי היטלער היינט, האָט אויף דעם געוואָרט. אַזוי גיך ווי ער האָט דערפאַרען, אַז דאָס לאַנד איז ניט צוגעגרייט פאַר מלחמה, איז ער געווען אַ „מפיר ברית” (ישעי' ל"ג ח') און האָט דעם אָפּמאַך געבראָכען. ער האָט צוריקגעבראַכט זיינע אַרמייען און איז באַפאַלען דאָס לאַנד. דאַן איז אָבער געשעהן אַ נס. און אין איין נאַכט זיינען מייז באַפאַלען זיינע אַרמייען און האָבען אויפגעפרעסען דאָס גאַנצע פּראָוויאַנט און אויך צעגריזשעט דאָס געוועהר. הונדערטע טויזענטע פון זיין אַרמיי זיינען געפאַלען טויט און די איבעריגע זיינען צוריקגעלאָפען נאָך אשור.

ישעי' הנביא, וועלכער האָט פאָראויסגעזאָגט סנחריב'ס מפלה, פאַרדאַמט שבנא'ן מיט זיין פאַררעטערישער גרופּע פון אַפּיזערס. מענשען, וואָס שטעלען

זייערע אייגענע אינטערעסען העכער פאַר די פון פאָלק, דערפירען צו אַ לאַגע פון „אור לו בציון ותנור לו בירושלים", אַ פייער ברעכט אויס אין ציון און אַ גיהנמ'שער קאַלך־אויוועז אין ירושלים.

# הפטרה

## דאָס אידישע פאָלק וועט לעבען בלייבען

### כי לא יטוש ה' את עמו בעבור שמו הגדול.

„כתוב אחר אומר, כי לא יטוש ה' עמו ונחלתו לא יעזב. רבנן אמרי: בארץ ישראל בשביל עמו ונחלתו, ובחוץ לארץ בעבור שמו הגדול" — אין אַן אַנדער פסוק ווערט געזאָגט, אַז ג' וועט ניט פארלאָזען זיין פאָלק און זיין נחלה. דערקלערען די רבנן, אַז אין ארץ־ישראל טוט ער עס צוליב זיין פאָלק און זיין נחלה, און אין חוץ לארץ צוליב זיין גרוסען נאָמען (מדרש רות).

דער נביא שמואל, וועלכער ווערט פון דער טראַדיציע געשטעלט אין דער זעלבער רייה מיט משה און אהרן, איז געוואָרען דער אידישער פירער אין אַ צייט, ווען זייער לאַגע איז געוועזן אַ העכסט טרויעריגע. די שבטים זיינען געוועזן צעריסען צווישען זיך און האָבען זיך אַנטזאָגט צו העלפען איינער דעם אַנדערען. „וינגף ישראל לפני פלשתים", די אידען זיינען אונטערריאָכט און פאַרפאָלגט געוואָרען פון די פלשתים. עס האָט געפעלט אַן אמת'ער פירער, וואָס זאָל זיי צוזאַמענעמען און מיט פאַראייניגטע כחות קעמפען קעגען זייערע שונאים.

אויך זיינען זיי געווען שטאַרק אָפּגעשוואַכט אין זייער אמונה. עלי, דער כהן און שופט פון יענער צייט, איז געוועזן אַלט און שוואַך. זיינע קינדער, חפני און פנחס, פלעגען פאַרכאַפּען דעם גרעסטען טייל פון די קרבנות פאַר זיך. די אידען האָבען געווייכט פון משכן און שטילערהייט געדינט צו „בעלים" און „עשתרות", די אָפּגעטער פון זייערע ארומיגע שכנים. אין אַ גרויסען שלאַכט, וואָס איז פאָרגעקומען ביי „אבן העזר", זיינען טויזענטער אידען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען פון די פלשתים, וועלכע האָבען אויך פאַרכאַפּט דעם ארון מיט די לוחות און אים גענומען געפאַנגען נאָך אַשדוד. עלי הכהן, אַז ער האָט דערהערט די שרעקליכע נייעס, איז ארונטערגעפאַלען פון זיין שטול און איז אויפ'ן אָרט

געשטאָרבען, און די אידען זיינען געבליבען אָהן אַ פירער און שטאַרק אַנטמוטיגט.

אין אַזאַ צייט איז דערשינען שמואל הנביא און איבערגענומען די פירער־שאַפט. מיט זיין מאַגנעטישער פערזענליכקייט איז אים געלונגען צו פאַראייניגען די שבטים אין אַ גאַנץ פאָלק. ער האָט באַזוכט יעדען שבט באַזונדער און אויפגעפאָדערט די אידען, זיי זאָלען אַוועקוואַרפען זייערע אָפּגעטער און זיך צוריקקערען צו זייער תורה און אמונה. זיינע ווערטער האָבען געמאַכט אַ שטאַרקען רושם אויף אַלעמען און דער רעליגיעזער מצב האָט זיך שטאַרק געהויבען. מיט דעם כח פון דער אמונה איז אים געלונגען צו פאַראייניגען אַלע שבטים צו קעמפען קעגען די פלשתים, וועלכע האָבען געכאַפּט אַ גרויסע מפלה. זיי האָבען צוריקגעקראָגען דעם ארון און עטאַבלירט דעם משכן אין רמה, וואו אַלע אידען פלעגען זיך אָפּט צוזאַמענקומען.

פאַר גאַנצע צוואַנציג יאָר האָט שמואל הנביא גע׳משפט די אידען און דער פסוק זאָגט, אַז פאַר דער צייט „וינהו כל בית ישראל אחרי ה׳״, די אידען זיינען צוגעצויגען געוואָרען צו דער גאָטהייט און זיינען צוריקגעוואָרען אַן אייגנאַרטיג פאָלק. ווי איבערראַשט אָבער איז שמואל געוואָרען, ווען צו דער עלטער זיינען צו אים געקומען די פאָרשטייער פון די שבטים און פון אים געפאָדערט: „שימה לנו מלך לשפטנו ככל הגוים״ — באַשטים פאַר אונז אַ קעניג, וואָס זאָל אונז ריכטען און פאַרוואַלטען, ווי אַלע אַנדערע פעלקער. „וירע הדבר בעיני שמואל״ — אים איז זעהר ניט געפעלען געוואָרען זייער פאָרשלאַג. גב״ה אָבער האָט אים געענטפערט: טו זייער פאַרלאַנג, „לא אותך מאסו, כי אותי מאסו ממלוך עליהם״ — ניט דיך האָבען זיי באַליידיגט, נאָר מיך, זיי ווילען מיך ניט האָבען פאַר אַ קעניג איבער זיי. די רייכערע און פרייערע ווילען אָפּ־טיילען די רעליגיע פון שטאָט און דערפאַר פאָדערען זיי אַ קעניג.

דער מדרש, וועלכער איז געווען גוט באַקאַנט מיט אָט דעם אינערליכען קאַמף, וואָס גייט אָן צווישען אידען, באַמערקט איבער דעם: „בחוץ לארץ בעבור שמו הגדול״, אין גלות באַקעמפט מען דעם אידישען נאַציאָנאַליזם מיט דער באַהויפטונג, אַז דאָס וועט אַרויסרופען קעגען די אידען אַ האַס פון די פעלקער וואו מיר געפינען זיך. זייער טענה איז, אַז דאָס אידיש פאָלק ווערט אויפגעהאַלטען „בעבור שמו הגדול״, בלויז אַלס רעליגיעזע גרופּע.

און אַז מען קומט שוין אין ארץ ישראל, ווילען די אידען פון דעם זעלבען מין, אַז מען זאָל אָפּטיילען די רעליגיע פון שטאָט, ווייל דאָרט וועט די גאַנצקייט

פון אונזער פאָלק אָפּגעהיט ווערען „בשביל עמו ונחלתו", צוליב נאַציאָנאַליטעט און באָדען. שמואל הנביא, פונקט ווי משה רבנו, אָבער, מאַכט די אידען אויפמערקזאַם, אַז אויך אין ארץ־ישראל מוזען מיר האָבען דעם „שמו הגדול". אָהן דער אידישער רעליגיע וועט זיך דאָס לאַנד לאַנג ניט האַלטען.

---

## ד.

## די רעוואָלוציע קעגען משה'ן אָנגעפירט פון דעמאַגאָגען

**ותכס עליהם הארץ ויאבדו מתוך הקהל.**

„עדת קרח אין להם חלק לעולם הבא, שנאמר ותכס עליהם הארץ — בעולם הזה, ויאבדו מתוך הקהל — לעולם הבא" — די געמיינדע פון קרח וועט ניט האָבען קיין חלק אין דער צוקונפטיגער וועלט, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: די ערד האָט זיי צוגעדעקט — אויף דער וועלט, און זיי זיינען פאַרלוירען געגאַנגען פון דער אידישער געמיינדע — פאַר דער קומענדיגער וועלט (סנהדרין ק"ט ע"ב).

ווי עס איז געווען צו דערוואַרטען, האָבען די אידישע מאַסען פון דעם דור־המדבר, לכתחילה, נישט אַרויסגעוויזען גרויס באַגייסטערונג פאַר זייער באַפרייאונג. מענשען, וועלכע זיינען דורות־לאַנג געווען פאַרשקלאַפּט, זיינען ניט עלול אָפּצושאַצען דעם ווערט פון פרייהייט. די אַמעריקאַנער געשיכטע וויים צו דערציילען, אַז בשעת פּרעזידענט לינקאָלן האָט פּראָקלאַמירט דעם „עבאָלישאָן אַקט", צו באַפרייען די נעגערשע שקלאַפען, האָט די רעגירונג געמוזט שיקען אַגיטאַטאָר'ען צווישען די שוואַרצע צו באַוועגען זיי, אז זיי זאָלען וועלען פריי־ווערען. אויך נאָך דער מלחמה האָבען זיך געפונען גאָר אַ היפשע צאָל נעגערס, וועלכע האָבען זיך ניט געוואָלט באַנוצען מיט זייער פרייהייט און זיינען פאַרבליבען דינען זייערע פריהערדיגע באַלעבאַטים.

מיר ווייסען אויך, צום ביישפּיל, אַז די ערשטע אידישע איינוואַנדערער אין אַמעריקע, די, וועלכע זיינען געקומען אהער מיט אַ זעכציג, זיבעציג יאָר צוריק, זיינען די ערשטע יאָרען געווען שטאַרק קריטיש קעגען אמעריקע. „אַ קלאָג צו קאָלאָמבוס" איז געווען אַ גאַנצבאַרער פאָרוואורף קעגען די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטישע איינריכטונגען און דעם אַרט לעבען דאָ אין לאַנד. פיל פון די

אידען, וואָס זיינען אַהער אָנגעקומען אין יענער צייט, כאָטש זיי זיינען אַנטלאָפען פון פּאָגראָמען, זיינען ניט געקומען „להשתקע" — מיט דער אידייע צו באַזעצען זיך און ווערען בירגער. זיי האָבען זיך געפילט שטאַרק עלענט און האָבען געבענקט נאָך זייערע אַלטע היימען. זייער הויפּט כונה איז געווען צו מאַכען אַ שנעלען טאָלער און זיך אומקערען צוריק צו די שטעט און שטעטלעך, פון וואַנען זיי זיינען געקומען. ערשט נאָך דעם, ווי זיי האָבען דאָ אָפּגעלעבט אַ לענגערע צייט, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו פאַרשטיין, וואָס די אַמעריקאַנער פריהייט מיינט פאַר יעדען איינוואוינער, און ווי גליקליך זיי דאַרפען זיך שעצען, וואָס דער שיקזאַל האָט זיי געבראַכט אַהער, אין דער פרייער מדינה.

די אידען, וועלכע זיינען פּלוצלינג אַרויסגעריסען געוואָרען פון זייערע אַלטע היימען אין מצרים און געבראַכט געוואָרען אין דער פרייען מדבר, האָבען זיך געפילט אַלס „נבוכים", בלאָנדזשערס, פאַרלוירענע מענשען, וואָס לעבען אין אַ ווירוואַר. די פיל נסים, וואָס האָט מיט זיי געשעהן, האָט זיי נאָך מער צעטומעלט. זיי האָבען זיך איינגערעדט, אַז ווי באַלד ג' טוט מיט זיי אַזוי פיל וואונדער, איז אַ סימן, אַז ער האָט זיי שטאַרק ליב און וועט מסתמא זיי באַזאָרגען מיט אַלץ, וואָס זיי ווילען. זיי האָבען ניט געקענט און אויך ניט געוואָלט פאַר־שטיין, אַז פאַר פריהייט מוז מען קעמפען, און אויב נויטיג איז אויך מקריב צו זיין אַ סך פון זייערע פּערזענליכע אינטערעסען פאַר די אינטערעסען פון דעם כלל.

ביי יעדער שוועריגקייט, וואָס זיי האָבען געהאַט דורכצומאַכען אין דער מדבר, האָבען זיי געבענקט נאָך זייערע אַלטע היימען. פאַרגעסען האָבען זיי די „נוגשים" מיט די „שוטרים", די גרויזאַמע באַאַמטע און פאַרוואַלטער, וואָס האָבען זיי געדריקט צו אַרבייטען שווער און ביטער „בחמר ובלבנים", ביי ליים און ציגעל, און זיי פאַרביטערט דעם לעבען. געדענקט האָבען זיי אָבער דעם „סיר הבשר", דעם טאָפּ פלייש, וואָס זיי האָבען פאַרמאַטערטהייט דאָרט גע־געסען. אַזוי איז שוין די נאַטור פון שקלאַפען, וועלכע אַרבייטען בלויז פאַר מאַטעריאַלען לוין. דער מאָגען און זיינע הצטרכות'ן פאַרנעמען דעם הויפּט־פּלאַץ אין זייער לעבען. די קעפּ און די כוחות זייערע אַרבייטען ניט. זיי זיינען אין גאַנצען באַהערשט פון דעם זאָרג פאַר דעם היינט, דער מאָרגען און די ווייטערע צוקונפט אינטערעסירען זיי ניט.

אויסער דעם האָבען זיך צווישען פאָלק געפונען אַ היפּשע צאָל „נשיאי עדה", רייכע לייט, וועלכע האָבען נאָך אין מצרים פאַרנומען בכבוד'יגע פּאָ־

זיציעס, און האָבען דאָס לאַנד ניט געוואָלט פאַרלאָזען. נאָך זייענדיג אין מצרים האָבען זיי געלייגט שטיינער אין וועג פון באַפרייאונג און געזוכט צו שטערען משה און אהרן אין זייער ארבייט פאַר דער אידישער גאולה. איצט, אַז זיי זיינען געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד צוזאַמען מיט אַלע אידען, ווייל די גויים, ווי באוואוסט, אָנערקענען ניט דעם אונטערשייד פון איין אידען ביז דעם צווייטען. אַז די צייטען פון גירוש, פון אַרויסטרייבען אידען, קומט, זיינען פאַר זיי אַלע גלייך. אָט די „נשיאי העדה" פלעגען גאַנץ אָפט זוכען צו העצען דאָס פאָלק קעגען משה און אהרן, און ביי יעדער געלעגענהייט פלעגען זיי אַרויסקומען מיט דער באַקאַנטער לאָזונג: „נתנה ראש ונשובה מצרימה", לאָמיר אויפנעמען אַן אַנדער פירער און זיך צוריקקערען נאָך מצרים.

די אַלע פאַראיבעלס און באַקלאָגונגען, מיט וועלכע די אידען האָבען זיך אַרומגעטראָגען, זיינען אָבער ניט געווען געפערליך. מיט אַלע זייערע טענות און מענות קעגען משה'ן האָבען זיי דאָך אויסגעפאָלגט זיינע דיר'עקטיוועז און האָבען פאָרטגעזעצט זייער גאַנג צו דער אידישער גאולה אין זייער אייגען לאַנד. „קריטיק און אָפּאָזיציע", האָט אַמאָל געזאָגט לאָרד ביקאָנספעלד אין ענגלישען פאַרלאַמענט, „איז גאַנץ אָפט אַ געזונטע זאַך פאַר דער זיכערקייט פון אַ פאָלק. דאָס האַלט אָפּ די פירער און הערשער פון מאַכען איבעראײלטע שריט, וואָס קאָנען פירען צו אַ קאַטאַסטראָפע. געפערליך ווערט עס, אויב עס וואַקסט אויס אַ דעמאַגאָגישער פירער, וואָס זוכט אויסצונוצען די קליינע פאַראיבעלס פון דעם פאָלק פאַר זיינע אייגענע נוצען און העצט די מאַסען צו רעוואָלטירען און זיך אויפהויבען קעגען דער הערשאַפט און איר צו שטירצען. אויב אַזאַ דעמאַגאָגישער אַגיטאַטאָר ווערט ניט געצאַמט אין צייט קאָן ער נאָך פירען דאָס פאָלק צו רואינע און ווערען דער דעספּאָטישער הערשער איבער אים".

אַזאַ דעמאַגאָגישער פירער, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט דער אומצופרידענקייט פון דעם פאָלק פאַר זיינע אייגענע אַמביציעס און אַזוי־אַרום שטירצען די פירערשאַפט פון משה און אהרן, איז געווען קרח. לויט דער טראַדיציע איז קרח געווען דער רייכסטער מאַן פון זיין צייט. זייענדיג דער זון פון „יצהר", דער צווייטער ברודער פון „גרשם", האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַז אויב משה, דער זון פון זיין פעטער גרשם, איז דער „מלך", דער פאָליטישער פירער פון פאָלק, דאַרף ער, לויט זיין געבורט, ווערן דער „כהן גדול", דער רעליגיעזער הויפט פון פאָלק. אַז משה האָט אָבער, אויפ'ן באַפעל פון ג' באַשטימט זיין

ברודער אהרן פאַר דעם גרויסען אַמט, האָט עס קרח׳ן שטאַרק פאַרדראָסען. „ויקח קרח״ — און קרח נעמט זיך צו דער אַרבייט. „אין ויקח אלא לשון משיכת דברים רכים״ — דער אויסדרוק „ויקח״ מיינט, אז ער האָט זיך פאַרנומען צו געווינען דאָס פאָלק מיט ווייכע רייד, מיט זוכען זיך צו חנפ׳ענען צו זיי און פאַרשפּרעכען זיי גרויסע גליקען (מדרש תנחומא). צו אים זיינען צוגעשטאַנען די פירער פון דעם שבט ראובן, דתן, אבירם און „און־בן־פלת״, וועלכע האָבען זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ גרויסען פאַראיבעל אויף משה׳ן, וואָרום ער האָט אויסגעקליבען דעם שבט „לוי״ צו זיין די גייסטיגע פירער פון פאָלק און ניט זייער שבט, וועלכער איז געווען דער בכור פון אונזער פאָטער יעקב.

די ערשטע אַרבייט, וואָס זיי האָבען געטאָן, איז געווען: „התחילו להתגרות בו את ישראל״, זיי האָבען אָנגעפאַנגען אויפצורייצען קעגען אים אַלע אידען. „ואמרו: משה מלך ואהרן אחיו כהן גדול ובניו סגני כהונה״ — זעהט נאָר, האָבען זיי געהעצט, משה איז געוואָרען קעניג, זיין ברודער אהרן — כהן גדול, און זיינע קינדער — די געהילפען פון דער כהונה. ווער האָט עס אים געגעבען דאָס רעכט אַזוי צו טאָן? „מלבו ומעצמו אמר משה את כל הדברים האלה, ולא תורה נתנה מן השמים״ — פון זיין אייגענעם הארצען האָט עס משה אויסגעטראַכט אָט די אַלע זאַכען, זיי זיינען אים ניט געגעבען געוואָרען אין דער תורה פון הימעל (ילקוט שמעוני).

וויסענדיג, אַז אַ גרויסער טייל פון דעם עולם איז ניט געווען צופרידען פון די פאַרשיידענע תרומות און מעשרות, וועלכע משה האָט זיי אָנגעזאָגט צו געבען פאַר דעם משכן, פאַר די כהנים און פאַר די לויים, האָבען זיי געהאַלטען אין איין העצען: „כל אחד ואחד ממנו היה יונק מהר־סיני ולא נתן לנו אלא עשרת הדברות״ — יעדער איינער פון אונז האָט גלייך געזויגען פון באַרג סיני און דאָרט זיינען אונז מער ניט געגעבען געוואָרען ווי די צען געבאָט. „לא שם חלה ולא שם תרומה ומעשרות שמענו״, — מיר האָבען דאָרט ניט געהערט דערמאָנט די נעמען חלה, תרומה אָדער מעשר. „מעצמך אתה אומר, כדי לעשות שררה לעצמך וכבוד לאהרן אחיך״ — דו האָסט עס אַליין אויסגעטראַכט, כדי צו געבען דיר מער הערשאַפט און דיין ברודער אהרן מער כבוד און רייכקייט (ילקוט שמעוני).

די רעוואָלוציע פון קרח מיט זיין געמיינדע האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען. זייער סוף איז געווען אַ מיאוס׳ער: אַלע פון זיי, צוזאַמען מיט זייער האָב און

גוטס, זיינען איינגעזונקען געוואָרען אין דער ערד; און די גמרא באַמערקט אויף דעם: „עדת קרח אין להם חלק לעולם הבא" — די געמיינדע פון קרח האָבען ניט קיין חלק אין דער אידישער צוקונפט. אַזעלכע רעוואָלוציעס, וואָס זוכען אונטערצוגראָבען די השפעה פון זייער אידישער תורה און ברעכען די גאַנצקייט פון דעם אידישען פאָלק, ווערען איינגעזונקען אין דער ערד פון גלות און ווערען אויך אויסגעשלאָסען פונ'ם אידישען קהל, וועמעס צוקונפט איז געזיכערט פון ג'.

# הפטרה

## די מיאוס'ע מידה פון באַרעדען אידישע פירער

**והלך מדי שנה בשנה.**

„דרך העולם, בעלי־דינין הולכים אצל הדיין, ואני לא עשיתי כן, אלא אני טורח והולך אצלם" — דער שטייגער פון דער וועלט איז, אַז די, וואָס לאָדען זיך, גייען צום רב, איך אָבער האָב אַזוי ניט געטאָן, איך האָב זיך געמיט און בין געגאַנגען צו זיי (ילקוט שמעוני).

אין דער סדרה באַקלאָגט זיך משה: „לא חמור אחד מהם נשאתי ולא הרעותי את אחד מהם" — ניט איין אייזעל פון זיי האָב איך אַוועקגענומען און איך האָב קיינעם פון זיי קיין שלעכטס ניט געטאָן; דאָך האַלטען די אידען אין איין באַרעדען אים און זיינען אים חושד אין מיסברויכען קהל'שע געלטער, ווי די גמרא זאָגט: „והביטו אחרי משה", — זיי האָבען נאָכגעקוקט משה'ן, ווייל „חשדוהו בעניני ממונות", — זיי האָבען אים חושד געווען אין געלט־זאַכען (סנהדרין ק"י). אויך אין דער הפטרה פאָדערט שמואל פון די אידען: „הנני ענו בי, את שור מי לקחתי, וחמור מי לקחתי, את מי עשקתי, את מי רצותי ומיד מי לקחתי כופר?" — דאָ בין איך, און זאָגט קעגען מיר עדות, וועמעס אָקס האָב איך פאַרנומען, וועמעס אייזעל האָב איך פאַרנומען, וועמען האָב איך באַרויבט, וועמען האָב איך געדריקט, און פון וועמען האָב איך גענומען אויס־לייז־געלט?

שמואל הנביא, לויט אונזערע חז"ל, איז געווען אַ רייכער מאַן און האָט אין זיין גאַנצען לעבען ניט געוואָלט נהנה זיין פון קהל אפילו אַ „שוה פרוטה",

אַן איינציגען סענט. דאָך האָט מען אים באַרעדט און חושד געווען, אַז ער באַנוצט זיך מיט קהל׳שע געלטער. אזוי איז שוין ב״ה דער שטייגער ביי אונז אידען: קוים נעמט איינער אַן אַ פאַראַנטוואָרטליכע שטעלע ביי אונז, מעג ער זיין ווי געטריי און איבערגעגעבען, ווען מען אים דאָך האַלטען אין איין באַרעדען און וואַרפען אויף אים פאַרשיידענע חשדים, וואָס גראָבט אונטער זיין אויטאָריטעט און שוואַכט אָפּ זיין פירערשאַפט.

ווען איך בין נאָך געווען אַ יונגערמאַן האָב איך אין וואָלאָזשין געהערט אַט די מעשה׳לע, וואָס גיט אונז אַ ריכטיג בילד, ווי אידען זיינען חושד זייערע פירער און כלל־טוער: אין אַ קליין שטעטעל אין ליטע האָט געוואוינט אַן אָרימער איד און אַ בעל־מטופל מיט אַ היפשער צאָל קינדערלאַך. זיין אַרבייט איז באַשטאַנען פון טראָגען וואַסער, און כאָטש ער האָט דעם גאַנצען טאָג געבראָכען זיין רוקען און געאַרבייט שווער און ביטער, האָט עס אים אָבער ניט געקלעקט אויף חיונה און זיין ווייב און קינדער האָבען גאַנץ אָפט צוגעהונגערט. איז אָבער אָנגעקומען דער פסח, אויף אַלץ איז געוואָרען אַ גרויס יקרות, און אין הויז פייפט דער דלות, ניטאָ קיין פרוטה אויף וויין, אויף מצות, און גיין בעטען פון „מעות חטים״ איז אים ניט אָנגעשטאַנען; די ווייב קלאָגט און יאָמערט און די קינדערלאַך וויינען מיט.

איז ער זיך מיישב און שרייבט אַן אַ קלאָג־בריוו צום רבונו של עולם, אויסגיסענדיג זיין האַרץ פאַר אים און בעט, אַז ער זאָל אים העלפען אין זיין נויט. דעם בריוו האָט ער אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און עס אַ וואָרף געטאָן אויפ׳ן ווינט. גראָד איז פאַרבייגעפאָרען דעם פרנס פון שטאָט, וועלכער איז אויך געווען אַ גרויסער נגיד, און ער האָט דעם בריוו אויפגעהויבען און דורכגעלייענט. זיין האַרץ האָט אים פאַרקלעמט איבער דער טרויעריגער לאַגע פון דעם וואַסערטרעגער, האָט ער אַרויסגענומען פון זיין טאַש אַ צען־רובעלדיגען, האָט עס אַריינגעלייגט אין קאָנווערט און עס געבראַכט אין דעם אָרימען הויז, זאָגענדיג: דער אויבערשטער האָט דערהאַלטען אייער בקשה און האָט אייך געשיקט צען רובעל אויף פסח.

דער אָרימער וואַסערטרעגער איז געוואָרען אַ לעבעדיגער און האָט געדאַנקט פריער ג׳ און נאָכדעם דעם גביר פאַר זיין שליחות. אַז ער איז אַרויס פון הויז רופט זיך אַן די ווייב צו אים: „דו מיינסט דאָך אַוודאי, אַז ער האָט אונז געבראַכט אין גאַנצען, וואָס ג׳ האָט געשיקט? אַזוי פיל מכות זאָלען האָבען

מיינע שונאים, וויפיל ער האָט געשיקט מער, און ער האָט אַרונטערגע׳גנב׳עט פאַר זיך״.

אז שמואל האָט אויפגעפאָדערט די אידען, זיי זאָלען אים אויפווייזען, ביי וועמען ער האָט עפּעס פאַרנומען, ענטפערען זיי אים: „לא עשקתנו ולא רצותנו ולא לקחת מיד איש מאומה״ — דו האָסט אונז ניט באַרויבט, דו האָסט אונז ניט געדריקט און דו האָסט פון קיינעם פון אונז גאָרנישט גענומען. אַזוי איז עס תמיד, אַז מען פאָדערט־אויף די רכילות־טרייבער, זיי זאָלען אויפצייגען זייערע פאַרלוימדונגען, לייקענען זיי שטיין און ביין. ג׳ אָבער זאָגט: „אני מעיד על הנסתרות״ — איך קאָן עדות זאָגען אויף די פאַרבאָרגענישען: איך ווייס, וואָס איר רעדט הינטער זיינע פּלייצעס (מדרש קהלת פ״י).

שמואל הנביא ווערט אין דער טראַדיציע פאַרגליכען צו משה רבנו, ווייל זיין אַרבייט איז געווען פּונקט אַזוי וויכטיג ווי די פון משה. משה האָט טאַקע געבויט דעם אידיש פאָלק, זיי האָבען זיך אָבער ניט געהאַלטען פאַראייניגט. גלייך ווי זיי האָבען זיך באַזיצט אין ארץ־ישראל, האָט זיך יעדער שבט געהאַלטען אָפּגעזונדערט פון דעם צווייטען. דערפאַר טאַקע זיינען זיי שטאַרק געדרקיט געוואָרען פון זייערע אַרומיגע שונאים. שמואל הנביא האָט דאָס פאָלק פאַר־אייניגט און פון זיי געמאַכט אַ פאָלק מיט אַ זעלבסטשטענדיגער מלוכה. דאָס איז אים געלונגען, ווייל ער האָט ניט געוואָרט אויף כבוד, אז מען זאָל קומען צו אים. יעדען יאָר האָט ער באַרייזט דאָס לאַנד און האָט אויסגעגליכען אַלע שוועריגקייטען צווישען די שבטים, כדי צו האַלטען זיי פאַראייניגט.

---

ה.

## די געהיימע קראַפט, וואָס האַלט אויף די אידען

### קח את המחתה ותן עליה אש מן המזבח.

„בשעה שעלה משה למרום, כל אחד מן המלאכים נעשה לו אוהב ומסר לו דבר, ואף מלאך המות מסר לו דבר, שנאמר: „ויעמד בין המתים והחיים״ — ווען משה רבנו איז אַרויף אויפ׳ן הימעל, איז יעדער איינער פון די מלאכים געוואָרען זיין פריינט און האָט אים איבערגעגעבען אַ געוויסען סוד. אויך דער

מלאך־המות האָט אים אָנפּאַרטרויט זיינעם אַ סוד, ווי ס׳ווערט געזאָגט: „און ער האָט זיך געשטעלט צווישען די טויטע און די לעבעדיגע (שבת פ״ט ע״א).

אידישע אַסימילאַציע איז אַ שלאַנג מיט פיל קעפּ; האַקט מען אַרונטער איינעם, שפּרינגט אַרויס אַ צווייטער. די אַסימילאַטאָרען פון דער „אספסוף״, די אומצופרידענע מיט דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, האָבען זיך ניט געקאָנט באַרוהיגען, וואָס זייער פּלאַן צו שטערען די גרינדונג פון אַן ארץ־ישראל, דורך די רכילות פון די „מרגלים״, האָט זיך ניט איינגעגעבען. און ניט אַכטענדיג, וואָס זייער פאַררעט האָט געבראַכט גרויסע אומגליקען אויף דעם פאָלק, וואָס האָט צוליב זיי געליטען פון אַ שווערער מגפה, האָבען זיי באַשלאָסען צו פּרובירען נאָכאַמאָל. אויב אַ דירעקטער אַנגריף קעגען אַ נאַציאָנאַלער היים איז ניט געלונגען, פּיליכט וועט אַן אַנגריף קעגען דער תורה און דער אידישער אמונה ברייגען בעסערע רעזולטאַטען. „ויקח קרח״, און קרח, דער רייכסטער מאַן פון זיין צייט, נעמט זיך צו דער אַרבייט. „לקח את עצמו לצד אחר, להיות מחולק מתוך העדה, לעורר על הכהונה״ — ער נעמט זיך אויף אַן אַנדער זייט, אָפּצוטיילען זיך פון דער אידישער געמיינדע, כדי צו קאָנען אונטערגראָבען די אויטאָריטעט פון דער „כהונה״ און אָפּשוואַכען די אידישע אמונה (רש״י).

„ויקהלו על משה ועל אהרן״ — קרח מיט זיינע נאָכפאָלגער פאַרזאַמלען זיך קעגען משה און אהרן. זיי האָבען גוט געוואוסט, אז כל זמן משה און אהרן וועלען האָבען אַ גרויסע השפּעה אויף דעם פאָלק, כל זמן די אידען וועלען זיך אויפפירען לויט זייערע מצוות, וועלען זיי זיך ניט אַסימילירען און וועלען פאַרבלייבען הייסע נאַציאָנאַליסטען. די אידייע פון „עם ישראל״, „תורת ישראל״ און „ארץ ישראל״ — אַ אידיש פאָלק, אַ אידישע תורה און אַ אידיש לאַנד, וואָס גייט געבונדען, וועט זיי תמיד באַהערשען. דער איינציגער וועג צו אָפּצוקילען דעם נאַציאָנאַלען געפיל איז צו דערווייטערען זיי פון דער אמונה, וואָס משה האָט זיי געלערענט, און זיי געבען אַ רעליגיע, וואָס פאָדערט פון זיי קיין זאַך ניט און גיט זיי אַלע פריהייטען צו טאָן וואָס זיי ווילען און נאָכמאַכען זייערע ניט־אידישע שכנים און זייער ארט לעבען.

„וואָס פאַר אַ פינסטערע גבורה מחלוקת האָט ביי אידען!״ האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט רבי יאשע בער בריסקער ע״ה. „צווישען די צוויי הונדערט און פופציג מענשען, וועלכען האָבען זיך פאַרזאַמעלט צו פּראָטעסטירען קעגען משה׳ן, האָבען זיך געפונען „נשיאי עדה״, די הויפּטלינגע פון דער געמיינדע, „וקריאי

מועד", די וואָס מ'לאַדט־איין צו אַלע פאַרזאַמלונגען, „אנשי שם", מענשען וואָס האָבען אַ נאָמען צווישען ניט־אידען, און זיי זיינען טאַקע אַלע געקומען. דאַגעגען, ווען מען האָט געדאַרפט באַפרייען די אידען, שטייט: „וילך משה ואהרן ויאספו את כל זקני ישראל" — משה און אהרן האָבען אַליין באַדאַרפט אַרומלויפען צוזאַמענרופען די אידישע זקנים און מיט זיי גייען צו פרעה'ן, און צום סוף זיינען זיי ניט געקומען. „ואחר באו משה ואהרן ויאמרו אל פרעה" — און נאָכדעם זיינען בלויז משה און אהרן געקומען צו פאַרהאַנדלען מיט פרעה'ן.

דער מדרש פרעגט: „היכן הלכו הזקנים?" — אַוואו זיינען אַהינגעקומען די עלטערע, די פירער, וועלכע האָבען לכתחילה איינגעוויליגט צו גיין מיט משה'ן צו פרעה'ן? „אמרו רבותינו: היו מגנבין את עצמן ונשמטים אחד אחד והלכו להם" — אונזערע רבנים דערקלערען, אז די פירער האָבען זיך אַרויס־גע'גנב'עט און אַרויסגערוקט זיך איינציגוויז און זיינען אַוועק (שמו"ר ה'). אַזוי איז שוין ב"ה תמיד, ווען עס קומט צו טאָן עטוואָס ממשות'דיגס פאַר זייער פאָלק, איז שווער צוזאַמענצונעמען די זקנים, די פירער. זיי פאַרשפּרעכען צו קומען און קומען ניט, זאָגען־צו הרים וגבעות און טוען גאָרניט. מען לאָזט אַנדערע טאָן די אַרבייט און אַליין שטייט מען פון וויטענס. זעהט איר, צו אַ מחלוקת, צו מאַכען טומעל און פאָדערען כבוד, לויפט מען און מען האַלט אין איין קריטיקירען די, וועלכע האָבען עפּעס יאָ געטאָן פאַר דעם פאָלק אָדער פאַר דער געמיינדע".

די ערשטע זאַך, וואָס מען טוט, איז אָפּצולייקענען, אַז אידען זיינען אַ באַזונדערע נאַציע, נאָר אַ „קהלה", אַ רעליגיעזע געמיינדע. וועגען די פאַרשיידענע דינים, וואָס זיינען ניט בפירוש געזאָגט געוואָרען אין די „עשרת הדברות", שרייט מען: „דברים אלו לא נצטוית עליהם ומלבך אתה בודאן" — אָט די זאַכען האָט דיר ג' ניט אָנגעזאָגט, פון דיין אייגענעם האַרצען האָסטו זיי אויסגעטראַכט. די תורה איז ניט מן השמים און קיינער פון אונז איז ניט מחויב איר דורכצופירען (מדרש תנחומא). וויסענדיג, אַז אַ גרויסער טייל פון עולם איז ניט געוועזן צופרידען פון די פאַרשיידענע תרומות און מעשרות, וואָס משה האָט זיי אָנ־געזאָגט צו געבען פאַר דעם משכן, פאַר די כהנים און פאַר די לויים, האָבען זיי געהאַלטען אין איין העצען: „כל אחד ואחד ממנו היה יונק מהר סיני ולא נתן לנו אלא עשרת הדברות" — יעדער איינער פון אונז האָט גלייך געזויגען פון באַרג סיני, און דאָרט זיינען אונז מער ניט געגעבען געוואָרען ווי די צען

געבאָט. „לא שם חלה ולא שם תרומה ומעשרות שמענו״ — מיר האָבען דאָרט ניט געהערט דערמאָנט די נעמען חלה, תרומה אָדער מעשר. „מעצמך אתה אומר, כדי לעשות שררה לעצמך וכבוד לאהרן אחיך״ — דו האָסט עס אַליין אויסגעטראַכט, כדי צו געבען דיר מער הערשאַפט און דיין ברודער מער כבוד און רייכקייט (ילקוט שמעוני).

ווער עס איז באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין דייטשלאַנד, אָדער דער השכלה־באַוועגונג אין ליטע און פוילען, יענער ווייסט, אַז כמעט דיזעלבע אַרגומענטען זיינען באַנוצט געוואָרען פון די פירער פון אָט די באַוועגונגען קעגען די רבנים און ראשי הישיבות; „איר האָט עס אַלץ אויסגעטראַכט פון אייגענעם הארצען״, האָבען זיי געשריען. „די גאַנצע תורה איז ניט געגעבען געוואָרען פון ג׳. דער תלמוד און דער שולחן ערוך זיינען אַלטמאָדיש און פאַסען זיך ניט פאַר די היינטיגע מאָדערנע צייטען. ווען מיר וועלען אַרויסווייזען מער ליבע און אַכטונג צו דער קולטור און צום גייסט פון די פעלקער, צווישען וועלכע מיר געפינען זיך, וועלען זיי אונז אָנערקענען אַלס זייער גלייכען און אונזער לעבען וועט זיין מער געזיכערט״.

איבערהויפט האָבען זיי זעהר שטאַרק באַקעמפט דעם נאַציאָנאַלען געדאַנק. די רייכערע פון זיי האָבען זיך געשראָקען, אַז דער אידישער וואונש פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט וועט אונטערגראָבען זייער עקאָנאָמישען און פּאָליטישען מצב. קרח און זיינע אָנהענגער האָבען געשריען קעגען משה׳ן: „המעט כי העליתנו מארץ זבת חלב ודבש״ — איז עס וויניג פאַר דיר, וואָס דו האָסט אונז אַרויסגענומען פון מצרים, וואָס איז אַ לאַנד, וואו עס ריננט מילך און האָניג? און די היינטיגע אַסימילאַטאָרען מענה׳ן אויך דאָסזעלבע. די גלות־לענדער זיינען רייך און אָפּערען אַ בעסערע געלעגענהייט צו שטייגען עקאָנאָמיש. נאַציאָנאַלע פאַרשקלאַפונג שפּילט ביי זיי קיין ראָל ניט. אַבי זיי האָבען דעם „סיר הבשר״, דעם טאָפּ פלייש, אַרט זיי ניט, אַז מען באַטראַכט זייער פאָלק פאַר פּאַראַזיטען און ציגיינער.

ציון און ירושלים האָט מען אַרויסגעוואָרפען פון סדור און מען שרייט קעגען די רבנים: „רב לכם כי כל העדה כלם קדושים״ — גענוג פאַר אייך, מיר לעבען אין אַנדערע צייטען, די אידען זיינען בלויז אַ הייליגע געמיינדע, דייטשען אָדער פּאָליאַקען פון אידישען גלויבען. ווען עס ווערט אויפגעהויבען אַ באַ־וועגונג צווישען די אידען צו שאַפען פאַר זיך אַן אייגענע היים אין דעם אַלטען

„ארץ אָבות", אין דעם לאַנד פון אונזערע עלטערען, וואַרפט מען זיך קעגען די משה'ס, די אָנפירער, מיט דעמזעלבען אויסגעשריי פון קרח און זיין געמיינדע אַמאָל: „לא אל ארץ זבת חלב ודבש הביאתנו" — ניט אין אַ לאַנד, וואָס רינט מיט מילך און האָניג ווילט איר אונז ברייגגען. וואוהין ווילט איר אונז פירען? אין אַ קליין פאַרוויסט לאַנד, וואו מען דאַרף אַרבייטען שווער און ביטער פאַר דעם שטיקעל ברויט? און דער אַנטשלאָסענער ענטפער איז דערזעלבער ווי אַמאָל: „לא נעלה" — מיר וועלען ניט גיין, מיר בלייבען דאָ.

משה, אַלס דער אמת'ער מנהיג, פאַרלירט ניט זיין געדולד. ער ענטפערט קרח'ן און זיין געמיינדע: אייער פראָטעסט קעגען מיר און מיין ברודער אהרן נעמט זיך פון דעם, וואָס איר דענקט, אַז מיר האָבען מיט אונזער אייגענעם ווילען פאַרכאַפּט די ממשלה איבער דעם אידישען פאָלק. מעגליך, אַז איר האָט רעכט, „בוקר ויודע ה' את אשר לו, ואת הקדוש, והקריב אליו" — וואַרט ביז'ן פרימאָרגען און ג' וועט לאָזען וויסען ווער עס איז זייגער, און דעם, וואָס איז הייליג, וועט ער מאַכען גענענען צו זיך. „מה ראה לומר בוקר ויודע? אמר משה: שמא בין כך ובין כך יעשו תשובה" — וואָרום האָט ער איינגעזעהן אָפּצולייגען דעם ענטפער פון ג' ביז מאָרגען? ווייל משה האָט געדענקט: פיללייכט וועלען זיי זיך אַרומזעהן און וועלען תשובה טאָן (מדרש תנחומא). ער האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז נאָך די גרויסע אומגליקען, וואָס די מעשה מיט די מרגלים האָט געבראַכט אויף די אידען, זאָלען זיך געפינען אַזעלכע אומפאַראַנט־וואָרטליכע מענשען, וועלכע צוליב אייגענע אַמביציעס וועלען אומברייגגען דאָס גאַנצע פאָלק. ער האָט אויך געהאָפּט, אַז די ברייטע אידישע מאַסען וועלען ווייכען פון אָט די פאַררעטער.

און ווידער מאַכט משה אַ טעות. גלות־מענשען לערנען ווייניג פון דער פאַרגאַנגענהייט און זיינען בלינד צו זעהן די צוקונפט. „ויקהל עליהם קרח את כל העדה" — קרח נעמט צוזאַמען קעגען זיי די גאַנצע געמיינדע. מיט זיינע גלאַטע רייד און איבערהויפּט מיט זיין גרויסען יחוס און רייכטום געלינגט אים צו פאַרבלענדען די אויגען פון די, וועלכע האָבען גרויס דרך־ארץ פאַר קאַפּיטאַל און קוקען אַרויף אין די הויכע פענסטער. דער עולם טומעלט זיך, און דער אויבערשטער ווערט אויפגערעגט און זאָגט צו משה און אהרן: „הבדלו מתוך העדה הזאת ואכלה אותם כרגע" — שיידט זיך אָפּ פון דערדאָזיגער עדה און איך וועל זיי גלייך פאַרלענדען. אַזעלכע מענשען זיינען ניט ווערט צו ווערען

אַ זעלבסטשטענדיג פאָלק. משה און אהרן ווערען אויפגעציטערט. דאָס איז דאָך דער דריטער חטא נאָך דער מעשה פון דעם „עגל" און די „מרגלים". „ויפלו על פניהם" — זיי פאַלען אויף זייער פּנים׳ען און קלאָגען: „האיש אחד יחטא ועל כל העדה תקצף?" — אַז איין מענש זינדיגט, זאָלסטו צערנען אויף דער גאַנצער געמיינדע? (מדרש רבה).

„ווי עס ווייזט אויס", זאָגט דער קאַמיניצער מגיד ע"ה, „האָט קרח מיט זיין אַסימילאַטאָרישען „אספסוף" אויפגעשטעלט אַ באַזונדער „משכן", אַ רעפאָרם־טעמפּעל, וואו זיי האָבען געפּראַווועט אַ גאַטעסדינסט לויט זייערע אייגענע באַגריפען. ג׳ זאָגט צו משה׳ן: „דבר אל העדה לאמר" — רעד צו דער געמיינדע און דערקלער זיי: „העלו מסביב למשכן קרח, דתן ואבירם" — דערהויבט זיך איבער דעם משכן פון קרח מיט זיינע מענשען. די משכנות און טעמפּלען, וואָס די רעפאָרמער גרינדען, זיינען געפּאַלענע חורבות אָהן אַן אינהאַלט. טאַקע שיינע ווענט, רייך אויסגעשטאַט, אָבער פּוסט, אָהן אַ נשמה. זייערע תפלות און מנהגים האָבען קיין זינען ניט, זיי זיינען בלויז נאָכמאַכונגען פון די גוי׳אישע טעמפּלען. זייער גייסטיגער מצב איז אַ נידעריגער. „העלו" — איר בעסער דערהויבט זיך. אייערע דינים און מנהגים זיינען באַזעצט מיט הויכע אידעאַלען, וועלכע וועלען אייך דערהויבען ביז צו די הימלען".

דער סוף פון די קרח׳ס איז, אַז זיי שטאַרבען ניט מיט אַ נאַטירליכען טויט. „ותבקע האדמה אשר תחתיהם" — די ערד, אויף וועלכער זיי דענקען, אַז זיי האָבען זיך איינגעפעסטיגט, ווערט פּלוצלונג געשפּאָלטען. אַ כוואַליע פון אידען־האַס ברעכט אויס „ותבלע אותם ואת בתיהם ואת כל הרכוש" — און שלינגט איין זיי מיט זייערע הייזער און מיט דעם גאַנצען פאַרמעגען. „אף שמותיהם פרחו מתוך טמסותיהם" — אויך זייערע נעמען פאַרשווינדען פון זייערע געשעפטען (ירושלמי סנהדרין פ"י ה"א). זייער אייגענס ווערט קאָנפיסקירט און די גרויסע אינדוסטריעס, וואָס זיי האָבען געשאַפען, ווערען איבערגעגעבען אין פרעמדע הענט. ווען דער גרויסער טומעל גייט פאַראיבער, און די, וואָס זיינען געבליבען לעבען, קומען פאָדערען צוריק זייערע געשעפטען, ענטפערט מען זיי: „שמותיהם פרחו" — זייערע נעמען זיינען גאַרניט דערמאָנט געוואָרען. עס איז ניט געבליבען קיין באַווייז, אַז די געשעפטען האָבען אַמאָל באַלאַנגט צו זיי.

אידען ווערען אָבער געראַטעט, און די מאַכט, וואָס האַלט זיי אויף ביים

לעבען, איז זייער גלויבען אין ג׳ און זייער פאָלק. משה זאָגט צו אהרן: „קח את המחתה ותן עליה אש מן המזבח" — נעם די פייערפאַן און לייג אויף איר אַרויף פייער פון מזבח. דער פייער פון אידישען גלויבען וועט זיי געבען כוח ווידער־צושטיין אַלע אומגליקען. דאָס, זאָגען אונזערע חכמים, איז דער סוד, וואָס דער מלאך־המות אַליין האָט איבערגעגעבען משה׳ן, בעת ער איז אַרויף אויפ׳ן הימעל מקבל צו זיין די תורה. דערדאָזיגער גלויבען שטייט „בין המתים והחיים" — צווישען די טויטע און די לעבעדיגע, און האַלט־אָפּ די האַנט פון דעם מלאך־המות און דערלאָזט אים ניט אומצוברייינגען דאָס גאַנצע פאָלק.

# הפטרה

## אַז מען וויל פאַרברענען די אידישע תורה

### ותראו כי נחש מלך בני עמון בא עליכם.

„אמר: הביאו לי ספר תורתכם ואשרפה על שכתוב בו לא יבוא עמוני ומואבי בקהל ה׳" — ער האָט געזאָגט: ברייינגט מיר אייער ספר־תורה און איך וועל זי פאַרברענען, ווייל עס שטייט אין איר, אַז קיינער פון עמון און מואב זאָל ניט אַריינגענומען ווערען אין ג׳ס געמיינדע (מדרש אגדה).

פאַר דער צייט פון די שופטים זיינען די אידישע שבטים געווען צעריסען צווישען זיך און האָבען זיך וויניג אָנגעקערט איינער צום אַנדערען. אויך זיינען זיי געווען שטאַרק אָפּגעשוואַכט אין זייער אמונה און האָבען געדינט די פרעמדע געטער פון די אָרטיגע פעלקער. צוליב זייער צעריסענקייט און שלעכטע אויפפירונגען האָט זיי ג׳ געשטראָפט דורך אָנפאַלען פון די אַרומיגע פעלקער, וועלכע האָבען זיי שטאַרק געדריקט און ניט געלאָזט אַ קאָפּ אויפהויבען. שמואל הנביא, וועלכער איז געווען דער לעצטער שופט, איז געלונגען צו פאַראייניגען דאָס פאָלק און זיי האַלטען צוזאַמען. אויף זייער פאַרלאַנג האָט ער געגריינדעט די ערשטע אידישע מלוכה און האָט געזאַלבט שאול פון שבט בנימין פאַר דעם ערשטען אידישען קעניג.

אַז נחש, דער קעניג פון עמון, האָט עס דערפאַרען, איז ער באַפאַלען די אידען פון יבש גלעד און געסטראַשעט זיי אַלעמען אויסצוקוילען. ווען זיי האָבען

זיך ביי אים געבעטען: „כרת לנו ברית ונעבדך״ — שליס מיט אונז אַ בונד און מיר וועלען דיר דינען, האָט ער זיי געענטפערט: „בזאת אכרות לכם, בנקור לכם עין ימין ושמתיה חרפה על כל ישראל״ — אויף דעם תנאי וועל איך מיט אייך שליסען שלום, אויב איר וועט זיך לאָזען אויסשטעכען דאָס רעכטע אויג, און איך וועל עס מאַכען פאַר אַ שאַנד אויף אַלע אידען. דידאָזיגע אוממענשליכע שטראָף קעגען פאָליטישע פאַרברעכער ווערט נאָך איצט פראַקטיצירט אין דער מלוכה פון איבן־סאַוד, מיט וועלכען אונזערע דעמאָקראַטיעס חבר׳ן זיך שטאַרק נאָך דער לעצטער מלחמה און זוכען אים צו אַפּיזען דורך באַרויבען די אידען פון זייער רעכט אויף אַרץ־ישראל.

די חכמים אונזערע זאָגען, אַז נחש העמוני האָט אויך געזוכט צו פאַר־ברענען די אידישע תורה, וועלכע איז דאָס רעכטע אויג פון אידישען פאָלק. אַז שאול און די איבעריגע שבטים האָבען זיך דערפון דערוואוסט, האָבען זיי זיך צוזאַמענגענומען ווי איין מאַן און אַרויס און קאַמף. נחש מיט זיינע אַרמייען האָבען געליטען אַ גרויסע מפלה און די אידען זיינען געראַטעוועט געוואָרען פונ׳ם שרעקליכען שונא. די וואָס זוכען צו פאַרברענען די אידישע תורה, ווערען אַלייך פאַרניכטעט פון אירע פלאַמען.



# חוקת

## א.

### אַ גוף אָהן אַ נשמה איז טמא

**זאת התורה, אדם כי ימות באוהל.**

„ישראל בשעתא דאיהו מית, כל קדושי דמארי מעתברן מניה. אתעבר מניה האי צולמא קדישא, ואתעבר מניה האי רוח קודשא אשתאר גופא מסאבה" — אַ איד, ווען ער שטאַרבט, פאַרלאָזען אים אַלע הייליגקייטען פון דעם באַשעפער. עס ווערט פון אים אַוועקגענומען דער „צלם אלקים", און עס פאַרלאָזט אים אויך דער הייליגער גייסט. אַלץ וואָס פאַרבלייבט — איז דער אומווירדיגער קערפּער (זוהר).

מיין פאָטער ע"ה, האָט מיר אַמאָל דערקלערט: „עס ווערט ניט געזאָגט „זאת תורת אדם כי ימות באוהל", וואָס וואָלט געמיינט בלויז, אַז אַזוי זאָל מען זיך אויפפירען מיט אַ מענשען, וואָס שטאַרבט אין געצעלט, נאָר „זאת התורה", דאָס איז די תורה. אויך אַלע היגיענישע געזעצען, ווי זיך אָפּצוהיטען פון די אומריינליכקייטען, וואָס דער טויט קאָן ברייגגען, כדי צו פאַרהיטען דאָס געזונט פון די איבערגעבליבענע, זיינען אַ טייל פון אונזער תורה, פון אונזער אמונה".

אין דעם באַשטייט דער גרויסער אונטערשייד פון דער אידישער רעליגיע אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע רעליגיעס. זי גיט זיך ניט אָפּ בלויז מיט תפילות און גאָט־בעטען. זי איז אַ „תורת חיים", אַ תורה פון לעבען, וואָס הויבט זיך אָן מיט „ארבעים יום קודם יצירת הולד", פערציג טעג איידער דאָס קינד ווערט באַשאַפען, און ציט זיך ביז „תחית המתים", ווען אַלע טויטע וועלען צוריק לעבעדיג ווערען.

דער גרויסער אידישער פּאָעט און געלערענטער חיים נחמן ביאַליק, ע"ה, האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „כדי מענשען זאָלען קאָנען ריכטיג אָפּשאַצען וואָס

די דינים פון „טומאה" און „טהרה" האָבען אויפגעטאָן פאַר די אידען, זאָלען זיי, איידער זיי קומען קיין ארץ־ישראל, פריער באַזוכען עגיפּטען". ווען איר מאַכט אַ רייזע דורך מצרים, וואַרפען זיך אייך אין די אויגען טויזענטער מענשען מיט קרעציגע געזיכטער, אויסגערונענע אויגען פון טראַכאָמע און אַנדערע אַנשטעקענדיגע קראַנקהייטען. אפילו אין דעם „אלכז"ר", דעם גרעסטען טעאָלאָגישען סעמינאַר פון די מאַכמעדאַנער און קאירא, מצרים, וועט איר צווישען די טויזענטער תלמידים געפינען הונדערטער תלמידים מיט פאַרפּעסטעטע געזיכטער און קראַנקע אויגען.

איך האָב באַזוכט אָט דעם גרויסען לער־אַנשטאַלט אין קאירא אין דער באַגלייטונג פון אַ באַוואוסטען עגיפּטישען דאָקטאָר, וועלכער האָט געשטודירט אין אַמעריקע. באַמערקענדיג זייערע קרעציגע געזיכטער און אויסגערונענע אויגען, האָב איך אים געפרעגט: „דאָס זיינען דאָך שוין די געבילדעטע פון פאָלק, וואָרום באַזוכען זיי נישט קיין דאָקטאָר?" האָט ער מיר געענטפערט: „דאָס איז קעגען זייער אמונה. זיי גלויבען, אַז אויב דער מענש ווערט אָנגעשטעקט מיט אַ מחלה, איז אַ סימן, אַז אַזוי איז דער ווילען פון ג', און דער מענש טאָר קיין זאַך ניט טאָן צו ענדערען זיין רצון".

דאָס איז אַ ווילדע פרומקייט, וואָס איז מקצר די טעג און די יאָרען פון אירע גלויבער און האַלט זיי אין דעם צושטאַנד פון אומוויסענדע חיות, אָדער ווי די גמרא באַצייכענט עס אומאיבערטרעפליך „זרמת סוסים זרמתם", זייער שטראָם פון לעבען איז דערזעלבער ווי פון פערד. ווער עס האָט דאָס געזעהן ווייסט, אַז די מענער, פרויען און קינדער לעבען צוזאַמען אין איין צימער מיט זייערע אייזלען און וואַלגערען זיך אין דעמזעלבען שמוץ. וואָס פאַר אַ גרויסער אונטערשייד עס איז דאָ צווישען אַזאַ ווילדען גלויבען און אַ גלויבען, וואָס לערנט, אַז בלויז געזונטע, לעבעדיגע מענשען קאָנען פאַרשטיין אָפּצושאַצען די הייליגקייט פון אַן איביג־לעבעדיגען ג'? ווי די חז"ל לערנען אונז: „נקיות מביאה לידי פרישות, פרישות מביאה לידי טהרה, טהרה מביאה לידי חסידות" — ריינליכקייט ברענגט צו אָפּזונדערען זיך פון שמוץ און אָפּשייליכקייט, אָפּזונדערקייט פירט צו זויבערקייט און זויבערקייט ברענגט צו פרומקייט (ע"ז כ' ע"א).

פון דעם אויסדרוק „זאת התורה, אדם כי ימות באוהל", לערנען אונזערע חכמים אַרויס פיל טיפזיניגע געדאַנקען: „אין דברי תורה מתקיימין אלא במי

שממית עצמו עליהן" — די ווערטער פון תורה האַלטען זיך ניט נאָר ביי דעם, וואָס איז זיך מוסר נפש פאַר זיי (ברכות מ"ג ע"ב). „לא תמצא תורה אצל מי שמבקש עונג, תאוה, כבוד וגדולה בעולם הזה" — דו קאָנסט ניט געפינען תורה ביי דעם, וואָס זוכט פאַרגעניגען, תאווה, כבוד און גדולה אויף דער וועלט (תנחומא נח). די „צרכי הנפש", די באַדערפטיגקייטען פון דער נשמה אונטער־שיידען זיך פון די „צרכי הגוף", די באַדערפטיגקייטען פון דעם קערפּער. זאָגט דער „כוזרי", מיט דעם, וואָס זיי זיינען ניט אָפּהענגיג אָן „מזל", אָן געלעגענ־הייטען אָדער גינסטיגע אומשטענדען. פאַר דעם מוז מען שווער אַרבייטען. „זאת התורה" — אָט די תורה קאָן נאָר דערגרייכט ווערען פון דעם „אדם כי ימות באוהל" — פון אַ מענשען, וועלכער איז גרייט צו שמאַכטען אין אָרימע געצעלטען, שלאָפען אויף דער ערד און אָפילו ליידען הונגער".

אַן אַנדער געדאַנק פון דעם פסוק ברייננט אַרויס רבי יונתן. ער זאָגט: „לעולם אַל ימנע אדם עצמו מדברי תורה אפילו בשעת מיתה" — אַ מענש זאָל קיינמאָל ניט אויפגעבען צו לערנען תורה אפילו אַ שעה פאַר זיין טויט (שבת פ"ג ע"ב). לערנען שטאַרקט דעם גייסט, און דער, וואָס איז גייסטיג שטאַרק, ליידט ניט אַזוי פיל פון קערפּערליכע ווייטאָגען. גרויסע דאָקטוירים באַהויפּטען, אַז דער מוח שפּילט די הויפּט ראָלע אין היילען פאַרשיידענע קראַנקהייטען. אַ מענש מיט אַ געזונטען מוח ווערט ניט פאַרצווייפעלט, און אויף דעם, וועלכער גיט ניט אויף די האָפענונג צוריק געזונט צו ווערען, האָבען די מחלות ניט אַזאַ ווירקונג.

גאָר אַ שיינעם געדאַנק איבער דעם פסוק זאָגען אונז די בעלי הקבלה: „דער מענש איז צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי עלעמענטען, גוף און נשמה. די נשמה איז „חלק אלק' ממעל", אַ געטליכער טייל פון דער הויך אַרויס, וואָס איז פון דעם בורא באַשטימט געוואָרען צו פאַרוויילען אַ געוויסע צייט אויף דער ערד. דער גוף איז דער „אוהל", דער געצעלט, אין וועלכען די נשמה איז באַשטימט צו וואוינען. אויבביידע האַרמאָנירען און זוכען זיך געגענזייטיג צופרידנצושטעלען, ווערט פון זיי געשאַפען אַ גאַנצער מענש, אַ „בחיר היצורים", דער אויסדערוויילטער פון אַלע באַשעפענישען".

ווי איז אָבער „אדם כי ימות באוהל", אַז דער מענש שטאַרבט־אָפּ אין געצעלט, דאָס הייסט, ער פאַרנאַכלעסיגט זיין נשמה, לאָזט איר שטאַרבען און ווערט אין גאַנצען גוף, דאַן איז „כל הבא באוהל וכל אשר באוהל יטמא" —

אַלע, וואָס קומען אין בארירונג מיט אים, און אַלץ אַרום אים ווערט טמא און אומווירדיג. „ישראל בשעתא דאיהו מית״ — אַזוי גיך ווי עס שטאַרבט־אָפּ דער „איד״, זיין גייסטיגער טייל אין אים, „כל קדושי דמארי מתעברין מניה״ — אַלע הייליגקייטען און איידעלע געפילען, פאַרשווינדען פון אים. „אתעבר מניה צולמא קדישא״ — עס גייט פון אים אויך אַוועק דער געטליכער געשטאַלט. ער ווערט מגושמ׳דיג גראָב, א חיה אין מענשען־געשטאַלט, וואָס וויל פון קיין זאַך ניט וויסען, נאָר צופרידענשטעלען זיינע קערפערליכע תאוות. „אשתאר גופא מסאבא״, אַלץ, וואָס פאַרבלייבט פון אים, איז דער אומריינער גוף, וועלכער פאַרפּעסטעט יעדען, וואָס קומט מיט אים אין בארירונג (זוהר).

---

# הפטרה

## אין קריג צווישען דער הייבאַם און דער אַם גייט דאָס קינד פאַרלאָרען

**והיה היוצא מדלתי ביתי — והעליתיהו עולה.**

„ולא היה שם פנחס להתיר לו את נדרו? אלא יפתח אמר: אני ראש קציני ישראל ואני הולך אצל פנחס? פנחס אמר: הוא צריך לי ואני הולך אצלו? היינו דאמרי: „בין חיתא למחבלתא אזל ברא דעלובתא״. ושניהם נענשו: יפתח מת בנשילת אברים, ופנחס נטלה ממנו רוח הקודש״ — איז דען דאַרטען ניט געווען פנחס אים מתיר נדר צו זיין? אָבער יפתח האָט געזאָגט: איך בין דער הויפּט פון די אידישע פירער — זאָל איך גיין צו פנחס׳ן? און פנחס האָט געזאָגט ער דאַרף מיך — זאָל איך גיין צו אים? אויף דעם זאָגט די וועלט: „אין קריג צווישען דער הייבאַם און דער אַם גייט פאַרלאָרען דאָס קינד פון דער אומגליקליכער מאַמען. ביידע זיינען אָבער באַשטראָפט געוואָרען: יפתח איז גע־שטאָרבען פאַרלירענדיג זיינע גלידער און פון פנחס׳ן איז אַוועקגענומען געוואָרען דער הייליגער גייסט (ב״ר ס׳).

אין דער היינטיגער הפטרה ווערט איבערגעגעבען וועגען אַ מערקווירדיגען נדר, וואָס דער דאַמאָלסדיגער אידישער פירער, יפתח, האָט געמאַכט, איידער ער איז אַוועק אין שלאַכט קעגען דעם מלך עמון, וועלכער איז באַפאַלען די אידען און פון זיי געוואָלט אַוועקנעמען דעם גאַנצען „עבר הירדן״. יפתח האָט

געשוואוירען, אַז אויב ג׳ וועט אים העלפען צו באַזיגען די אַרמייען פון עמון און ער וועט זיך צוריקקערען בשלום צו זיין היים, וועט ער ברייננגען פאַר אַ קרבן צו ג׳ די ערשטע לעבעדיגע זאַך, וואָס וועט אַרויסקומען פון זיין הויז אים צו באַגריסען. ער האָט דעם שונא באַזיגט, דער קעניג פון אמון האָט געהאַט אַ גרויסע מפלה. צוקומענדיג צוריק צו זיין הויז, איז קעגען אים אַרויס זיין איינציגע טאָכטער. יפתח איז אויפגעציטערט געוואָרען און אויף זיך צעריסען זיינע קליידער, קלאָגענדיג: דו האָסט מיך נידערשלאָגען, מיין טאָכטער, וואָס זאָל איך איצט טאָן? איך האָב געמאַכט אַ נדר צו ג׳ און קאָן מיין וואָרט ניט ציען צוריק.

זיין טאָכטער האָט אים אָבער באַרוהיגט און געזאָגט, אויב דו האָסט געעפענט דיין מויל צו ג׳, טו ווי דו האָסט פאַרשפּראָכען, נאָכדעם ווי ג׳ האָט גענומען נקמה פון דיינע פיינט, די עמונים. זי האָט בלויז געבעטען צוויי מאָנאַטען צייט צו גיין אויף די בערג און צוזאַמען מיט אירע פריינדינס באַקלאָגען איר יוגענט. צו דער באַשטימטער צייט איז זי געקומען צוריק און יפתח האָט איבער איר אויסגעפירט זיין נדר. „ותהי חק בישראל״, און ביי די אידען איז דאָן געוואָרען אַ מנהג, דאָס יעדען יאָר פלעגען די יונגע אידישע טעכטער גיין „לתנות לבת יפתח הגלעדי ארבעה ימים בשנה״ — צו באַדויערען יפתח׳ס טאָכטער פיר טעג אין יאָר.

איבער דעם זיינען דאָ חלוקי דעות. לויט פילע שטעלען פון די חז״ל (תענית ד׳, מדרש רבה חיי שרה, קהלת רבה ז׳) איז צו זעהן, אַז זיי זיינען מיט דער מיינונג, אַז יפתח האָט טאַקע אויסגעפירט זיין גרויזאַמען נדר און האָט זיין טאָכטער מקריב געווען פאַר אַ קרבן עולה. דער רד״ק און פיל אַנדערע מפרשים באַהויפּטען אָבער, אַז ער האָט איר ניט געקוילעט. ער האָט איר אַוועקגעשיקט אין אַן איינזאַמען פלאַץ, וואו זי איז פאַרבליבען ניט פאַרהייראַט און אויסגעשלאָסען פון דער געזעלשאַפט. בלויז פיר טעג אין יאָר פלעגען צו איר קומען אירע יוגענט־פריינט מיט איר צו פאַרברייננגען און איר טרייסטען.

דער מדרש פרעגט: וואָרום איז יפתח ניט געגאַנגען צו פנחס׳ן, דעם כהן גדול, ער זאָל אים מתיר זיין נדר? אָדער — ווי אַזוי האָט דער כהן גדול געלאָזט, אַז אַזאַ נאַרישער און גרויזאַמער נדר זאָל דורכגעפירט ווערען? און ער גיט אויף דעם אַ מערקווירדיגען ענטפער: ביידע, אי פנחס און אי יפתח, האָבען געבלאָזען פון זיך און האָבען זיך גרויס־געהאַלטען איינער קעגען דעם אַנדערען. פנחס האָט גע׳טענה׳ט: איך בין דער כהן גדול, דער גייסטיגער פירער

פון פאָלק, אויב יפתח דאַרף מיר, זאָל ער קומען צו מיר. יפתח, דאַגעגען, האָט זיך גרויס־געהאַלטען מיט דעם פאַקט, וואָס די אידישע קצינים האָבען אים געמאַכט פאַר'ן ראש, און ער האָט אָנגעפירט דעם קריג, וואָס האָט ענדליך באַזיגט די עמונים. איז אים ניט אָנגעשטאַנגען צו גיין צו פנחס'ן — און דערווייל איז די אָרימע טאָכטער געפאַלען אַ קרבן.

זיי זיינען אָבערביידע באַשטראָפט געוואָרען, פירט־אויס דער מדרש. יפתח איז געשטאָרבען „בנשילת אברים״ — פאַרלירענדיג איין גליד נאָך דעם צווייטען פון זיין קערפער, און פון פנחס'ן האָט זיך אָפּגעטאָן דער רוח־הקודש.

אַזוי איז עס שוין תמיד אין לאַנד אָדער אין אַ קהלה, וואו די אידישע פירערשאַפט איז ניט פאַראייניגט. די פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע מנהיגים און כלל־טוער זיינען מבטל די רבנים און גרויסען זיך איבער זיי, טיילען־אָפּ די רעליגיעזע השפעה פון זייערע אַנשטאַלטען און אָרגאַניזאַציעס, עס טרעט אַריין אַ „נשילת אברים״, אַ פאַרלוסט פון אידישע גלידער. די יוגענט ווערט פאַרפרעמדט פון אונז און פאַרלאָזט אונז ביסלעכווייז. און די רבנים, וועלכע שטייען פון דער ווייטענס און נעמען ניט קיין אנטייל אין די אינטערעסען פון דעם פאָלק און זוכען בלויז זייער אייגענעם כבוד, פאַרלירען ביסלעכווייז זייער רוח הקודש. דער עולם האָט קיין דרך־ארץ ניט פאַר זיי און זיי בלייבען ניט אַנערקענט און ניט געאַכטעט.

און ווער ליידט איבערהויפּט פון אַזאַ טרויעריגען צו שטאַנד? אונזערע יונגע קינדער. ווי דאָס אידישע ווערטעל זאָגט: „בין חייתא למחבלתא אזל ברא דעלובתא״. צווישען דער הייבאַם און דער אַם גייט פאַרלאָרען דאָס קינד פון דער אָרימער מאַמען.

---

ב.

## און יעקב צאָלט נאָך אַלץ דעם אַלטען חוב

### אתה ידעת את כל התלאה אשר מצאתנו.

„משל לשני אחין שיצא שטר חוב על זקניהם, פרע אותו אחד מהם, לימים התחיל לשאל חפץ מאחיו. אמר לו: אתה יודע שאותו חוב על שנינו ואני הוא שפרעתיו, אל תחזירני מחפצי שאני שואל״ — דאָס איז געגליכען צו

צווי ברידער, וועלכע האָבען באַקומען אַ וועקסעל פאַר אַ חוב, וואָס זייערע עלטערען האָבען ניט באַצאָלט. האָט איין ברודער באַצאָלט דעם חוב. אין אַ צייט שפּעטער האָט ער געדאַרפט אַ טובה פון זיין ברודער, און ער זאָגט אים: דו ווייסט דאָך, אַז דעם טאַטענ׳ס חוב איז געפאַלען אויף אונז ביידען, און איך בין געווען דער איינציגער, וואָס האָט אים באַצאָלט. איצט בעט איך דיך, אַז דו זאָלסט ניט אָנטזאָגען מיין בקשה, וואָס איך פאַרלאַנג פון דיר (במד״ר י״ט).

די שנאה פון עשו צו יעקב איז אַן אַלטע און אַן אייביגע. אָנגעפאַנגען האָט זיך די פיינטשאַפט צווישען זיי נאָך זייענדיג אין זייער מוטער׳ס בויך און זי ווערט פאַרטגעזעצט ביז היינטיגען טאָג. די גאַנצע צייט פון איר שוואַנגער־שאַפט האָט זייער מוטער רבקה געפילט גרויסע ווייטאָגען צוליב דעם „ויתרוצצו״, דעם שאַרפען געראַנגעל, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישען זיי ביידען, און זינט דאַן האָט די מוטער־ערד פיל געליטען און ליידט נאָך איצט פון דעם שטענ־דיגען קאַמף, וואָס האַלט נאָך אַן צווישען זיי. די אָפטע צוזאַמענשטויסען פאַר־אורזאַכע גרויסע איבערקערענישען און שטערען דעם שלום פון דער וועלט. הינטער יעדען אויפברויז פון מיספאַרשטענדניש צווישען די פעלקער, וואָס פירט צו בלוטיגע מלחמות, שטייט די אַלטע שנאה פון עשו צו יעקב און פאַכט דעם פייער פון כעס און האַס, ער זאָל זיך פאַנאַנדערפלאַקערן וואָס מער און ברייגנען אַלץ גרעסערע חורבנות אויף דער גאַנצער מענשהייט.

און דער שטענדיגער געראַנגעל צווישען עשו און יעקב איז מער אַן אידייאישער ווי אַ נאַטירליכער — אַ קאַמף פון צווי קעגענגעזעצטע אָנשויאונגען, וואָס קאָנען זיך ניט פאַראייניגען. יעקב באַטראַכט דעם הימעל אַלס דאָס וויכטיג־סטע אין דעם לעבען פון מענשען, און עשו — די ערד. יעקב שטרעבט צו געניסען „משמני הארץ״, פון דער פעטקייט פון דער ערד, דורך דעם „מטל השמים״, דורך דעם טוי פון הימעל, און עשו, דאַגעגען, זוכט עס צו באַקומען דורך דעם „ועל חרבך תחיה״, אויף דיין שווערד וועסטו לעבען. יעקב גלויבט אין גייסטיגער דערהויבונג, און עשו — אין ברוטאַלער מאַכט. דערווייל, ליידער, האָט נאָך עשו די אויבערמאַכט. ווען זיי זיינען געבוירען געוואָרען, איז עשו אַרויס צוערשט און יעקב האָט זיך נאָכגעשלעפּט, „וידו אוחזת בעקב עשו״, און זיין האַנט האָט זיך אָנגעהאַלטען אין דער פּיאַטע פון עשו׳ן. און ביז היינטיגען טאָג וואַלגערט זיך נאָך אַלץ יעקב ביי עשו׳ן אונטער די פיס און ווערט פון אים געטראָטען אומדערבאַרמליך.

דער מדרש זאָגט: ווען אונזער מוטער רבקה האָט געפילט גרויסע שמערצען פון דעם „ויתרוצצו", דעם געראַנגעל אין בויך פון די צוויי קינדער, וואָס זי האָט געטראָגען, און איז געגאַנגען „לדרש את ה'", פרעגען די געלע־רענטע פון שם ועבר, האָט מען איר דערקלערט: „שני גיאי גויים בבטנך" — דו ביזט טראָגעדיג פון צוויי גרויסהאַלטער פון פעלקער. „זה מתגאה בעולמו וזה מתגאה במלכותו" — איינער, יעקב, האַלט זיך גרויס „בעולמו", מיט זיין וועלט־ליכקייט, מיט זיין אינטערנאַציאָנאַליטעט, מיט זיין ליבע צו דער גאַנצער מענשהייט, און דער צווייטער, עשו, גרויסט זיך „במלכותו", מיט זיינע אימפעריעס און גרויסע אַרמייען (ב"ר ס"ג). אין דער צייט וואָס עשו זוכט צו פאַרשטאַרקען זיינע לענדער און זיינע אייגענע מלוכות, איז יעקב פאַרטאָן מיט אינטערנאַציאָ־נאַלע באַוועגונגען. ער קעמפט אויף אַלע פראָנטען, זוכט אויסצובעסערען די גאַנצע וועלט, אָבער אַליין האָט ער ניט וואו דעם קאָפּ אָנצושפאַרען.

אונזערע חז"ל באַהויפטען, אַז דער אויבערשטער האָט אויסגעשטעלט אַ וועקסעל קעגען אונזער פאָטער אברהם און אויף אים אַרויפגעוואָרפען אַ חוב, וואָס איז באַשטאַנען פון „גר יהיה זרעך בארץ לא להם" — פרעמדע וועלען זיי זיין דיינע קינדער אין לענדער, וואָס באַלאַנגען ניט צו זיי. פאַר הונדערטער יאָרען וועלען זיי זיך מוזען וואַלגערען אין פאַרשיידענע גלות'ן, ביז זיי וועלען באַקומען די ריכטיגע ישועה. אָט דער חוב האָט אייגענטליך געדאַרפט אויפגעמאָנט ווערען פון אַלע קינדער פון אברהם, אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער, אז דער איינציגער, וואָס צאָלט דעם חוב, איז יעקב. ישמעאל און עשו האָבען זיך אַרויס־געדרייט פון זייער פליכט און צווינגען יעקב'ן צו צאָלען און צאָלען מיט גרויס פראָצענט (במד"ר י"ט).

אָנגעפאַנגען צאָלען דעם שווערען וועקסעל האָט אונזער פאָטער יעקב נאָך אין זיין פריסטער יוגענט, ווען צוליב דער שנאה פון זיין ברודער עשו האָט ער געמוזט פאַרלאָזען זיין פאָטער'ס הויז און לויפען צו זיין פעטער לבן קיין חרן. פערצען יאָר האָט ער זיך געוואַלגערט אויף דעם וועג פון באר־שבע צו ארם־נהרים, און זעקס־און־צוואַנציג יאָר האָט ער געשקלאָפט פאַר לבנ'ען, צוזאַמען אַ חשבון פון פערציג שווערע יאָרען. פאַר דער צייט האָט זיין ברודער צוזאַמענגענומען זיין פאַמיליע און זיין גאַנצען פאַרמעגען און זיך באַזעצט אין „שעיר", וואו אים איז זעהר גוט געגאַנגען. ער האָט זיך אויסגעשפרייט כמעט איבער'ן גאַנצען אָריענט, און זיינע קינדער זיינען געוואָרען די „אלופים", די

הויפטליגגע פון פאַרשיידענע פעלקער מיט גרויסע און פּרוכטבאַרע לענדער. די ברכה פון יצחק׳ן האָט, דוכט זיך, איבערגענומען עשו און ניט יעקב, דאָך איז זיין שנאה צו אים ניט אָפּגעקילט געוואָרען.

נאָך פערציג יאָר פון שווערען גלות, אַז יעקב באַשליסט ענדליך זיך צוריקצוקערען צו זיין פאָטערלאַנד, לאָזט אים לבן ניט. ער איז פאַר דער צייט, וואָס יעקב האָט פאַר אים געאַרבייט, שטאַרק רייך געוואָרען און ער האָט דעם גאָלדענעם פינגערל ניט געוואָלט פאַרלירען. אָבער יעקב איז איינגעשפּאַרט און וויל ניט פאַרבלייבען. ער קומט צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט לבנ׳ען און לאָזט זיך גיין נאָך כנען. אָבער לבן איז אים פאַרבליבען אַ שונא און שטילערהייט געשיקט אַ פּאַסקוויל צו עשו׳ן, אין וועלכען ער שרייבט: „האָסטו געהערט וואָס דיין ברודער יעקב האָט מיר אָפּגעטאָן? ווען ער איז געקומען צו מיר, איז ער געווען אָרים און נאַקעט. איך האָב אים אויפגענומען מיט גרויס פריינטשאַפט, אים געגעבען מיינע צוויי טעכטער און אויך מיינע צוויי דינסטען פאַר פרויען. איצט, אַז ער איז רייך געוואָרען, האָט ער מיך איבערגעלאָזט און איז אויפ׳ן וועג קיין כנען. ער געפינט זיך אין די בערג, לעבען דעם טייך יבוק, און פירט זיין גרויס פאַרמעגען מיט זיך. טו מיט אים וואָס דו ווילסט״.

אָבער זיין ליבער מוטער רבקה דערוויסט זיך פון דעם און זי שיקט שלוחים צו איר זון יעקב, אים צו וואָרנען, אַז ער זאָל זיין פאָרזיכטיג. זי גיט אים אַן עצה, ער זאָל זיין אָפענהאַרציג מיט זיין ברודער עשו און ניט רעדען צו אים מיט אַ שטרענגען טאָן. „עס איז דיין פליכט״, זאָגט זי אים, „צו רעספּעק־טירען דיין עלטערען ברודער. אפשר וועט גב״ה רחמנות האָבען, ווייך מאַכען זיין האַרץ און זיין כעס אויף דיר וועט זיך איינשטילען״ (ילקוט ספורים). יעקב שיקט אַרויס מענשען זיך צו דערקונדיגען וואו זיין ברודער עשו געפינט זיך און אויסגעפינען וואָס פאַר אַ הכנות ער מאַכט מיט אים זיך צו טרעפען. זיי קו־מען צוריק און גיבען אים איבער די טרויעריגע בשורה: „באנו אל אחיך אל עשו״ — מיר זיינען געקומען צו דיין ברודער עשו. „היית אומר אחיך הוא, אבל הוא נוהג עמך כעשו הרשע, עודנו בשנאתו״ — דו האָסט געדענקט, אַז ער איז דיין ברודער, ער איז אָבער דער זעלבער עשו הרשע, ער האָט דיך נאָך אַלץ פיינט (ב״ר ע״א). זיי האָבען אים אויך אינפאָרמירט, אַז ער מאַרשירט קעגען אים מיט אַן אַרמיי פון פיר הונדערט מאַן און האָט בדעה אים צו באַקעמפען.

איצט, אַז די קינדער פון יעקב האָבען אָפּגעפינסטערט פאַר דעם „גלות־

חוב״ אַ פּאָר הונדערט יאָר אין מצרים און זיינען אויפ׳ן וועג צו זייער אייגען לאַנד, שפּרינגט ווייטער אַרויס זיין ברודער עשו און שטערט אים אין זיין גאנג: „משה שיקט שלוחים פון קדש צו דעם מלך פון אדום און זאָגט אים: „כה אמר אחיך — אַזוי זאָגט דיין ברודער ישראל: „דו ווייסט וועגען די אַלע מאַטערנישען וואָס אונז האָט געטראָפען, ווי אונזערע עלטערען האָבען געניטערט קיין מצרים, און מיר זיינען געזעסען אין מצרים פיל יאָרען, און מצרים האָט שלעכטס געטאָן אונז און אונזערע עלטערען, און מיר האָבען געשריען צו ג׳, און ער האָט געהערט אונזער קול, געשיקט אַ מלאך און אונז אַרויסגעצויגען פון מצרים, און אָט זיינען מיר אין קדש, אַ שטאָט ביים עק פון דיין גרעניץ. לאָז אונז, איך בעט דיך, דורכגיין דורך דיין לאַנד. מיר וועלען ניט דורכגיין דורך אַ פעלד אָדער דורך אַ וויינגאָרטען, מיר וועלען ניט טרינקען קיין וואַסער פון אַ ברונעם. אויף דעם פרייען וועג וועלען מיר גיין, מיר וועלען ניט אָפּנייגען רעכטס אָדער לינקס ביז וואַנען מיר וועלען דורכגיין דיין גרעניץ״.

אָבער אדום, די אייניקלאַך פון עשו, ענטפערן משה׳ן: „לא תעבר בי, פן בחרב אצא לקראתך״ — זאָלסט ניט דורכגיין דורך מיר, וואָרים מיט׳ן שווערד וועל איך אַרויס אַקעגען דיר. און משה בעט זיך ביי אים ווייטער און דערמאָנט אים: „אתה יודע שאותו חוב על שנינו״ — דו ווייסט דאָך, אַז דער חוב פון גלות, וואָס אונזערע עלטערען האָבען געדאַרפט באַצאָלען, איז געפאַלען אויף אונזביידען. אויך דו ביזט אַ קינד פון אברהם אונזער פאָטער. „אני הוא שפרעתיו״ — איך בין דער איינציגער, וואָס האָב אים באַצאָלט. דו מיט דיינע קינדער האָבען וויייניג געליטען. איצט בעט איך דיך: אַנטזאָג מיר ניט די שטיקעל טובה און לאָז מיר דורכגיין דיין לאַנד. אויב דו ווילסט, וועלען מיר דיך פאַר אַלץ באַצאָלען, און דיין לאַנד וועט דערפון פיל פּראָפיטירען.

דער פאַרביסענער עשו אָבער ענטפער: „לא תעבור״ — דו זאָלסט ניט דורכגיין! און ער נעמט צוזאַמען זיינע אַרמייען און גייט אַרויס קעגען זיין ברודער יעקב. משה און די אידען זיינען געדריקט געוועזן פאַרביי צו גיין דאָס לאַנד פון אדום און אָנלייגען אַ סך וועג.

און עשו׳ס שנאה צו יעקב׳ן האַלט נאָך אָן. ביי היינטיגען טאָג, נאָכדעם ווי די בני יעקב האָבען באַצאָלט דעם גרויסען חוב און פאַרלוירען פּראָפּאָרציאָנעל מער מענשען אין דער לעצטער מלחמה ווי אַלע פעלקער צוזאַמענגענומען, בעטען די אידען: „נעברה נא בארצך״ — לאָזט אונז דורכגיין אַייער לאַנד און

מיר וועלען זיך באַזעצען אין ארץ ישראל און דאָרט צוריקבויען אונזער נאַציאָ־
נאַלע היים. ענטפערען זיי די עשו׳ס פון היינט מיט דעם זעלבען לשון ווי זייערע
טאַטעס אַמאָל: „לא תעבור בי״ — דו זאָלסט ניט דורכגיין מיר. מען האַלט נאָך
אונזערע אויסגעוואָרצעלטע ברידער אין קאָנצענטראַציע־לאַגערען, וואו זיי
שמאַכטען פון הונגער און נויט. די שנאה פון עשו׳ן האָט זיך נאָך ניט איינגעשטילט.
ווי לאַנג וועט נאָך יעקב אַליין מוזען צאָלען דעם אַלטען חוב?...

# הפטרה

## זייערע נעמען זיינען שיינע, אָבער די מעשים זיינען שלעכטע

**ישפט ה׳ השופט היום בין בני ישראל ובין בני עמון.**

„יש בני אדם ששמותיהם נאים ומעשיהם כעורים — זה ישמעאל ועשו;
ישמעאל — שומע אל, עשו — עושה רצון עושיו, אבל מעשיהם רעים״ —
פאַראַן מענשען, וואָס זייערע נעמען זענען שיינע און זייערע מעשים זענען
מיאוס׳ע — דאָס זענען ישמעאל און עשו. דער נאָמען ישמעאל מיינט — ער
פאָלגט ג׳ און דער נאָמען עשו ווייזט, אַז ער טוט דעם ווילען פון די וואָס האָבען
אים געמאַכט. אבער זייערע מעשים זענען שלעכטע (במ״ר ט״ז).

„יעקב״, „עשו״ און ישמעאל ווערען פון די בעלי אגדה פאָרגעשטעלט
אַלס די אור־עלטערען פון די דריי גרעסטע רעליגיעס: אידענטום, קריסטענטום
און מאַכמעדאַניזם. יעקב איז פאַרבליבען דער טרעגער פון אברהמ׳ס אידעאַל
פון „אחדות הבורא״. צוליב זיין אָפּערווייליגקייט פאַר דעם דאָזיגען אידעאַל
קריגט ער פון ג׳ דעם נאָמען „ישראל״, וואָס באַשטעטיגט אַז זיין אויפגאַבע
איז צו באַהערשען און אויך קעמפען פאַר דער גאָטהייט. די דאָזיגע אויפגאַבע
גייט אויך איבער בירושה צו זיינע קינדער און פאַרבלייבט מיט זיי ביז היינטיגען
טאָג. די קינדער פון עשו האָבען פאַר לאַנגע דורות געדינט פאַרשידענע אָפּגעטער,
ביז זיי זענען באַקערט געוואָרען צום קריסטענטום. די אַראַבישע פעלקער,
וועלכע באַהויפּטען, אַז זיי שטאַמען פון ישמעאל׳ן, האָבען נאָכגעפאָלגט די
קינדער פון עשו, און געשאַפען פאַר זיך אַן אייגענע אמונה — מאַכמעדאַניזם.

**ביידע, אי עשו און אי ישמעאל, האָבען זייערע אמונות פאַרשפּרייט דורך**

שווערד און בלוט. דער אויסרייד פון יעדער מלחמה ווערט פון ישמעאל'ן אָנגע־געבען, אַז ער איז אַ „שמוע אל", ער פּאָלגט אויס די געבאָטען פון זיין ג', און פון עשו'ן, אַז ער איז „עושה רצון עושיו", אַז ער טוט דעם ווילען פון די, וואָס האָבען אים געמאַכט. די ווילדע מלחמות ווערען כלומר'שט אָנגעפירט פאַר הויכע אידעאַלען, אָדער צו פאַרשפּרייטען זייער גאָטהייט, אָדער צו פאַרפעס־טיגען דעמאָקראַטיע. אָבער זייערע פאַלשקייטען ווייזען זיך אַרויס נאָך די מלחמות, ווען דער אָרימער יעקב, וועלכער האָט געליטען מער פאַר אַלעמען, קומט אויך פאָדערען זיין רעכט. כאָטש עשו און ישמעאל האָבען ביידע גענומען זייערע אמונות פון יעקב'ן און זייערע תורות זיינען אַ נאָכמאַכונג פון דער אידישער תורה, האָבען זיי אים אָבער דערפאַר באַצאָלט מיט שטיינער. ווי ווילדע חיות האָבען זיי זיך געוואָרפען אויף דעם שוואַכען יעקב און זיך געבאָדען אין זיין בלוט. און אַז עס קומט צום שלום, ווילען זיי אים ניט דערלאָזען. זאָל דער שופט פון דער וועלט אורטיילען צווישען די קינדער פון יעקב, עשו און ישמעאל.



ג.

## די פינסטערע גבורה פון לשון־הרע

**וישלח ה' בעם את הנחשים השרפים.**

„מה ראה ליפרע מהם בנחשים? אמר הקב"ה יבא נחש שהתחיל בלשון הרע ויפרע ממספרי לשון הרע", — וואָרום האָט ער אויסגעקליבען צו באַשטראָפען זיי מיט שלאַנגען? ווייל דער אויבערשטער האָט געזאָגט, זאָל קומען דער שלאַנג, וואָס האָט אָנגעפאַנגען מיט לשון־הרע, און זיך אָפּרעכענען מיט די, וואָס רעדען לשון־הרע (במ"ר י"ט).

„די ערשטע באַשעפעניש אין דער וועלט", פלעגט זאָגען מיין פאָטער ע"ה, „וואָס האָט זיך באַנוצט מיט לשון־הרע, כדי דורכצופירען זיינע שלעכטע כוונות, איז געווען דער שלאַנג, וואָס האָט אָנגערעדט אונזער מוטער חוה צו עסען פון עץ־הדעת, און מיט דעם געבראַכט טויט אויף דער וועלט. און פּונקט ווי דער שלאַנג, אַזוי האָט אויך לשון־הרע אַ פינסטערע גבורה. דער שלאַנג, זאָגען אונז די נאַטור־פאָרשער, לעבט זעהר לאַנג, און אַז מען צעהאַקט אים אין שטיקלעך בלייבט נאָך

גענוג לעבען אין יעדען שטיקעל באַזונדער פאַר אַ היפשער צייט. אַזוי איז אויך מיט לשון־הרע, די גיפט, וואָס זי פאַרשפּרייט, געדויערט לאַנג אויך נאָך דעם, ווי זי ווערט אָפּגעלייקענט, שטיקלעך פון איר לעבען נאָך און האַלטען אין איין טאָן שאָדען".

„המבלי אין קברים במצרים לקחתנו למות במדבר", — איז עס צוליב דעם, וואָס עס פעלען קברים אין מצרים, האָסטו אונז אַרויסגענומען צו לאָזען שטאַרבען אין דער מדבר? — אָט די ערשטע לשון־הרע, וואָס די אידען האָבען אַרויסגערעדט קעגען דער גאולה, האָט מיט איר גיפט פאַר'סמ'ט דעם דור המדבר און פאַרלענגערט דעם אידישען גלות פאַר גאַנצע פערציג יאָר. שטייענדיג ביים ים־סוף, בלויז עטליכע טעג נאָך דער גרויסער געשעהעניש פון יציאת־מצרים, ווי נאָר זיי האָבען באַמערקט, אַז פּרעה מיט זיינע חיילות יאָגען זיך נאָך זיי, האָבען זיי פאַרלוירען דעם מוט און גענומען רעדען לשון־הרע אויף משה'ן מיט זיינע פּלענער, צו ברענגען זיי נאָך זייער אייגען לאַנד.

משה פאַרזיכערט זיי, אַז „ד' ילחם לכם", ג' וועט פאַר אייך קעמפען, פּרעה וועט אייך מער קיין שלעכטס ניט טאָן. זיי הערען אים אָבער ניט. די, וואָס באַנוצען זיך מיט לשון־הרע, האָבען ווייניג בטחון אין ג'. זייער ציל איז צו צעברעכען די גאַנצקייט פון פאָלק און אָפּצושוואַכען זיינע כחות. די קעגנער פון דער אידישער גאולה האַלטען אין איין שרייען „נתנה ראש ונשובה מצרימה", לאָמיר אויפנעמען אַ נייעם פירער, וועלכער וועט אונז צוריקפירען נאָך מצרים. פאַר די, וואָס האָבן זיך איינגעלעבט אין גלות, איז שקלאַפעריי ניט קיין חסרון. זיי איז מער ניחא צו אַרבייטען פאַר פרעמדע פעלקער, איידער צו קעמפען פאַר דער באַפרייאונג פון זייער אייגען פאָלק.

כאָטש זיי האָבען זיך נאָכדעם איבערצייגט, אַז זייער לשון־הרע האָט ניט געהאָט קיין גרונט, פּרעה מיט זיינע חיילות זיינען דערטרונקען געוואָרען אין ים און זייער ישועה איז פולשטענדיג, איז אָבער איר גיפט פאַרבליבען צווישען פאָלק פאַר יאָרענלאַנג. ביי יעדער שוועריגקייט, וואָס זיי האָבען געהאָט דורכצומאַכען אויף זייער נסיעה, האָבען זיי זיך געוואונשען „מי יתן מותנו במדבר", מיר ווילען בעסער שטאַרבען אין דער מדבר. די זעלבע לשון־הרע ווי אַמאָל. קעמפען פאַר פרייהייט, זיך מוסר נפש צו זיין פאַר דעם אידעאַל פון זעלבסטשטענדיגקייט, ווי עס טוען אַלע פרייהייט־ליבענדע פעלקער, האָבען זיי ניט געוואָלט. זיי האָבען רק פאַרלאַנגט נסים, איבערנאַטירליכעס, און אויך דאָס

איז ביי זיי ניט אַלע מאָל געווען אָנגעלייגט. די גיפט פון דער ערשטער לשון־הרע האָט זיך איינגעגעסן אין זייערע ביינער, און פאַר יעדער קלייניגקייט האָבן זיי פאַרפירט אַ קריג קעגן ג' און קעגן משה מיט זיין ברודער אהרן.

גלות־מענשען לעבן מיט דער קעגנוואַרט און טראַכטן ווייניג וועגן זייער צוקונפט. זיי טרייסלען זיך איבער דעם „סיר הבשר", דעם טאָפּ פלייש, וואָס דער פאַרשקלאַפטער היינט גיט זיי, און ציטערן, טאָמער וועלען זיי אים, חלילה, פאַרלירען, אויב זיי וועלען אַרבייטען פאַר אַ פרייען מאָרגען. נאָך אַלע נסים ונפלאות, וואָס די אידען אין דער מדבר האָבן בייגעוואוינט, האָבן זיי נאָך אַלץ מורא געהאַט, טאָמער וועט זיי אויסקומען צו ליידען אויף דעם וועג פון פרייהייט. די אַלע גייסטיגע דערגרייכונגען, וואָס זיי האָבן פאַר דער קורצער צייט דעראָבערט, האָט זיי ווייניג אינטערעסירט. זייער הויפּט־זאָרג איז געווען חיונה, ברויט פאַר'ן היינט.

און אַז משה באַזאָרגט זיי מיט'ן מן, וואָס האָט זיי געגעבען גענוג צו עסען, און האָט אויך געהאַט אַלע טעמים, איז עס אָבער ווייניג געווען פאַר דעם „אספסוף", פאַר דער אַסימילאַטאָרישער געזינדעל. „התאוו תאוה", ביי זיי האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט די אַלטע תאוה, און זיי העצען דאָס פאָלק צו גיין צו משה'ן און פאָדערן „מי יאכילנו בשר", ווער וועט אונז געבען צו עסען פלייש? און די טענה איז אַלץ די זעלבע: „זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים חנם", מיר געדענקען די פיש, וואָס מיר האָבן געגעסן אין מצרים אומזיסט, וואָרום האָסטו אונז געבראַכט אין דער מדבר? אַרויסגייענדיג פון מצרים האָבן זיי מיטגענומען אַ סך שאָף און רינדער, דאָס האָבן זיי געזשאַלעוועט צו געברויכען, עס האָט זיך זיי געוואָלט פלייש „חנם", וואָס קאָסט קיין געלט.

איצט, אַז מען איז שוין ב"ה אַריבער דעם מדבר און מען שטייט שוין ביי די גרעניצען פון אדום, ניט ווייט פון דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, האָט משה געדענקט, אַז די אידען וועלען זיין צופרידען. ערשט אַ נייע מחלוקה: „ולא היה מים לעדה — וירב העם עם משה", עס פעלט וואַסער פאַר דער געמיינדע, און די אידען קריגען זיך ווייטער מיט משה'ן. די גיפטיגע לשון־הרע פון אַמאָל שווימט ווידער אַרויף, און זיי טענה'ן: „למה הביאתם את קהל ה' אל המדבר הזה למות שם אנחנו ובעירנו", וואָרום האָט איר געבראַכט ג'ס געמיינדע צו אָט דעם מדבר, צו שטאַרבען דאָרטען, מיר און אונזערע רינדער?

„וישלח ה' בעם את הנחשים השרפים", און ג' שיקט אויף זיי אַן גיפטיגע

שלאַנגען, וואָס בייסען זיי און טויטען אויס אַ היפּשען טייל פון פאָלק. און דער מדרש דערקלערט דעם טעם, פאַרוואָס עפּעס שלאַנגען? — זאָלען קומען די שלאַנגען, וואָס האָבען אויסגעטראַכט לשון־הרע, און זיך אָפּרעכענען מיט די, וואָס האַלטען אין איין רעדען לשון־הרע.

און די אידען קומען צו משה'ן און בעטען אי'ם, ער זאָל מתפלל זיין צו ג', ער זאָל זיי באַפרייען פון די גיפטיגע שלאַנגען, הייסט אים דער אויבערשטער מאַכען אַ קופּערנעם שלאַנג, „והיה כל הנשוך וראה אותו וחי", — און ווער עס וועט געביסען ווערען זאָל זיך אין אים איינקוקען און ער וועט געזונט ווערען. רעאַגירט איבער דעם די גמרא „וכי נחש ממית או נחש מחיה?" — איז עס טאַקע דער שלאַנג, וואָס טויטעט און מאַכט לעבעדיג? „אלא בזמן שישראל מסתכלין כלפי מעלה מתרפאים". דאָס לערנט אונז, אַז ווען אידען קוקען אַרויף צום הימעל און האָבען אין זינען העכערע זאַכען, ווערען זיי אויסגעהיילט פון אַלע קראַנקהייטען (ר"ה כ"ט ע"א).

# הפטרה

## דער קאַמף איבער גרעניצען

### ה' אלקי ישראל הוריש את האמורי מפני עמו ישראל ואתה תירשנו?

„אמר הקב"ה ליתי סיחון ליפוק ממואב וניתי ישראל וליפקו מסיחון, והיינו דאמר ר' פפא עמון ומואב טהרו בסיחון", — גב"ה האָט געזאָגט, זאָל קומען סיחון און עס אַוועקנעמען פון מואב, און נאָכדעם זאָלען קומען די אידען און עס אַוועקנעמען פון סיחון. און דאָס איז דער געדאַנק פון ר' פפא, וועלכער האָט דערקלערט, אַז עמון און מואב האָבען זייער לאַנד גערייניגט פאַר די אידען דורך סיחון מלך האמורי (חולין ס' ע"ב).

שלמה המלך אין קהלת, לערנט אונז, אַז „אין כל חדש תחת השמים", עס גיט ניט קיין נייעס אונטער דער זון. אַלץ, וואָס פּאַסירט היינט, אויף דעם עקאָנאָמישען אָדער פּאָליטישען געביט, איז שוין פאָרגעקומען אין די אור־אַלטע צייטען. דער קאַמף, וואָס גייט איצט אָן פון אימפּעריאַליסטישע פעלקער, וואָס זוכען צו פאַרכאַפּען די הערשאַפט פון דער גאַנצער וועלט, איז ניט קיין נייער.

די וועלט־היסטאָריע ווייזט אונז, אַז אַזעלכע מלחמות זיינען שוין פאַרגעקומען ניט איין מאָל אין דער געשיכטע פון פעלקער, און וועלען וואַרשיינליך ווייטער פאָרקומען, ביז משיח וועט קומען און זיי באַפרייען פון זייערע אימפעריאַליס־טישע אַפּעטיטן, און ברענגען פולשטענדיגען פרידען אויף דער וועלט.

אויך די ראַנגלעריי, וואָס קומט איצט פאָר צווישן די מלוכות פון די פאַר־אייניגטע פעלקער איבער די גרעניצען פון זייערע לענדער, וואָס זיינען אין שכנות מיט אַנדערע, איז ניט קיין נייע. אימער האָבען פעלקער געזוכט אויס־צוברייטען די גרעניצען פון זייערע לענדער אונטער דעם אויסרייד, אַז זיי מוזען עס האָבען, כדי צו פאַרזיכערען זיך קעגען אַן אָנגריף. דער בריוו־וועקסעל צווישען דעם קעניג פון עמון און דעם אידישען שופט יפתח, ווי עס ווערט גע־שילדערט אין דער היינטיגער הפטרה, איז אַ היסטאָרישער דאָקומענט, וואָס ווערט איבערגע׳חזר׳ט אויך אין דער היינטיגער צייט.

דער קעניג פון עמון נעמט צוזאַמען זיינע אַרמייען און די פון די פלשתים און קלייבט זיך צו באַפאַלען די שבטים יהודה, בנימין און אפרים. יפתח, וועלכער איז פון די זקני גלעד אויסגעקליבען געוואָרען אָנצופירען די מלחמה, שיקט אַ בריוו צום קעניג פון עמון, אין וועלכען ער פרעגט אים: מה לי ולך כי באת אלי להלחם בארצי?״ וואָס האָסטו צו מיר, וואָס דו ביזט געקומען מלחמה־האַלטען מיט מיין לאַנד? — און דער קעניג פון עמון ענטפערט אים: „כי לקח ישראל את ארצי בעלותו ממצרים מארנון ועד היבוק ועד הירדן, ועתה השיבה אתהן בשלום״ — ווייל די אידען, אַרויסגייענדיג פון מצרים, האָבען צוגענומען מיין לאַנד פון אַרנון ביז דעם יבוק און דעם ירדן, און איצט גיב זיי מיר צוריק אין פרידען.

יפתח, אין זיין ענטפער צום קעניג פון עמון, לייקענט אָפּ זיין באַהויפּ־טונג און דערקלערט קאַטעגאָריש, אַז „לא לקח ישראל את ארץ מואב ואת ארץ בני עמון״, — די אידען האָבען ניט פאַרנומען קיין לאַנד פון מואָב אָדער עמון. דער אויבערשטער האָט אָנגעזאָגט משה׳ן: „אל תצורם ואל תתגר בם מלחמה״, — דו זאָלסט זיי ניט באַלאַגערען, אָדער פירען אַ קריג קעגען זיי, און די אידען האָבען אויסגעפירט דעם באַפעל פון ג׳. זיי האָבען טאַקע צוערשט געבעטען פון מואָב און עמון, זיי זאָלען זיי לאָזען דורכגיין זייער לאַנד, ווייל דאָס וואָלט זיי איינגעשפּאָרט אַ סך וועג און צייט. זיי האָבען זאָגאַר אָנגעבאָטען זיי צו באַצאָלען גוט פאַר דער דאָזיגער טובה, אָבער די קעניגען פון עמון און מואָב האָבען אָנט־

זאָגט זייער אָנבאָט, און די אידען זיינען געווען געצוואונגען אַרומצוגיין זייערע לענדער, וואָס האָט גענומען אַ סך צייט און מי.

אַז די אידען זיינען צוגעקומען צום לאַנד פון אמורי, האָבען זיי געשיקט אַ קאָמיסיע צו זייער קעניג סיחון מיט דער בקשה „אעברה בארצך", לאָז אונז דורכגיין דיין לאַנד, מיר וועלען דיר, חלילה, קיין שאָדען ניט טאָן, אין קעגענטייל, „אוכל בכסף תשבירני ומים בכסף תתן לי", פאַר אונזער עסען און טרינקען וועלען מיר דיר גוט באַצאָלען. די גאַנצע צייט, וואָס מיר וועלען פאַרוויילען אין דיין לאַנד, וועלען מיר פון דאָרט קיין זאַך ניט פאַרנעמען, און דו וועסט צו אונז גאָרניט צולייגען. סיחון געטרויט אָבער ניט די אידען און נעמט צוזאַמען זיינע אַרמייען און פאַרפירט קעגען זיי אַ מלחמה. ער האָט אָבער געהאַט אַ גרויסע מפלה און די אידען האָבען פאַרנומען אַלע זיינע לענדער. און יפתח פאַרענדיגט זיין בריוו מיט די ווערטער: דער ג׳ פון די אידען האָט פאַר אונז דערוואָרבען דאָס לאַנד פון דעם אמורי, און איצט ווילסטו עס ירש׳ענען? ניין, דאָס וואָס דיין אָפּגאָט „כמוש" וועט פאַר דיר דערווערבען, קאָנסטו האָבען, אָבער דאָס, וואָס אונזער ג׳ האָט פאַר אונז דערוואָרבען, דאָס וועלען מיר האַלטען.

די גמרא גיט אַ היסטאָרישע דערקלערונג איבער דעם בריף־וועקסעל פון יפתח און דעם קעניג פון עמון, וועלכע מאַכט פאַר אונז קלאָר זייער גאַנצען ויכוח: גאָר אַמאָל, ווען די אידען זיינען נאָך געווען אין מצרים, האָבען די לענדער פון דעם אַרנון ביז דעם יבוק און ירדן באַלאַנגט צו עמון און מואָב; אָבער אין אַ גרויסער שלאַכט, וואָס דער דאַמאָלסדיגער סיחון, דער קעניג פון אמורי, האָט קעגען זיי פאַרפירט, האָט ער פון זיי די לענדער צוגענומען און זיי אינקאָר־פאָרירט אין זיין מלוכה. מיט יאָרען שפּעטער, אַז די אידען האָבען באַזיגט דעם נייעם סיחון מלך האמורי און פאַרנומען זיין גאַנצען לאַנד, זיינען די לענדערייען אויך אַריינגעפאַלען אין זייער רשות. די חז"ל גיבען דעריבער אַ געריכטליכע אַנטשיידונג, אַז די אידען האָבען פּאָליטישע רעכט איבער די דאָזיגע לענדער פון עמון און מואב, ווייל „טהרו בסיחון", זיי זיינען געריניגט געוואָרען פאַר די אידען דורך סיחון, וועלכער האָט זיי צוערשט צוגענומען.



ד.

## משה רבנו'ס שרעקליכע טראַגעדיע

**אז ישיר ישראל.**

„מפני מה לא נזכר משה שם? מפני שנענש על המים. ולמה אין שמו של הקב"ה נזכר בה? אמר, הואיל ומשה אינו נזכר אף אני איני נזכר שם" — וואָרום ווערט אין די שירה, וואָס די אידען האָבען געזונגען נאָך זייער זיג איבער סיחון, ניט דערמאָנט דער נאָמען פון משה? דערפאַר, ווייל ער איז דאָרט באַשטראָפט געוואָרען צוליב דער מחלוקה איבער וואַסער. און וואָרום ווערט אין איר אויך ניט דערמאָנט דער נאָמען פון ג'? ווייל ער האָט געזאָגט: וויבאַלד משה ווערט ניט דערמאָנט, וויל איך אויך ניט דערמאָנט ווערען (ילקוט שמעוני).

ניין־און־דרייסיג יאָר זיינען פאַראיבער זינט די טרויעריגע פראָוואָקאַציע פון די מרגלים האָט אָפּגעשטעלט דעם פּראָצעס פון דער אידישער גאולה. דער פאַררעטערישער באַריכט, וואָס די מרגלים האָבען אַריינגעבראַכט, אַז ארץ־ישראל איז באַזעצט פון ריזענפעלקער און אירע שטעט זיינען שטאַרק באַפעסטיגט, האָט אָפּגעשראָקען די אידען און זיי האָבען זיך כמעט ווי אַנטזאָגט פאָרטצוזעצען זייער נסיעה און גיין איינגעמען דאָס לאַנד. די קעגנער פון אַן אייגען לאַנד האָבען אויפגעהעצט דאָס פאָלק און זיי האָבען פאַרפירט אַ קריג קעגען משה און אהרן. זיי האָבען אין איין קול געליאַרעמט: „למה ה' מביא אותנו אל הארץ הזאת לנפל בחרב נשינו וטפינו?" — וואָרום פירט אונז ג' אין אַזאַ לאַנד, וואו מיר וועלען פאַלען פון שווערד צוזאַמען מיט אונזערע פרויען און קינדער.

אין מדרש ווערט איבערגעגעבען, אַז גלייך נאָך דעם באַריכט פון די מרגלים, „נוטלים היו ישראל בניהם ובנותיהם קטנים וזורקים לתוך חיקו של משה ואמרו לו: בן עמרם! מה הנאה התקנת להם לאלו? מה פרנסה התקנת להם לאלו?" — האָבען די אידען גענומען זייערע קליינע זין און טעכטער און זיי געוואָרפען אין משה'ס שויס אַריין און אים געפרעגט: וואָס פאַר אַ גייסטיגען פאַרגעניגען האָסטו פאַר זיי צוגעגרייט? וואָס פאַר אַן עקאָנאָמישע צוקונפט האָסטו פאַר זיי פאַרזאָרגט? (ילקוט דברים). זייער בטחון אין ג' איז געווען אַ שוואַכער, און די גרויסע נסים, וואָס ער האָט זיי באַוויזען, האָבען קענטיג אויף

זיי אַ קנאַפּען רושם געמאַכט. זיי האָט נאָך אַלץ געפעלט דער אמת׳ער צוטרוי צו זייער פירער משה.

אין זייער פאַרצווייפלונג האָבען זיי זיך געוואונשען: „לו מתנו בארץ מצרים, או במדבר הזה לו מתנו" — הלואי וואָלטען מיר בעסער געשטאָרבען אין מצרים, אָדער אין דער מדבר זאָלען מיר בעסער אויסשטאַרבען. דאָס האָט קעגען זיי אַרויסגערופען דעם צאָרן פון ג׳ און ער האָט געשוואוירען: „אם לא כאשר דברתם באזני כן אעשה לכם" — אויב ניט ווי איר האָט גערעדט אין מיינע אויערען, אַזוי וועל איך אייך טאַקע טאָן. איר ווינשט בעסער צו שטאַרבען אין דער מדבר, זאָג איך אייך צו, אַז „במדבר הזה יפלו פּגריכם מבן עשרים שנה ומעלה" — אין דער מדבר וועלען פאַלען די טויטע קערפּערס פון אַלע, וואָס זיינען אין עלטער פון צוואַנציג יאָר און העכער. קיינער פון אייך וועט אין מיין פאַרשפּראָכען לאַנד ניט אַריין. אייערע קליינע קינדער, פאַר וועמען איר האָט זיך אַזוי פיל געזאָרגט, זיי וועל איך אַריינברייגגען אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב צוגעזאָגט אייערע עלטערען.

און משה האָט זיך גענומען צו דערציען אַ נייעם דור — אַ דור, וואָס ווייסט ניט פון דער שקלאַפעריי אין מצרים און איז ניט באַאיינפלוסט פון גלות; אַ דור, וואָס פאַרשטייט אָפּצושאַצען דעם ווערט פון פרייהייט, פון זעלבסטשטענדיגקייט, פון זיין באַלעבאַטים אויף אַן אייגענעם באָדען, אַן אייגענער נאַציאָנאַלער היים. דער „אבן עזרא" באַמערקט, אַז די אַכט־און־דרייסיג יאָר האָבען ווייניג פראָדוצירט פאַר דעם אידישען פאָלק. און די אורזאַך איז גאַנץ פאַרשטענדליך: מענשען, וועלכע קלייבען בעסער אויס צו שטאַרבען אין דער פרעמד, קאָנען ווייניג־וואָס אויפטאָן פאַר זייער צוקונפט. אַזעלכע מענשען פאַרהייליגען בעסער די בית־עלמינ׳ס, די סעמעטעריס פון זייערע גלות־לענדער, ווי די לעבעדיגע מוסדות פון אַן אייגען לאַנד. די איינציגע זאַך, וואָס פאַרבינדט זיי מיט זייער פאַרגאַנגענהייט, זיינען די יאָרצייטען און קדישים נאָך זייערע פאַרשטאָרבענע. פאַר אַזעלכע מענשען איז דאָס ווייטערדיגע לעבען פון זייער פאָלק אַ פּוסט בלאַט, אַ ליידיג בוך, אַ צוקונפט אָן אינהאַלט.

„ויבאו בני ישראל, כל העדה, מדבר צין" — און די אידען, די נייע געמיינדע פון דער אידישער יוגענט, זיינען אָנגעקומען אין דעם מדבר פון צין, פיל נענטער צו ארץ ישראל. משה מאַכט די נויטיגע הכנות און איז פול מיט האָפנונג, אַז איצט וועט אים געוויס געלינגען אַריבערצוברייגגען זיין פאָלק צו

דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד. אָבער אַ נייע שטערונג דערשיינט: „ולא היה מים לעדה" עס האָט געפעלט וואַסער פאַר דער געמיינדע, „וירב העם עם משה", און דאָס פאָלק פאַרפירט ווייטער אַ קריג מיט משה'ן... אויך דעם נייעם דור פעלט דער נאַציאָנאַלער געפיל, וואָס זאָל אים געבען מוט צו קאָנען אַריבער־טראָגען די שוועריגקייטען אויפ'ן וועג פון דער גאולה. און וואָס ערגער איז, אַז אויך זיי, וועלכע האָבען מצרים קיינמאָל אין די אויגען ניט געזען, קומען מיט דערזעלביגער טענה ווי זייערע פאָטערס אַמאָל און שרייען: „ולמה העליתנו ממצרים להביא אותנו אל המקום הרע הזה?" — און וואָרום האָסטו אונז אַרויס־גענומען פון מצרים און אונז געבראַכט אין אָט דעם שלעכטען אָרט?

אמת טאַקע, זיי רייסען זיך ניט צוריק אין גלות. זיי זאָגען ניט, ווי זייערע פאָטערס אַמאָל: „נתנה ראש ונשובה מצרימה" — זאָלען מיר אויפנעמען אַ נייעם פירער און זיך צוריקקערען נאָך מצרים. אָבער קיין צו־שטאַרקע ליבע צו אַן אייגען לאַנד האָבען זיי אויך ניט. און משה און אהרן ווערען פאַרצווייפעלט, „ויפלו על פניהם" — און פאַלען אויף זייערע געזיכטער פאַר ג'. און ג' זאָגט צו משה'ן: „קח את המטה", נעם דעם שטעקען, „ודברתם אל הסלע לעיניהם ונתן מימיו", און רעד צום פעלז פאַר זייערע אויגען און ער וועט אַרויסגעבען זיינע וואַסערן. דער שטעקען, דייך צייכען פון פירערשאַפט, וואָס האָט דיר אַזוי גוט געדינט אין דער פאַרגאַנגענהייט און האָט געוויזען גרויס וואונדער אין צייטען פון נויט, וועט דיר ווייטער דינען, אויב דו וועסט וויסען ווי זיך צו באַגיין מיט אים.

„וירם משה את ידו ויך את הסלע פעמים" — און משה האָט אויפגעהויבען זיין האַנט און האָט געשלאָגען דעם שטיין צוויי מאָל. ער איז אויפגערעגט און טוט ניט ווי ג' האָט אים געהייסען. אָנשטאָט צו רעדען צום שטיין, שלאָגט ער אים — ניט איין מאָל, נאָר צוויי מאָל. קענטיג, אַז געמיינט האָט ער די אידען. און אין דעם איז באַשטאַנען זיין חטא. אַ פירער פון פאָלק טאָר קיין כעס ניט געברויכען. ער דאַרף בלויז רעדען צו אים און ניט וועלען שלאָגען. אַ מנהיג מוז האָבען אַן אייזערנע געדולד; אויב ניט, קאָן ער נאָך ווערען אַ דיקטאַטאָר און טיראַניזירען דאָס פאָלק. און דאָס איז קעגען דעם ווילען פון ג'.

ביידע, אי משה און אי אהרן, הערען זייער ביטערען שיקזאַל: „לכן לא תביאו את הקהל הזה אל הארץ אשר נתתי להם" — דעריבער וועט איר ניט אַריינברייגען אָט־די געמיינדע אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב פאַר זיי באַשטימט.

וואָס פאַר אַ שרעקליכע טראַגעדיע עס ווערט דאָ איבערגעגעבען אין די עט־ליכע ווערטער... אָפּגעאַרבייט אַ גאַנץ לעבען פאַר אַן אידעאַל, אומצייליגע מאָל זיך מוסר נפש געווען פאַר זיין דערפאָלג, און אַז ענדליך ווערט דער ציל דער־גרייכט, זאָגט מען זיי, אַז זיי אַליין קאָנען פון דעם ניט געניסען. משה, ווי זיין שטייגער איז אימער געווען צו נעמען אַלע חטאים אויף זיך, הויבט אָן בעטען ביי ג׳: „רבונו של עולם, אני הקפדתי אהרן מה חטא" — איך אַליין האָב דאָך געצאָרענט, מיט וואָס האָט אהרן געזינדיגט (תנחומא). דער אויבערשטער וויל אָבער זיין טענה ניט הערען. אויך אהרן איז שולדיג, וואָרום ער האָט ניט צוריק־געהאַלטען זיין ברודער משה פון געברויכען כעס.

נאָכדעם ווי די מחלוקה ווערט איינגעשטילט, זעצען־פאַר די אידען זייער נסיעה, און אַז סיחון, דער קעניג פון אמורי, באַפאַלט זיי און כאַפּט אַ גרויסע מפלה, ברעכען זיי אויס אין אַ געזאַנג. משה זינגט אָבער מיט זיי ניט מיט, ווייל, ערשטענס, איז ער אין טרויער צוליב דער גרויסער טראַגעדיע, וואָס איז אים באַפאַלען, און צווייטענס, ווי עס ווייזט אויס, האָבען די אידען ניט געוואָרט ביז משה וועט אָנפאַנגען, ווי זיי האָבען געטאָן ביים ים־סוף. דער מדרש טאַדעלט די אידען וואָרום זיי האָבען ניט אויפגעפאָדערט משה׳ן צו זינגען מיט זיי. ער זאָגט: „בשעה שעמדו ישראל לומר שירת הים אמר משה עמהם, לאחר ארבעים שנה עמדו על פרקן, התחילו אומרים שירת הבאר לעצמן" — ווען די אידען זיי־נען צוגעטראָטען צו זינגען זייער שירה ביים ים־סוף, האָט משה מיט זיי מיט־געזונגען. זיי האָבען געוואָרט ביז ער האָט אָנגעפאַנגען. אָבער נאָך פערציג יאָר זיינען זיי קענטיג געוואָרען ביי זיך דערוואַקסען און זעלבסטשטענדיג און אָנגעפאַנגען זינגען פאַר זיך (מדרש ילמדנו). ניט נאָר פעלט דער נאָמען פון משה אין דער שירה, נאָך אויך דער נאָמען פון ג׳ איז אין איר אויסגעלאָזען געוואָרען. אַזוי איז עס תמיד, אַז אידען פאַרלאָזען זייער פירער משה און דער־ווייטערען זיך פון דעם גייסטיגען מקור, וואָס האָט זיי ביז איצט אויפגעהאַלטען, ווערט אויך דער נאָמען פון ג׳ אויסגעלאָזען פון זייערע שירים און נאַציאָנאַלע לידער...

# הפטרה

## ג׳ איז מיט דעם אידישען פירער, ווער ער זאָל ניט זיין

**ותהי על יפתח רוח ה׳.**

„יפתח בדורו כשמואל בדורו״ — יפתח אין זיין דור איז ביי ג׳ אַזוי חשוב ווי שמואל אין זיין דור (ר״ה כ״ה).

די שופטים־עפּאָכע, וועלכע האָט געדויערט אייניגע יאָרהונדערט, זינט דעם טויט פון יהושע ביז׳ן אויפקום פון שמואל הנביא, ווערט פון אונזערע חז״ל באַטראַכט אַלס די פינסטערסטע אין דער געשיכטע פון דער אידישער באַזעצונג אין ארץ־ישראל. די גאַנצע עפּאָכע צייכענט זיך אויס מיט איר שרעקליכער נאַציאָנאַללאָזיגקייט און אויך מיט איר פאַרברעכערישער גאָטלאָזיגקייט. „כיון שנכנסו ישראל לארצם כל אחד ואחד רץ לכרמו ולזיתו ואומר שלום עלי נפשי״ — אַזוי גיך ווי די אידען זיינען אַריין אין זייער לאַנד, איז יעדער פון זיי גע־לאָפען צו זיין וויינגאָרטען און אוילבערטגאָרטען און האָט זיך געזאָרגט בלויז פאַר זיין אייגענעם פרידען (ילקוט שמעוני). די שבטים זיינען געשטאַנען אָפּ־געזונדערט און האָבען זיך וויניג אָנגעקערט איינע מיט די אַנדערע. זעהר זעלטען ווען איין שבט איז געקומען צו הילף זיין ברודער און שונא. זייער צעריסענקייט האָט געבראַכט צו דעם, אַז פיל טיילען פון לאַנד זיינען נאָך פאַר־בליבען ניט איינגענומען און די אַרומיגע פעלקער האָבען זיי געהאַלטען אין דריקען און אונטעריאָכען.

אויך גייסטיג זיינען זיי געווען שטאַרק געפאַלען. זיי האָבען פאַרגעסען די תורה, וואָס משה און אהרן האָבען זיי געלערענט, און כאָטש זיי האָבען ניט אינגאַנצען אויפגעגעבען זייער אמונה אין ג׳, האָבען זיי אָבער אויך געדינט צו די פרעמדע געטער פון די אַרומיגע פעלקער. די ערגסטע יאָרען פון דער דאָזי־גער טראַגעדיע זיינען, לויט די חז״ל, געווען די אַכצען יאָר פאַר דעם אויפ־שטייג פון דעם שופט יפתח, פון היינטיגער הפטרה. דורך דער צייט האָבען די אידען ניט נאָר געדינט צו פרעמדע געטער, „ויעזבו את ה׳ ולא עבדוהו אפילו בשותפות״ — זיי האָבען אינגאַנצען פאַרלאָרען זייער אמונה און האָבען ג׳ ניט אַריינגענומען אַפילו פאַר אַ שותף צו זייערע אָפּגעטער (פתיחתא איכה רבתי). און אַז אידען דערווייטערען זיך פון ג׳, ווערען זיי שטרענג באַשטראָפט. „וימכרם

ביד פלשתים וביד בני עמון" — ער האָט זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון די פלשתים און די עמונים, וועלכע האָבען זיי געדריקט און געמוטשעט די אַלע אַכצען יאָר. „ויזעקו בני ישראל אל ה'" — ערשט דאַן האָבען די אידען גע־שריען צו ג', אַז ער זאָל זיי העלפען.

די שבטים, וועלכע האָבען אַממערסטען געליטען אין יענער צייט, זיינען געוועזען די, וועלכע האָבען געוואוינט אין עבר־הירדן. דער קעניג פון עמון האָט זיך אָבער ניט צופרידענגעשטעלט מיט בלויז דריקען און אַרויפלייגען שווערע צינזען אויף די שבטים ראובן, גד און מנשה. ער נעמט צוזאַמען זיינע אַרמייען און די פון די פלשתים און קלייבט זיך צו באַפאַלען אויך די שבטים יהודה, בנימין און אפרים, וועלכע האָבען זיך געפונען אויף דער זייט פון ירדן, אין אַרץ־ישראל גופא. צו יענער צייט האָט געלעבט אין „ארץ טוב" אַ קריגס־העלד מיט דעם נאָמען יפתח, וועלכער איז געבוירען געוואָרען אין גלעד, אָבער איז פון זיינע ברידער און אויך די זקנים פון שטאָט פאַרטריבען געוואָרען פון זיין געבורטסלאַנד. אין זייער נויט ווענדען זיי זיך צו אים און באַטען אים אָן די הערשאַפט איבער זיי, אויב ער וועט איינוויליגען אָנצופירען די מלחמה קעגען דעם דראָענדיגען שונא.

יפתח, לויט זיין אָפשטאַם און הנהגה, האָט זיך ניט געפאַסט צו זיין אַ שופט ביי אידען, ווי די גמרא באַמערקט אויפ'ן פסוק, „ויתלקטו אליו אנשים ריקים" — נישטיגע מענשען האָבען זיך אַרום אים אַרומגעקליבען: „היינו דאמרי אינשי, מטייל ואזיל דיקלא בישא גבי קנא דשרכי" — דאָס איז, וואָס מענשען זאָגען: שלעכטע פאַלמען געפינען זיך, געוויינליך, אַרום פוסטע ביימער (ב"ק צ"ב). קוים אָבער האָבען אים די אידען אָנערקענט פאַר זייער פירער, „ותהי על יפתח רוח ה'" — איז אויף יפתח'ן געוועזען דער גייסט פון ג'. ער העלפט אים באַזיגען די אידישע שונאים און עמון כאַפּט אַ גרויסע מפלה. יפתח אין זיין דור איז ביי ג' אַזוי חשוב, ווי שמואל אין זיין דור, ווייל ער איז מיט דעם אויסגעקליבענעם פירער, ווער עס זאָל ניט זיין.

ה.

## אַלץ איז שוין אַמאָל מיט אונז פאָרגעקומען

**את והב בסופה.**

„את והב שני מצורעים היו, שהיו מהלכים בסוף מחנה ישראל״ — „את״ און „הב״ זיינען געווען צוויי קרעציגע מענשען, וואָס זיינען נאָכגעגאַנגען הינטער דער אידישער מחנה (ברכות נ״ך).

מיר זיינען אַן אַלט פאָלק און האָבען זעהר פיל דורכגעמאַכט אין אונזער לאַנגען לעבען. קיינע פון די נייע געשעענישען אין דער וועלט איבערראַשען אונז ניט. „כבר היה לעולמים״, דאָס האָט שוין ניט איינמאָל פּאַסירט אין אונזער געשיכטע. צווישען די היסטאָריקער גייט אַן אַ ווערטעל, אַז געשיכטע ווידער־האָלט זיך. אָבער פאַר אונז אידער האָט זי זיך קיינמאָל ניט געענדערט. אין יעדען פּלאַץ, וואו מיר האָבען אָנגעשלאָגען אויף אונזערע לאַנגע וואַנדערונגען, האָבען מיר דורכגעמאַכט דיזעלביגע צרות און רדיפות. בנוגע אונז אידען האָט זיך די וועלט קיינמאָל ניט געביטען, און די קאָנסעקווענצען פון יעדער איבער־קערעניש זיינען כמעט תמיד געווען דיזעלביגע.

פאַר די וועלכע זיינען באַקאַנט מיט דער אידישער געשיכטע, זיינען די איצטיגע באַציאונגען פון די פעלקער צו אונז אַ גרויסע איבערראַשונג. זיי פאַרשטייען ניט, ווי אַזוי איז עס מעגליך פאַר כלומר׳שט פאָרטגעשריטענע און דעמאָקראַטישע פעלקער צו זיין אַזוי גרויזאַם און האַרצלאָז צו אַ פאָלק, וואָס האָט מער פון אַנדערע פעלקער געליטען אין די לעצטע צוויי וועלט־מלחמות. איבערהויפּט זיינען אונזערע יונגע ציוניסטען שטאַרק אויפגערעגט פאַר די עפענט־ליכע פאַרלעצונג פון די פאַרשיידענע פאַרשפּרעכונגען, וואָס די פירענדיגע מלוכות פון דער וועלט האָבען אונז אומצייליגע מאָל געמאַכט צו העלפען אין דער עטאַבלירונג פון אַ אידישען היימלאַנד אין ארץ ישראל.

זאָגאַר די גרויסע און פרייע אַמעריקע, וועלכע האָט לכתחילה זיך גע־גרינדעט צו זיין דער מקום־מקלט, דער רעטונגס־פּלאַץ פאַר די אַלע פאַרפאָלגטע און אונטערדריקטע, האַלט אירע טויערען פעסט געשלאָסען קעגען די היימלאָזע. אויך אירע עפענטליכע הבטחות צו אונזער אָרים פאָלק, אַז זי וועט מיט אַלע מעגליכע מיטלען העלפען אין דער גרינדונג פון אונזער נאַציאָנאַלער היים, האָבען זיך אויסגעלאָזען מיט גאָרניט. דאָך שטערט עס ניט איר פּרעזידענט,

קאָנגרעס און סענאַט צו האַלטען איין איין פּראָקלאַמירען פאַר דער וועלט, אַז זיי זיינען די שטאַרקסטע קעמפער פאַר דעמאָקראַטיע און גלייכבאַרעכטיגונג און אַז זייער הויפּט־ציל איז צו באַשיצען די שוואַכערע נאַציאָנען פון דער וועלט.

שוין צוויי יאָר זינט די שרעקליכע מלחמה האָט זיך געענדיגט, און די הונדערטער טויזענטער היימלאָזע אידען שמאַכטען נאָך אַלץ אין פינסטערע קאָנ־צענטראַציע־לאַגערען, אַרומגעריינגעלט מיט שטעכיגע דראָטען, ווי זיי וואָלטען געווען פאַרברעכער. פאַר די יעניגע, וועמען עס געלינגט זיך אַרויסצורייסען פון די דאָזיגע שרעקליכע תפיסות און אָנקומען צו די טויערען פון ארץ ישראל, זיינען די גרעניצען פון לאַנד געשלאָסען און זיי ווערען נעבעך ווידער פאַרשפּאַרט אין נייע קאָנצענטראַציע־לאַגערען אויפ׳ן אינזעל ציפּערן. אַפילו די „יונייטעד ניישאָנס״, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרען פאַר דעם צוועק צו ברייגנען שלום אויף דער וועלט און פאַרזיכערען די פרייהייט פון אַלע פעלקער, האָט געפונען פאַר נויטיג נאָכצוגעבען דעם פאַרלאַנג פון ענגלאַנד און אויפפאָדערען אַלע פעלקער ניט צו דערלאָזען די אידישע אימיגראַציע צו זייער פאַרשפּראָכען לאַנד.

און אונזער יוגענט שטייט פאַרגאַפט איבער אָט דעם בייזען וואונדער! אָבער פאַר אונז עלטערע אידען זיינען די נייע רשעות קעגען אונז ניט קיין נייעס. „כבר היה לעולמים״ — דאָס האָט שוין מיט אונז ניט איינמאָל פּאַסירט. ווען מיר שטודירען די היינטיגע סדרה און מיר באַמערקען וואָס די אידען אין דער מדבר האָבען געהאַט דורכצומאַכען אויף זייער נסיעה צו דעם הייליגען לאַנד און וויפיל שטערונגען עס זיינען געלייגט געוואָרען אין זייער וועג פון די דעמאָלסדיגע גרויס־מאַכטען, קענען מיר לייכט אַרויסזען, אַז בנוגע אונזער פאָלק האָט זיך די וועלט ווייניג געביטען...

„וישלח משה מלאכים מקדש אל מלך אדום״ — משה שיקט שלוחים צו דעם קעניג פון אדום און אַפּעלירט צו אים: „אתה ידעת את כל התלאה אשר מצאתנו״ — דו ווייסט דאָך די אַלע אומגליקען, וואָס אונז האָט געטראָפען, וויפיל יאָרען מיר זיינען פאַרשוואַרצט געוואָרען אין מצרים, ביז ג׳ האָט געהערט אונזער געשריי און אונז פון דאָרט באַפרייט, שוין פערציג יאָר ווי מיר וואַלגערען זיך אין אַ וויסטער מדבר און אונזער ציל איז צו קומען צום לאַנד כנען, וואָס ג׳ האָט פאַרשפּראָכען צו אונזערע אָבות אַלס אונזער היימלאַנד. איצט געפינען

מיר זיך אין קדש, אַ שטאָט ניט ווייט פון דיין גרעניץ. „נעברה נא בארצך" — לאָזט אונז דורכגיין דיין לאַנד, מיר וועלען דיר קיין שאָדען ניט טאָן, דיינע וועלדער און גערטנער וועלען מיר אויסמיידען, מיר וועלען אַפילו ניט טרינקען די וואַסערען פון דיינע ברונימער, „עד אשר נעבור גבולך" — ביז מיר וועלען דורכגיין דיין גרעניץ.

אדום ענטפערט אָבער משה'ן: „לא תעבור בי פן בחרב אצא לקראתך" — דו וועסט ביי מיר ניט דורכגיין, אויב דו ווילסט ניט איך זאָל אַרויסקומען קעגען דיר מיט אַ שווערד. ווי ענליך ס'איז דער ענטפער פון אַמאָליגען אדום צו דעם ענטפער פון די אדומ'ס אין די היינטיגע צייטען! ווי טיפזיניג באַמערקט אויף דעם דער מדרש! אויף די אידישע אַפילס און הומאַנישע פאָדערונגען ענטפערען די אדומ'ס פון אַלע צייטען: „אתם מתגאים בקול שהורישכם אביכם" — איר שטאָלצירט מיט דער שטים פון יושר, וואָס אייער פאָטער האָט אייך איבערגע־לאָזען בירושה. איר גלויבט אין דעם עולם חסד יבנה" — אַז די וועלט דאַרף געבויט ווערען מיט גערעכטיגקייט און חסד, און דערפאַר מאַכט איר אַזוי פיל טומעל און אַפּעלירט צו דעם געוויסען פון דער וועלט. „ואני אצא אליכם במה שהורישני אבי" — איך וועל אָבער אַרויסקומען קעגען אייך מיט דעם, וואָס מיין פאָטער האָט מיר איבערגעלאָזען בירושה. ער האָט מיר געזאָגט: „על חרבך תחיה" — אויף דיין שווערד וועסטו לעבען (רש"י). ביי דיר וועט ברוטאַלע מאַכט זיין דער הערשענדער כוח, און כדי צו קענען אָנהאַלטען אָט דעם כוח מיי־נעם, מוז איך אויך אַרייננעמען דיין לאַנד אין מיין באַזיץ — אָט דערפאַר קענסטו עס ניט האָבען.

משה מיט די אידען פּרובירען נאָכאַמאָל. זיי בעטען זיך ביי אדום: „במסלה נעלה" — מיר וועלען גיין אין די שטעגען אַרום דיין לאַנד, מיר וועלען אויסמיידען דיינע שטעט און ניט אָנרירען דיינע סטראַטעגישע פּונקטען. „אם מימיך נשתה אני ומקני, ונתתי מכרם" — אויב מיר און אונזערע פי וועלען טרינקען דיינע וואַסערען, וועלען מיר דיר דערפאַר גוט באַצאָלען, דו וועסט צו אונז גאָרניט דערלייגען. אָבער אויך דאָס העלפט ניט. „וימאן אדום נתן את ישראל עבר בגבולו" — אדום וויל ניט לאָזען די אידען פאַרבייציגיין זיינע גרעניצען. דאָס זעלביגע האָט אויך פּאַסירט שפּעטער, ווען די אידען זיינען צוגעקומען נאָענט צו די גרעניצען פון אמור, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט ירדן פון ארץ ישראל.

אונטערגעהעצט פון אדום, האָט סיחון, דער קעניג פון אמורי, ניט נאָר אָנגעזאָגט די בקשה פון די אידען זיי צו לאָזען דורכגיין — ער האָט אויך צוזאַמענגענומען אַ גרויסע אַרמיי און איז אַרויס קעגען זיי אין אַ מלחמה. מיט דער הילף פון ג׳ אָבער האָבען די אידען געזיגט, פאַרנומען זיין לאַנד און עס איינקאָרפּאָרירט און איינגעשלאָסען אין דער צוקונפטיגער אידישער מדינה. אידען זיינען אַ פרידליך פאָלק. זיי ווילען זיך מיט קיינעם ניט שלאָגען און זיינען גרייט צו באַצאָלען פאַר אַלץ, וואָס זיי דאַרפען. אויב אָבער מען נעמט זיך מיט׳ן שווערד קעגען זיי, העלפט זיי ג׳ און זיי קומען ענדליך אַרויס די זיגער, אַזוי איז עס געווען אַמאָל און אַזוי וועט עס זיין אויך היינט...

אין דער גמרא ווערט אונז איבערגעגעבען, ווי אַזוי דער אויבערשטער האָט דעמאָלט געהאָלפען די אידען צו באַזיגען זייערע שונאים: „כי הוו קא חלפי ישראל אתו אמוראי עבדו להון בקירותא וטשו בהן״ — אַוואו די אידען האָבען געדאַרפט פאַרבייגיין, האָבען די אמוראים אויסגעקליבען געוויסע שפּאַלטען צעווישען די בערג און זיך דאָרט באַהאַלטען. „אמרי כי חלפי ישראל הכא נקטלינון״ — זיי האָבען געדענקט, אַז ווען די אידען וועלען דאָ פאַרבייגיין, וועלען מיר זיי אויס׳הרג׳ענען. „ולא הוו ידעי דארון הוו מסגי קמייהו והוי ממיך להו טורי מקמייהו״ — זיי האָבען אָבער ניט געוואוסט, אַז דער הייליגער ארון גייט זיי פאַראויס און צערייבט די בערג פאַר זיי. „כיון דאתי ארון אבדקו טורי בהדי הדדי וקטלינון ונחית דמייהו לנחל ארנון״ — אַזוי גיך ווי דער ארון איז אָנגעקומען, האָבען זיך די בערג באַהעפט צוזאַמען און דערשטיקט די אמוראים, וואָס האָבען זיך באַהאַלטען אין זייערע שפּאַלטען, און זייער בלוט האָט גערונען אין דעם טייך ארנון (ברכות נ״ד).

די פען איז שאַרפער פאַר דעם שווערד. גייסט איז שטאַרקער און דווירהאַפטיגער פאַר ברוטאַלער מאַכט. מיט דעם ארון, וואָס די אידען האָבען זיך אַרומגעטראָגען אויף אַלע זייערע וואַנדערונגען, האָבען זיי איבערגעלעבט זייערע שונאים. די גרויסע בערג, וואָס זיינען געשטאַנען אין זייער וועג, די טיפע שפּאַלטען, פון וועלכע מען האָט אויף זיי געלויערט זיי צו פאַרניכטען, האָט דער ארון אויסגעגלייכט און זיי זיינען אַרויס בשלום, און אַז די ישועה קומט, דעמאָלט שטייען־צו צו די אידישע אַרמייען אויך די אָפּגעשטאַנענע פון פאָלק, ווי די גמרא פירט אויס: „כי אתו את והב חזו דמא דנפיק מביני טורי, אתו אמרי לישראל ואמרו שירה״ — אַז את און הב זיינען אָנגעקומען און האָבען געזען

דאָס בלוט פון די שונאים, וואָס פליסט פון די בערג, זיינען זיי געקומען און צוזאַמען מיט די אידען געזונגען די נאַציאָנאַלע שירה (שם).

ווער זיינען עס געווען די מענשען „את" און „הב"? דערקלערט די גמרא, אַז זיי זיינען געווען אָנגעשטעקט מיט קרעץ און האָבען זיך נאָכגעשלעפּט דער אידישער מחנה. וואָס פאַר אַ שיינער געדאַנק עס ווערט דאַ אַרויסגעבראַכט! דאָס וואָרט „את" אין דער העברעאישער שפּראַך האָט פאַר זיך אַליין קיין באַדייטונג ניט. ס'איז בלויז אַ „יחס", אַ פּראַפּאָזיציע, וואָס ווערט צוגעשטעלט צו אַ שם אָדער אַ פּעל, צו אַ נאָמען אָדער אַ טאַט, און דאַן ערשט קריגט עס אַ געוויסע באַדייטונג. פאַראַן אַזעלכע קרעציגע מענשען ביי אידען, וועלכע זיינען ווי דאָס וואָרט „את" — זיי האָבען ניט קיין באַדייטונג, אינטערעסירען זיך ניט מיט קיין אידישע פראַגען און טוען קיין זאַך ניט צו העלפען זייער פאָלק.

דאָס וואָרט „הב" מיינט — „גיב". פאַראַן אַזעלכע גייסטיגע קראַנקע, וואָס זייער גאַנצער ציל אין לעבען איז דער „הב", אַריינצוקריגען פאַר זיך אַלץ מער און מער. זיי שטעלען זייערע אייגענע אינטערעסען העכער פאַר די אינטערעסען פון פאָלק. אָט די „שני מצורעים", די צוויי קראַנקע גרופּען, גייען אימער בסופה, הינטער דער אידישער מחנה. ווען זיי זעען אָבער די גרויסע ישועה, וואָס ג' ברייננגט אויף די אידען, דעמאָלט שליסען זיי זיך אָן און צוזאַמען זינגען זיי זייער פאָלקס שירה.

---

# הפטרה

## אידען זוכען אויסצומיידען קריג

**וישלח ישראל מלאכים אל סיחון.**

„זה שאמר הכתוב: בקש שלום ורדפהו. לא פקדה תורה לרדוף אחרי המצוות. אם באו לידך אתה מצווה עליהם ולא לרדוף אחריהן. והשלום, בקש שלום במקומך ורדפהו במקום אחר. עע"פ שאמר המקום: החל רש והתגר בם מלחמה, רדפו אחר השלום" — דאָס איז דער געדאַנק פון דער פּסוק: זוך שלום און יאָג זיך נאָך אים. די תורה האָט ניט באַפוילען זיך צו יאָגען נאָך די מצוות. אויב זיי קומען דיר צו דער האַנט, ביזטו פאַרפליכטעט זיי צו טאָן, אָבער

יאָגען זיך נאָך זיי ביזטו ניט מחויב. אָבער שלום זאָלסטו זוכען אין דיין פּלאַץ און זיך יאָגען נאָך אים אין אַנדערע פּלעצער. כאָטש דער אויבערשטער האָט געזאָגט וועגען דעם אמורי, אַז מען זאָל אָנפאַנגען אים צו דערוועראבען און אָנפירען קעגען אים אַ מלחמה, האָבען זיי זיך נאָכגעיאָגט נאָך שלום און גע־שיקט ביי אים בעטען, אַז ער זאָל זיי פרידליך דורכלאָזען (ילקוט שמעוני תשס״ד).

די לענדער פון עבר הירדן, וואָס די אידען האָבען פאַרנומען פון סיחון, האָבען קיינמאָל ניט באַלאַנגט צום אמורי. גאָר אַמאָל, ווען די אידען זיינען נאָך געווען אין מצרים, האָבען די לענדער אַרום די טייכען ארנון און יבוק ביז דעם ירדן באַלאַנגט צו עמון און מואב. אָבער אין אַ מלחמה, וואָס דער דעמאָלסדיגער סיחון, דער קעניג פון אמורי, האָט קעגען זיי פאַרפירט, האָט ער די לענדער פון זיי צוגענומען און אינקאָרפּאָרירט אין זיין מלוכה. וואָלטען די לענדער פאַרבליבען ביי די אַלטע באַלעבאַטים, וואָלטען די אידען זיי זיכער אויסגעמיטען. עמון און מואב זיינען אידישע קאָזינס, די קינדס־קינדער פון אברהמ׳ס פּלימעניק לוט, און קעגען זיי האָט דער אויבערשטער אָנגעזאָגט: „אל תתגר בם מלחמה״— איר זאָלט ניט פאַרפירען קיין קריג קעגען זיי. אַזוי ווי זיי זיינען אָבער פאַרנומען געוואָרען פון אַ פרעמדער מאַכט, וועלכע האָט זיי געהאַלטען פאַר לאַנגע דורות, האָבען עמון און מואב פאַרלאָרען זייער חזקה איבער זיי.

אַזוי זאָגען אונזערע חז״ל, איז געווען דער ווילען פון ג׳ וועלכער האָט געזאָגט: „ליתי סיחון ליפוק ממואב וניתי ישראל וליפקו מסיחון״ — זאָל קומען סיחון און עס אַוועקנעמען פון מואב, און נאָכדעם זאָלען קומען די אידען און עס אַוועקנעמען פון סיחון. אַזוי אַרום האָבען די אידען באַקומען די פּאָלי־טישע רעכט איבער אָט די לענדער, ווי רב פפא דערקלערט עס יורידיש: „עמון ומואב טהרו בסיחון״ — די לענדער פון עמון און מואב זיינען פּאָליטיש גע־רייניגט געוואָרען פאַר די אידען דורך סיחון, וועלכער האָט זיי צוערשט איינ־גענומען און נאָכדעם פאַרלאָרען צו די אידען (חולין ס׳ ע״ב).

מיט דריי הונדערט יאָר שפּעטער האָט דער קעניג פון עמון פאַרפירט אַ קריג קעגען די אייניגע אידישע שבטים, וועלכע האָבען זיך באַזעצט אויף די דאָזיגע לענדער. ווען יפתח, דער אידישער שופט, פרעגט אים אין אַ בריוו: „מה לי ולך כי באת אלי להלחם בארצי״ — וואָס ווילסטו פון מיר, וואָס דו ביזט געקומען מלחמה צו האַלטען מיט מיין לאַנד? ענטפערט אים דער קעניג

פון עמון: „כי לקח ישראל את ארצי בעלותו ממצרים" — ווייל די אידען האָבען צוגענומען מיין לאַנד, ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים. „ועתה השיבה אתהן בשלום" — און איצט קער זיי מיר אום צוריק, אויב דו ווילסט שלום.

יפתח, אין זיין ענטפער, ציטירט די היסטאָרישע דאָקומענטען פון דער היינטיגער סדרה, וואו עס ווערט קלאָר באַוויזען, אַז די אידען זיינען געקומען אין באַזיץ פון די לענדער מיט רעכט, און ער פירט אויס מיט אַ שאַרפער פּאָלע־מישער פראַגע: „בשבת ישראל בחשבון ובבנותיה ובערעור ובבנותיה ובכל הערים אשר על ידי ארנון, שלש מאות שנה, ומדוע לא הצלתם בעת ההיא?" — ווען די אידען האָבען זיך באַזעצט אין חשבון און אירע געגענטען, אין ערעור און אירע געגענטען און אין אַלע שטעט אַרום דעם ארנון, מיט דריי הונדערט יאָר צוריק, וואָרום האָט איר דעמאָלט ניט געראַטעוועט דאָס לאַנד? אַז אייך האָט דעמאָלט ניט אינטערעסירט צוריקצוקריגען די געגענטען, האָט איר פאַרלאָרען אייערע פּאָליטישע רעכט איבער זיי.

כאָטש די אידען האָבען געהאַט דאָס פולע רעכט צו באַפאַלען דעם אמורי און פון אים אַוועקנעמען די לענדער, האָבען זיי זיך אָבער לכתחילה געווענדעט צו אים אויף אַ פרידליכען אופן, אַז ער זאָל זיי בלויז לאָזען דורכגיין דאָס לאַנד. אידען זוכען אימער אויסצומיידען קריג. שלום איז אַזאַ מצוה, וואָס מען ברויכט זיך נאָכיאָגען נאָך איר. סיחון איז אָבער אַרויס קעגען זיי אין אַ מלחמה און ער האָט געכאַפּט אַ גרויסע מפלה. אויך עמון פון דער היינטיגער הפטרה איז באַזיגט געוואָרען פון יפתח און דער עבר הירדן איז פאַר אייביג פאַרבליבען אַ טייל פון דער אידישער מדינה.

# בלק

## א.

### העצעס קעגען אידען בייטען זיך ניט

**וירא בלק את כל אשר עשה ישראל לאמורי.**

„נוח לרשעים שיהיו סומין, שעיניהם מביאים מארה לעולם״ — עס וואָלט פיל גלייכער געווען פאַר די רשעים צו זיין בלינד, ווייל זייערע אויגען ברענגען אַ קללה אויף דער וועלט (ילקוט שמעוני רמז תשס״ח).

נאָך דעם גרויסען זיג וואָס די אידען האָבען געהאַט איבער די אַרמייען פון סיחון און עוג, די קעניגע פון אמורי און בשן, איז דער נאָענטסטער וועג צו ארץ כנען פאַר זיי געווען דורכצוגיין דאָס לאַנד פון מואב. זיי טוען עס אָבער ניט און אָנשטאָט דעם לייגען זיי גאָר אָן וועג. „ויסעו ויחנו בערבות מואב״, זיי רייזען ווייטער און שטעלען זיך אָפּ אין די וויסטענישען אַרום מואב און קומען ניט נאָענט צום לאַנד. ג׳ האָט אָנגעזאָגט משה׳ן: „אל תצר את מואב ואל תתגר בם מלחמה״ — דו זאָלסט ניט באַלאַגערען מואב און זאָלסט מיט זיי ניט פאַרפירען קיין קריג. און די אידען פאָלגען אויס דעם באַפעל.

צו יענער צייט האָט אין מואב אָנגעהויבען שפּילען אַ ראָלע אַ קליינער נסיך (אָפּיצער) פון עמון מיט דעם נאָמען בלק בן צפּור, וועלכער האָט געדינט אין דער אַרמיי פון סיחון און האָט געזוכט צו פאַרכאַפּען די ממשלה פון לאַנד. כדי וואָס גיכער צו קומען צו זיין ציל נוצט ער אויס די מורא, וואָס די מואבים האָבען געהאַט פאַר די אידען און העצט דאָס פאָלק קעגען זיי. ער ווענדט זיך צו דעם באַקאַנטען אידען־פרעסער בלעם (שבלע עם, סנהדרין ק״ט) און לאַדט אים איין, ער זאָל קומען קיין מואב און אָנפירען אַן אַגיטאַציע קעגען די אידען. „לכה נא ארה לי את העם״ — גיי שילט פאַר מיר דאָס פאָלק, שלאָגט ער אים

פאַר; פאַרשפּרייט קעגען זיי אַלערליי בלבולים און ליגענס, „ואגרשנו מן הארץ", כדי איך זאָל אים קאָנען פאַרטרייבען פון לאַנד און פאַרכאַפּען זיין גרויס פאַרמעגען.

דער צונג איז שאַרפער פאַר דעם שווערד. די גיפטיגע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס בלק פירט אָן, מאַכט אַ שטאַרקען רושם אויף די מואבים. אַלע פינסטערע כוחות אין לאַנד פאַראייניגען זיך אַרום אים. ובלק בן צפור מלך למואב בעת ההיא" — און דער אידען־פרעסער בלק ווערט דער קעניג פון מואב אין יענער צייט. „כל המצר לישראל נעשה ראש" — ווער עס דריקט די אידען ווערט דערהויבען. זיין גיפטיגע אַגיטאַציע קעגען זיי פירט אים צום טראָן (במד"ר כ").

די פאַרלוימדונגען און בלבולים מיט וועלכע בלק העצט זיין פאָלק און דאָס נאָכבאַר־לאַנד מדין קעגען די אידען זענען גוט באַקאַנט אין דער אידישער געשיכטע. זיי בייטען זיך קיינמאָל ניט, זיי זענען דיזעלבע מיט וועלכע פרעה האָט זיך באַנוצט הונדערטער יאָרען פאַר אים, אויך המן מיט טויזענטער יאָרען נאָך אים, און ווערען נאָך ביז היינטיגען טאָג איבערגע׳חזר׳ט פון אַלע יודאָפאָבען און אַנטיסעמיטען אין אַלע לענדער און אַלע צייטען. זיי ווערען איינגעטיילט אין דריי הויפּט־טיילען:

א. „הנה עם יצא ממצרים" — זעט נאָר, אַ פאָלק איז אַרויס פון מצרים, האָט אָפּגעלעבט אַזויפיל יאָרען אין אַ לאַנד, וואו עס האָט אים קיין זאַך ניט געפעלט, און פּלוצלינג הויבט עס זיך אויף און פאַרלאָזט עס. „כשירדו למצרים קבלם פרעה בסבר פנים יפות והושיבם במיטב הארץ וזן אותם בשני הרעבון, ולבסוף וינצלו את מצרים וברחו להם" — ווען זיי האָבען צוערשט אַרונטערגעני־דערט אין מצרים האָט זיי פרעה אויפגענומען מיט גאַסטפריינטשאַפט. ער האָט זיי באַזעצט אין גושן, דעם בעסטען טייל פון לאַנד, און האָט זיי געשפּייזט דורך די הונגער־יאָרען. און וואָס איז געוועזען דער סוף? זיי האָבען אויסגעליידיגט מצרים פון אַלע אירע רייכטימער און זענען אַנטלאָפען (מדרש אסתר).

כאָטש זיי האָבען נאָך קיין אייגען לאַנד ניט און וואַנדערען אַרום אין דער מדבר, אין דער פרעמד, רופט עס זיך שוין אָן „עם", אַ פאַראייניגט פאָלק, וואָס זוכט איבעראַל זיינע אייגענע בענעפיטען. אַזוי האָט אויך געטאָן פרעה: אויף זיין „הבה נתחכמה" מיטינג, וואָס ער האָט צוזאַמענגערופען צו פאַרהאַנדלען די אידען־פראַגע, קומט ער אַרויס מיט דעמזעלבען לשון: „הנה עם בני ישראל רב" — דאָס אידיש פאָלק איז גרויס. כאָטש עס וואוינט ביי אונז, איז עס אָבער

אַן „עם", אַ פֿאַראייניגט פֿאָלק, אָפּגעזונדערט פֿון אונז און זוכט אונז צו שטערן אין אַלע אונזערע אונטערנעמונגען.

המן הרשע טענה'ט אויך דאָס זעלבע: אין זיין אינטערפּעלאַציע צום קעניג אחשורוש וועגן די אידען שילדערט ער זיי בזה הלשון: „ישנו עם אחד מפוזר ומפרד בין העמים בכל מדינות מלכותך" — עס איז דאָ אַ פֿאָלק, וואָס כאָטש עס איז צעשפּרייט און פֿאַנאַנדערגעטיילט צווישען די פֿעלקער אין אַלע מדינות פֿון דיין קעניגרייך, איז עס דאָך אַן „עם אחד", אַ פֿאַראייניגט פֿאָלק, וואָס קאָנקורירט מיט אַלע דיינע פֿעלקער אין אַלע מדינות און זוכט צו פֿאַרכאַפּען אַלץ וואָס זיי קאָנען.

ב. „הנה כסה את עין הארץ" — עס פֿאַרדעקט די שיין פֿון דעם לאַנד. זיין צווייטע העצע קעגען די אידען איז דער גוט-באַקאַנטער בלבול, אַז דער איד איז שטיין-רייך, אַז וואו ער קומט פֿאַרכאַפּט ער די שענסטע פּלעצער. ער באַהערשט די אינדוסטריע פֿון לאַנד און פֿאַרנעמט די בעסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

דעם דאָזיגען בלבול מאַכט אויך פּרעה. ער זאָגט: „עם בני ישראל רב ועצום ממנו — כל עצומיו ממנו באו לו" — דאָס אידיש פֿאָלק ווערט גרויס און שטאַרק און זיין רייכקייט קומט אים „ממנו", פֿון אונז, פֿון באַרויבען די איבעריגע איינוואוינער פֿון לאַנד (תנחומא שמות).

אויך המן באַנוצט זיך מיט דעם זעלבען פּזמון. ער זאָגט צו אחשורוש'ן: „דתיהם שונות מכל עם, שמכניסים פּחת בממונו של עולם" — זייערע געזעצען און אויפפירונגען זענען פֿאַרשיידען פֿון די ווי ביי אַנדערע פֿעלקער, זיי ברענגען אַריין אַ דעפּרעסיע אין דער עקאָנאָמיע פֿון דער וועלט (ילקוט שמעוני רמז תתרנ"ה).

ג. „והוא יושב ממולי" — ער זיצט קעגען מיר. זיין דריטע העצע באַשטייט אין דעם, וואָס ער וואַרפֿט אַ חשד אויף די אידען, אַז זיי זיינען ניט געטריי דעם לאַנד וואו זיי וואוינען. ער זאָגט: תמיד איז ער קעגען מיר און איז מיין פּאָליטישער קעגנער. אים געפֿעלען ניט די אָרדענונגען אין לאַנד און איז איבעראַל אין דער אָפּאָזיציע, שטיצט ליבעראַלע פּאַרטייען און נעמט אַ גרויסען אַנטייל אין אַלע ראַדיקאַלע באַוועגונגען.

אויך פּרעה שטראַשעט און שרעקט זיין פֿאָלק מיט דעם זעלבען בלבול. ער פֿאַרזיכערט זיי, אַז „כי תקראנה מלחמה ונוסף גם הוא על שונאינו ונלחם בנו" — אויב עס וועט אויסברעכען אַ מלחמה קעגען דעם לאַנד, וועלען די

אידען צושטיין צו דעם שונא און ווע‎לען אונז באַקעמפּען. זיי זענען ניט געטריי און מיר דאַרפען זיך פאַר זיי היטען. דאָסזעלבע באַהויפּטעט אויך המן מיט טויזענטער יאָרען שפּעטער. ער זאָגט צו אחושורוש׳ן: „ודתי המלך אינם עושים, אין משמרים לא קלנדס ולא סטרלינא ומבזים מועדך״ — די געזעצען פון דעם קעניג פירען זיי ניט אויס, זיי היטען ניט די פּאַטריאָטישע פייערטעג פון דער מלוכה און לאַכען זיך פון זיי אויס (מ״ד).

„וירא בלק בן צפור את כל אשר עשה ישראל לאמורי״ — און בלק דער זון פון צפור האָט געזען אַלץ וואָס אידען האָבען געטאָן צו דעם אמורי. וואָס דער אמורי האָט געטאָן צו די אידען, זאָגט הרב יצחק ניסענבוים ע״ה, דאָס זעט בלק ניט, דאָס וויל ער ניט זען. אין דעם באַשטייט דער אָנפאַנג און דער סוף פון דער שרעקליכער „שנאת עולם לעם עולם״, די אייביגע פיינטשאַפט צו דעם אייביגען פאָלק. די קליינע עוולות וואָס די אידען טוען צו אַנדערע זעט מען און מען געדענקט זיי; די גרויסע עוולות, וואָס אַנדערע טוען צו די אידען, דאָס וויל מען ניט זען, דאָס פאַרגעסט מען.

און דער מדרש באַמערקט אויף דעם: „על אלה נאמר תחשכנה עיניהם מראות״, וואָלטען זייערע אויגען פינסטער געוואָרען פון צו זען. „נוח לרשעים שיהיו סומין״, עס וואָלט גלייכער געווען, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט צו די אידען וואָלטען זיי בלינד געווען, „שעיניהם מביאים מארה לעולם״, ווייל מיט זייערע שלעכטע אויגען ברענגען זיי אַ קללה אויף דער וועלט (ילקוט שמעוני). אַלע וועלט־מלחמות און גרויסע צעשטערונגען הויבען זיך געוויינליך אָן מיט פאַרשפּרייטען האָס צו די אידען. דאָס פייער אָבער פון די גרויזאַמע רציחות קעגען אונז פאַרצערט ניט נאָר אונזער אָרעם פאָלק, עס פאַרשפּרייט זיך און מאַכט חרוב די גאַנצע וועלט.

---

# הפטרה

## דער אונטערשייד פון אונזערע און זייערע נביאים

**עמי זכר נא מה יעץ בלק ומה ענה אותו בלעם.**

„ראה מה בין נביאי ישראל לנביאי עובדי אלילים? נביאי ישראל מזהירים את האומות על העבירות, ונביאם העמיד פרצה לאבוד עת הבריות מן העולם״ —

זע דעם אונטערשייד פון די אידישע נביאים און די נביאים פון די, וואָס דינען אַפּגעטער? די אידישע נביאים וואָרנען די פעלקער וועגען זייערע זינד, און זייערע נביאים פאַראורזאַכען אַ קאַטאַסטראָפע צו פאַרטיליגען מענשען פון דער וועלט (ילקוט שמעוני רמז תשס״ה).

זעענדיג דעם ביטערען סוף, וואָס סיחון מלך האמורי און עוג מלך הבשן האָבען געהאַט אין זייער קאַמף קעגען דאָס פאָלק ישראל, האָט בלק מורא גע־האַט אַרויסצוגיין אין אָפענער שלאַכט מיט די אידען. גלויבענדיג שטאַרק אין דעם כוח פון כישוף, האָט ער געשיקט נאָך דעם גרעסטען מכשף פון זיין צייט, בלעם דער זון פון ,בעור און אים אָנגעבאָטען אַ גרויסע באַלוינונג, אויב ער וועט שילטען די אידען און דערמיט אָפּשוואַכען זייערע אַרמייען, כדי ער זאָל זיי קאָנען גרינג באַזיגען.

די אוראַלטע פעלקער האָבען שטאַרק געגלויבט, אַז די קללות און באַ־שווערונגען פון זייערע מכשפים און גייסטליכע ווערען מקוים און האָבען בכח צו צעשטערען זייערע שונאים. אין די אַרכיוון פון די אַלטע רוימער געפינט זיך אַזאַ באַשווערונג, וועלכע זייערע מכשפים און גייסטליכע פלעגען מאַכען, איידער זיי זיינען אַרויס אין שלאַכט קעגען אַ שונא: „איך באַשווער דיר, יופּיטער מיין גאָט, אַז דו זאָלסט אַריינברייגנען אַ שוואַכקייט אין די הערצער פון די אַרמייען, וואָס גייען איצט אַרויס אין מלחמה קעגען אונז. דו זאָלסט אויף זיי אַרויפוואַרפען אַ שרעק, אַז זיי זאָלען פון אונז אַנטלויפען אין זיבען וועגען. זאָלען זיי ווערען פאַרשאָלטען פון איצט ביז אייביג. זייט עדות, מיין רוימישער פאָלק, אַז איך האָב היינט מקדיש געווען אונזערע שונאים צו אונזער גאָט יופּיטער, און איך בין מנדר צו ברייגנען קרבנות דריי שוואַרצע שעפּסען, אויב מיר וועלען זיך צוריקקערען בשלום פון דער מלחמה אַלס זיגער (מאקראבי, סאַטורנאַל ליב 3, קאַפּ. 9).

בלק האָט שטאַרק געגלויבט אין דעם כח פון בלעמ׳ס כשוף, ווי ער זאָגט אים: „כי ידעתי את אשר תברך מבורך ואשר תאר יואר״ — ווייל איך ווייס, אַז וועמען דו בענשט בלייבט געבענשט, און וועמען דו שילסט, ווערט פאַר־שאָלטען (במדבר כ״ב ו׳). ער איז געווען גרייט צו טאָן אלץ, וואָס בלעם וועט אים הייסען, אַבי צופרידענשטעלען זיין ג׳ און אים באַוועגען צו טאָן זיין פאַרלאַנג, ווי עס ווערט געשילדערט אין דער היינטיגער הפטרה. בלק פרעגט בלעמ׳ן: „במה אקדם ה׳, אכף לאלקי מרום״, מיט וואָס קאָן איך באַגעגענען ג׳ און באַוועג־

געגן דעם ג׳ פון די הימלען? „האקדמנו בעולות, בעגלים בני שנה?״, זאָל איך אים קעגענגיין מיט גאַנץ־אָפּפּערס, מיט קעלבער פון איין יאָר אַלט? „הירצה ה׳ באלפי אילים, ברבבות נחלי שמן?״, וויל אפשר ג׳ טויזענטער, באַראַנען, צענדליגער טויזענטער מעסטלעך בוימעל? „האתן בכורי פשעי, פרי בטני חטאת נפשי?״, אָדער זאָל איך גאָר געבען מיין ערשט געבוירענעם פאַר מיין זינד, די פרוכט פון מיין בויך פאַר די זינד פון מיין נשמה?

בלעם הייסט אים וואַרטען און ער וועט זיך די נאַכט דורכריידען מיט ג׳. אויך ער האָט געוואָלט פאַרניכטען די אידען און האָט טאַקע געהאָפּט, אַז זיין ג׳ וועט זיך לאָזען אונטערקויפען פאַר די גרויסע מתנות, וואָס בלק וויל אים געבען. ער הערט אָבער פון ג׳ די ווערטער „לא תלך״, דו זאָלסט ניט גיין, „לא תאר את העם כי ברוך הוא״ — דו זאָלסט ניט שילטען דאָס פאָלק, ווייל ער איז געבענשט. בלעם גיט זיך ניט אונטער. זיין שנאה צו די אידען איז אַזוי גרויס ווי די פון בלק׳ן. ער בעט זיך ביי ג׳ ער זאָל אים לאָזען גיין און פאַרשפּרעכט אים צו רעדען נאָר די ווערטער, וואָס ער וועט אים אַריינלייגען אין מויל אַריין.

מיט דער האָפענונג, אַז אפשר וועט אים דאָך געלינגען צו באַוועגען ג׳, ער זאָל אים לאָזען שילטען די אידען, הייסט ער בלק׳ן צו בויען פאַר אים זיבען מזבחות און אָנגרייטען זיבען אָקסען און זיבען באַראַנען פאַר קרבנות. עס העלפט אָבער ניט. ווי ער עפענט זיין מויל צו ריידען, קומען גאָר אַרויס לויב־געזאַנגען און ברכות אויף די אידען. פון אַלע שיינע דרשות, וואָס בלעם האָט געהאַלטען האָט אַרויסגעקלונגען, ווי דער נביא באַהויפּטעט, דער פאָלגענדער געדאַנק: „הגיד לך אדם מה טוב, ומה ה׳ דורש ממך? כי אם עשות משפט, ואהבת חסד, והצנע לכת עם אלקיך״ — האָט דיר ווען אימיצער געזאָגט וואָס איז גוט און וואָס גאָט פאַרלאַנגט פון דיר? בלויז צו טאָן גערעכטיגקייט, ליב האָבען גענאָד און גיין שטיל מיט דיין גאָט?

לויט דער טראַדיציע האָט בלעם געראָטען בלק׳ן ער זאָל באַפריינדען די אידען און זיי זוכען צו געווינען דורך די שיינע פרויען פון די מואבים. קוים וועלען אידען זיך אָנפאַנגען צו קערען צו די „בנות מואב״, די טעכטער פון מואב, וועט שוין אויך קומען דער „וישתחו לאלקיהן״, זיך צו בוקען צו זייערע געטער. אָט וועגען דער פינסטערער עצה, וואָס האָט טאַקע נאָכדעם געפירט צו טרויעריגע רעזולטאַטען, באַמערקט דער מדרש: זע דעם אונטערשייד פון די אידישע

נביאים און די נביאים פון די אָפּגעטער. די אידישע נביאים שטראָפען די פעל־
קער פאַר זייערע עבירות און ווילען, אַז זיי זאָלען ווערען בעסער און איידעלער,
כדי זיי זאָלען קענען לעבען שענער און פרייער. זייערע נביאים אָבער זוכען
צו ברייגגען קאַטאַסטראָפעס און מלחמות „לאבוד את הבריות מן העולם״, צו
פאַרטיליגען די מענטשהייט פון דער וועלט.

ב.

## די בלעמ׳ס שרעקען זיך פאַר דער אידישער צוקונפט

**אולי אוכל להלחם בו וגרשתיו.**

„בלעם שנא את ישראל יותר מבלק. בלק אמר ואגרשנו מן הארץ, והוא אומר „וגרשתיו״ מן העולם הזה ומן העולם הבא״ — בלעם האָט פיינט געהאַט די אידען מער ווי בלק. בלק האָט געזאָגט: איך וויל אים פאַרטרייבען פון מיין לאַנד, אָבער ער זאָגט: איך וויל אים אינגאַנצען פאַרטרייבען — פון דער־וועלט און פון יענער־וועלט (מדרש תנחומא).

די ווילדע שנאה, וואָס די פעלקער פון דער וועלט ווייזען אַרויס צו די אידען, ווערט אין דער העברעאישער ליטעראַטור באַצייכענט מיט׳ן נאָמען: „שנאת עולם לעם עולם״ — די אייביגע שנאה צום אייביגען פאָלק. אָנגעהויבען האָט זיך די שנאה נאָך מיט׳ן ערשטען אידען, ווי דער מדרש באַמערקט, איבער אונזער פאָטער אברהם: „למה נקרא שמו אברהם העברי״? — וואָרום ווערט ער אָנגערופען מיט דעם נאָמען „עברי״, וואָס מיינט איינער, וואָס קומט פון דער צווייטער זייט? „מפני שכל העולם כולו מעבר אחד והוא מעבר אחד״ — ווייל די גאַנצע וועלט איז אויף איין זייט און ער איז אויף דער צווייטער זייט (ב״ר מ״ה). איבעראַל ווערט ער באַטראַכט פאַר איינעם, וואָס קומט פון אַן אַנדער זייט, און די גאַנצע וועלט איז קעגען אים.

אָט די פאַרביסענע שנאה צו אידען האָט אין די לעצטע יאָרהונדערטער באַקומען דעם אַקאַדעמישען נאָמען „אַנטיסעמיטיזם״, וואָס מיינט קעגנערשאַפט צו דער סעמיטישער ראַסע. די שאָוויניסטישע געלערענטע פון דייטשלאַנד און די יודאָפאָבען פון פראַנקרייך, וועלכע האָבען זיי נאָכגעפאָלגט, האָבען געשאַפען

אַ ווילדע טעאָריע, וואָס טיילט איין די וועלט אין העכערע און נידעריגע ראַסען, און אַזוי ווי די סעמיטישע ראַסע איז, לויט זייער באַהויפּטונג, פון אַ נידעריגען שטאַנד, קאָן מען ניט פאַרדענקען די העכערע ראַסען פון אייראָפּע פאַר זייער פיינטשאַפט צו אידען, ווייל זיי זיינען פון נאַטור „אַנטיסעמיטען" — קעגנערס פון דער סעמיטישער ראַסע. דער פראַנצויזישער היסטאָריקער ערנסט רענאַן, וועלכער איז אגב אַליין געווען אַ היפּשער שונא ישראל, באַמיט זיך אין זיינע ביכער איבער דער אידישער געשיכטע צו באַווייזען, אַז די שנאה צו אידען איז ניט אַ נאַציאָנאַליסטישע אָדער רעליגיעזע, נאָר אַ ראַסישע.

דער ציוניסטישער פירער וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, ע"ה, אין זיין לעצטען בוך: „די מלחמה און די אידען", וואַרפט אָפּ די גאַנצע טעאָריע פון ראַסנפאַרשידענקייט און טיילט איין דעם אַנטיסעמיטיזם אין צוויי פאַרשידענע קאַטעגאָריעס:

„איינע — אַ סוביעקטיווע", אַ פערזענליכע, און די צווייטע — אַן „אָבּיעקטיווע", אַ זאַכליכע. דער סוביעקטיווער אַנטיסעמיט האָט פיינט דעם אידען אָן אַ פאַרוואָס. זיין שנאה נעמט זיך פון פאָרגעפיל, וואָס רעכענט זיך ניט מיט קיינע פאַקטען און וויל ניט וויסען פון קיינע קאָנסעקווענצען. דער נאָמען איד אַליין רופט אין אים אַרויס אַ ווידערווילען, אָדער אַן עקעל, וואָס ווערט אָפּט מאָל פאַרוואַנדעלט אין אַ ברענענדען האַס און אין אַ סאַדיסטישער תאווה אים צו פאַרברענען און פאַרניכטען. דידאָזיגע קאַטעגאָריע באַשטייט מערסטענס פון די זאָגענאַנטע אינטעלעקטואַלען און געלערנטע, וועלכע זיינען שאָוויניסטיש פאַרבלענדט פון זייער אייגענער קולטור, וואָס זיי באַטראַכטען אַלס די אַלערהעכסטע.

„דער אָביעקטיווער אַנטיסעמיט ווערט ניט באַהערשט פון אַ ווילדען פאָרגעפיל קעגען דעם אידען. זיין שנאה צו אים נעמט זיך פון אַ באַשטימטער סיבה און פון געוויסע אומשטענדען. ער האָט פיינט דעם אידען, ווייל ער האָט מורא פאַר אים, ווייל ער זעט אין אים אַ פעאיגען קאָנקורענט — אַ מענשען וואָס איז עלול צו פאַרכאַפּען די בעסטע פּאָזיציעס אין לאַנד און אים באַזיגען און אַרויסשטויסען. די קאַטעגאָריע באַשטייט מערסטענס פון די מיטעלקלאַסען, אָדער זאָגאַר אַרבייטער, וועלכע דענקען, אַז דער איד איז אַ גרויסער שטער צו זייער אייגענעם עקאָנאָמיש־סאָציאַלען וואוקס. זייער האַס צום אידען איז ניט אַ טיף־איינגעוואָרצעלטער. זיי טראָגען ניט קעגען אים אַן אומבאַגרעניצטע שנאה, וועלכע שפרייט זיך אויס אויך אין די אַנדערע לענדער. זיי ווילען אים

בלויז ניט האָבען לעבען זיך און וואָלטען וועלען ער זאָל זיי פאַרלאָזען און גיין ווייטער."

די דאָזיגע צוויי קאַטעגאָריעס פון אַנטיסעמיטיזם ווערען פאַר אונז פאָרגע־שטעלט אין היינטיגער סדרה אין די פערזאָנען פון „בלק" און „בלעם". בלק איז דער פּראָטאָטיפּ פון דעם אָביעקטיווען אַנטיסעמיט. זיין שנאה צו דעם אידי־שען פאָלק נעמט זיך פון דער מורא פאַר דעם „עתה ילחכו הקהל את כל סביבותינו" — איצט וועט אָט די געמיינדע פאַרצערען אַלץ, וואָס איז אַרום אונז. ער שרעקט זיך פאַר דער אידישער קאָנקורענץ. ער זעט: „הנה עם יצא ממצרים" — אַ פאָלק איז אַרויס פון מצרים, די שטאַרקסטע און מעכטיגסטע מדינה אין יענער צייט, „הנה כסה את עין הארץ" — ער פאַרדעקט די שיין פון דעם לאַנד. מיט זיינען גרויסע אַרמייען האָט פרעה ניט געקאָנט אָפּהאַלטען די „יציאה" — דאָס אַרויסגיין פון זיין לאַנד. און אַז ער איז אים נאָכגעלאָפען און געוואָלט אים מיט געוואַלד צוריקברענגען, האָט ער געכאַפּט אַ גרויסע מפּלה. האָבען זיך די קעניגען סיחון און עוג געשטעלט אין זיין וועג, האָט ער זיי לייכט באַזיגט און פאַרנומען זייערע לענדער. „והוא יושב ממולי" — און איצט האָט ער זיך באַזעצט קעגען מיר. „ויגר מואב מפני העם" — און מואב דער־שרעקט זיך פאַר דעם פאָלק.

גלויבענדיג שטאַרק אין דעם כוח פון כישוף, שיקט ער נאָך דעם גרעסטען מכשף פון זיין צייט, בלעם, דער זון פון בעור, און באַט אים אָן אַ גרויסע באַלוי־נונג, אויב ער וועט שעלטען די אידען און זיי אָפּשוואַכען, „אולי נכה בו ואגרשנו מן הארץ" — פיללייכט וועל איך אים קאָנען שלאָגען און אים פאַרטרייבען פון מיין לאַנד. ער זוכט ניט אומצוברענגען דאָס גאַנצע פאָלק. ער וויל אים בלויז ניט האָבען ביי זיינע גרעניצען, ווייל ער האָט מורא פאַר אים. בלעם איז אָבער געווען אַ סוביעקטיווער אַנטיסעמיט, אַ פאַרביסענער שונא ישראל. לויט דער גמרא, איז ער געווען איינער פון די הויפּט ראַטגעבער אויף דעם „הבא נתחכמה" מיטינג, וואָס פרעה האָט גערופען צו באַראַטען זיך וועגען די אידען (סנהדרין ק"ו). ער איז עס געווען דער, וואָס האָט געהייסען די אידישע זין וואַרפען אין טייך אַריין און אָנשטעלען „נוגשים" צו צווינגען זיי, אַז זיי זאָלען טאָן שקלאַפען־אַרבייט פאַר דער מלוכה, כדי זיי זאָלען אָפּגעשוואַכט ווערען און זיי זאָלען ביס־לאַכוויז אויסשטאַרבען.

שפּעטער־צו, ביי דער מלחמה מיט עמלק'ן, שטייט געשריבען: „ויבא

עמלק״ — און עמלק איז געקומען מלחמה צו האַלטען מיט די אידען. פרעגט דער מדרש: — פון וואַנען איז ער געקומען? וואָס האָט פּאַסירט, אַז עמלק זאָל פּלוצלינג באַפאַלען די אידען און פאַרפירען אַ שלאַכט מיט זיי? און דער ענטפער איז: „מאצל בלעם הרשע בא״ — ער איז געקומען פון דעם שלעכטען בלעם, מיט וועלכען ער האָט זיך געהאַלטען עצות, און יענער האָט אים אויפגע־רייצט קעגען די אידען (מדרש רבה). איצט, אַז בלק האָט אים געשיקט רופען, איז ער געווען צופרידען מיט דער געלעגענהייט צו קאָנען שלעכטס טאָן זיין פאַר־האַסט פאָלק. כאָטש בלק האָט פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל בלויז העלפען אים צו פאַרטרייבן די אידען פון זיין לאַנד, האָט ער דוקא געוואָלט זיי איינגאַנצען פאַרניכטען. אין זיין ענטפער אויף דער פראַגע פון ג׳: „מי האנשים האלה עמך?״ — ווער זיינען עס די מענשען ביי דיר? זאָגט ער אים, אז זיי זיינען שלוחים פון בלק, דעם קעניג פון מואב, וועלכע זיינען געקומען אים בעטען, אַז מיט זיין כשוף זאָל ער אים העלפען באַקעמפען דאָס אידיש פאָלק, „וגרשתיו״ — און אים אינגאַנצען פאַרטרייבען, אַז ער זאָל מער קיין תקומה ניט האָבען (תנחומא).

די אַנטיסעמיטען פון דער סוביעקטיווער קאַטעגאָריע רעדען קיינמאָל ניט קעגען די אידען אויס דעם שטאַנדפּונקט פון זייער אייגענער נאַציע. ביי זיי איז די שנאה צו די אידען אַן אינטערנאַציאָנאַלע. זיי באַהויפּטען, אַז די אידען זיינען אַ שטער פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט און אַז דער איינציגער וועג, ווי אַזוי די פראַגע קאָן פאַרענטפערט ווערען, איז צו מאַכען די וועלט „יודענריין״. אויך בלעם, זאָגען די חכמים, האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט דערזעלבער פיינ־סטערער אידייע. ער זאָגט צו ג׳: אין דער איינלאַדונג, וואָס איך האָב געקראָגען פון בלק׳ן, שרייבט ער מיר: „שלא תהא סבור שלעצמי בלבד אתה עושה ואני מכבדך״ — דו זאָלסט ניט דענקען, אַז דו וועסט עס טאָן פאַר מיין אייגענער טובה אַליין, און בלויז איך וועל די דערפאַר באַלוינען.

„אם תעקרם, מכל האומות אתה מתכבד״ — אויב דו וועסט זיי אויסרייסען און פאַרניכטען, וועסטו באַלוינט ווערען פון אַלע פעלקער (מדרש תנחומא). ווי ווייט זעענד זיינען געווען די אויגען פון אונזערע חכמים! זעען מיר דען ניט איצט, אַז בדיעבד זיינען אפילו די זאָגענאַנטע דעמאָקראַטישע פעלקער העכסט צופרידען מיט דער אידישער אויסראָטונג, וואָס היטלער, ימח שמו, האָט אָנ־געפירט?

איבערהויפּט שרעקען זיך די בלעמ׳ס פאַר דער אידישער צוקונפט. ער

זאָגט: „אראנו ולא עתה, אשורנו ולא מקרב" — איך זע אים ניט פון היינט, איך קוק אויף אים ניט פון דער נאָענט; דער היינט, די געגענוואַרט פון דעם אידען איז טאַקע אַ טרויעריגע, אָבער זיין צוקונפט וועט זיין אַ גלענצענדע. אָדער ווי רש"י לערענט דעם פשט פון פסוק: „רואה אני שבחו של יעקב וגדולתו, אך לא עתה לאחר זמן" — איך זע דעם ווערט פון יעקב'ן און זיין גרויס־קייט, אָבער ניט פון איצט, נאָר פון דער ווייטער צוקונפט. שטודירענדיג די אידישע פאַרגאַנגענהייט, ווערען אונזערע שונאים דערשטוינט אויף דעם פאַקט, אַז מיט זיין גאַנצער קליינקייט און שוואַכקייט פאַרנעמט דאָס אידיש פאָלק, פּראָפּאָרציאָנעל, אַ פיל גרעסערען פלאַץ אין דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט ווי די גרויסע און מעכטיגע פעלקער פאַרנעמען.

ווער רעדט אין די העכערע וועלטען, אין די גייסטיגע און קולטורעלע אויפטוען, פאַרנעמען די אידען דעם אויבענאָן אין דער געשיכטע. די גייסטרייכע לערען פון דער אידישער תורה זיינען נאָך אַלץ די הויפּט קוואַלען, פון וועלכע די רעליגיעס פון הונדערטער מיליאָנען מענשען אין דער וועלט שעפּען זייער גייסטיגע יניקה. אירע גרויסע נביאים פון אַמאָל דינען נאָך איצט אַלס די מאָראַל־פּרעדיגער פון דער גאַנצער מענשהייט. אויב דער היינט, דער איצט פון דעם אידישען פאָלק, איז פאַרנעפּעלט און פאַרוואָלקענט, וועט אָבער זיין מאָרגען, זיין צוקונפט, זיין קלאָר און ליכטיג. „לא נברא העולם הבא אל בשביל ישראל" — די קומענדיגע וועלט איז ניט באַשאַפען געוואָרען נאָר צוליב אידען. די גוים מיט זייער אימפּעריאַליזם, מיט זייער שווערד־פּאָליטיק וועלען קיין צוקונפט ניט האָבען, בלויז דער איד מיט זיין פילאָסאָפיע פון „לא בחיל ולא בכוח כי אם ברוחי" — ניט מיט ברוטאַלער קראַפט און ניט מיט פיזישע כוחות, נאָר מיט דעם גייסט פון דער געטליכקייט וועט אויפגעהאַלטען ווערען דער קיום פון דער וועלט.

# הפטרה

## דער אידישער שטערען וועט נאָך לייכטען.

**תרום ידך על צריך.**

„חד בר נש אתא לגבי' רבי ישמעאל ברבי יוסי ואמר לו: חזינא בחלמי דבלעתי לחד ככב, אמר: תיפח רוחו דההוא גברא, יהודאי קטל, דרך

ככב מיעקב כתיב", — אַ געוויסער מענש איז געקומען צו רבי ישמעאל, דער זון פון רבי יוסי, און האָט אים דערציילט: איך האָב געזען אין מיין חלום, אַז איך האָב איינגעשלונגען אַ שטערן. האָט רבי ישמעאל געענטפערט: אַרויסגעבלאָזען זאָל ווערען די נשמה פון יענעם מענשען, וואָס האָלט, אַז די אידען זיינען שוין פאַרניכטעט. עס וועט נאָך אַרויסטרעטען אַ שטערען פון יעקב, איז געשריבען (ילקוט שמעוני).

„עס איז פיל גרינגער צו צווייפלען איידער צו גלויבען", זאָגט איינער פון די גרויסע מקובלים. דער גלויביגער מוז באַזיצען אַ שטאַרקען כאַראַקטער און אַן אייזערנעם געדולד, וואָס בויגט זיך ניט צו אומשטענדען און שרעקט זיך ניט פאַר דורכפאַלען. דער, וואָס גלויבט, איז באַגאַבט פון דער השגחה מיט אַן „אספקלריה המאירה", אַ לייכטענדע שפּאַקטיוו, וואָס דרינגט דורך די טיפע וויט־קייט און וויזט אים זיין געווינשטען ציל. דאָס גיט אים מוט און אויסדויער צו קאָנען אַריבערטראָגען אַלע שווערינקייטען און איבערקומען אַלע שטערונגען. דער צווייפלער אָבער דאַרף ניט האָבען אָט די אַלע אייגענשאַפטען. ער איז קורזיכטיג און זעט ניט וויטער פון זיין נאָז. ער קוקט אויף דעם מאָרגען דורך די טונקעלע ברילען פון דעם היינט. אויב ער באַגעגענט שוועריגקייטען אויף זיין וועג, פאַלט ער גלייך אַריין אין אַ יאוש און גיט־אויף אַלע צילען און אַמביציעס.

און ווי עס גייט מיט דעם פּרט אַזוי גייט עס אויך מיט'ן כלל. אַ פאָלק, וואָס ווערט באַהערשט פון אַ שטאַרקען גלויבען אין זיין ג' און האָט אַ באַשטימטען תכלית אין לעבען, פאַרלירט קיינמאָל ניט זיין מוט. ער בויגט זיך ניט צו צייט־וויליגע אומשטענדען און שרעקט זיך ניט אָפּ פאַר פאַרבייגייענדע דורכפאַלען. ער איז מבטל דעם פינסטערען היינט און לעבט מיט דער האָפנונג פון אַ ליכטיגען מאָרגען. אויב דער היינט איז אַ טרויעריגער און דער נאָענטער מאָרגען אַ פאַר־נעפּעלטער, וואַרט ער אויף זיין „מחר לאחר־זמן" — פאַר אַ וויטערדיגען מאָרגען. אויב די קעגענוואַרט איז אַ טראַגישע און איז פול מיט שוידערליכע געשעענישען, ווערט ער אַליין ניט פאַרצווייפעלט און וואַרט אויף דעם „אחרית הימים", אויף דעם סוף פון די שווערע טעג, אויף אַ ליכטיגער און דערפאָלגרייכער צוקונפט.

דיזער געדאַנק ווערט קלאָר אַרויסגעבראַכט אין דעם אויבען־ציטירטען מאמר איבער דער היינטיגער הפטרה. זעענדיג די שווערע לאַגע פון די אידען צווישען די פעלקער, אין דער פינסטערער קעגענוואַרט, ווערט דער פשוט'ער

„בר־נש״ — דער קליינער מענשעלע — פאַרצווייפלט. ער זעט אין זיין שרעק־ליכען חלום „דבלעתי לחד ככב״, אַז דער אידישער שטערן ווערט פאַרשלונגען פון שווערע וואָלקענס און זיין לאַגע איז אַ הילפלאָזע. רבי ישמעאל, דער פאַר־שטייער פון דער אידישער רעליגיע, אָבער, זאָגט וועגען אים: „תיפּח רוחו דההוא גברא״ — די נשמה פון אַזאַ מענשען איז אַרויסגעבלאָזען געוואָרען. ער איז פול מיט יאוש און דענקט „יהודאי קטל״, אַז דאָס אידענטום איז שוין גע׳הרג׳עט און דאָס אידיש פאָלק איז פאַר׳משפּט צום אונטערגאַנג. דער יאוש זיינער נעמט זיך פון קורצזיכטיגקייט. „דרך ככב מיעקב כתיב״ — עס איז גע־שריבען אין אונזער תורה, אַז יעקב׳ס שטערן וועט נאָך אַרויסטרעטען אין זיין פולען גלאַנץ און וועט שיינען אַזוי ליכטיג ווי אַמאָל.

„והיה שארית יעקב בקרב עמים רבים כטל מאת ה׳, כרביבים עלי עשב, אשר לא יקוה לאיש ולא ייחל לבני אדם״ — און דער איבערבלייב פון יעקב צווישען די פיל אומות וועט זיין ווי טוי פון ג׳, ווי שפּריירעגען אויף גראָז, וואָס האָפט ניט אויף אַ מענשען און וואַרט ניט אויף מענשען־קינדער. מעגען די פעלקער דריקען און פאַרפאָלגען די אידען, מעגען זיי זוכען אַלערליי מיטלען ווי זיי צו דערנידריגען און אויסוואָרצלען, זיי וועלען דאָך אויפגעריכט ווערען. זייער ישועה איז ניט געווענדט אָן דעם „חסד לאומים״ — די גוט־האַרציקייט פון די אַנדערע נאַציעס, זי וועט קומען ווי טוי פון די הימלען און ווי אַ שפּריירעגען אויף גראָז, דירעקט פון זיין ג׳ אַליין...

---

ג.

## די אַנטיסעמיטישע שלאַנגען זיינען די זעלבע

**ויּרא את ישראל שוכן לשבטיו.**

„ראה שלא היו מעורבין, אלא כל איש ואיש על מחנהו ועל דגלו״, — ער האָט געזען, אַז זיי זיינען נאָך אַלץ ניט פאַראייניגט און יעדערער האַלט זיך ביי זיין אייגענער גרופּע, ביי זיין אייגענער פאָן (פּסיקתא זוטרתא).

נחום סאָקאָלאָוו ע״ה, אין זיין וואונדערבאַרער עססיי „שנאַת עולם לעם עולם״, פאַרגלייכט דעם אַנטיסעמיטיזם צו אַ שלאַנג מיט צוויי באַזונדערע קעפּ: איינער אַ גראָבער און ברוטאַלער, וועלכער קריכט אַרום אויף דער ערד, נאַרעט

זיך אין אַלע בלאָטעס און זוכט צו פאַרניכטען אַלץ, וואָס שטייט אין זיין וועג. דער צווייטער קאָפּ זעט אויס צו זיין איידעלער און מער עלעגאַנט, שטופּט זיך אין דער הויך און פון צייט צו צייט שטעקט ער אַרויס זיין גיפטיגען צונג קעגען די הימלען. דער פּשוט׳ער אַנטיסעמיט האָט פיינט דעם אידען פאַר זיינע פעאיג־קייטען און שאַרפזין, דער אינטעליגענטנער פאַרהאַסט אים צוליב זיין תורה און אמונה. ביידע האָבען פאַר אים מורא און זוכען אים צו באַקעמפען, דער מיט׳ן קולאַק, אָדער שווערד, און דער מיט׳ן מויל, אָדער פען.

„בלק" און „בלעם" זיינען די פּראָטאָטיפּען פון די צוויי אַנטיסעמיטישע קעפּ פון אַלע דורות און אַלע לענדער. בלק איז דער טיפּ פון דעם פאַשיסטישען אַנטיסעמיט, וואָס שרעקט זיך פאַר דעם „עתה ילחכו הקהל את כל סביבותינו", פאַר די אידישע עקאָנאָמישע דערגרייכונגען. זוכענדיג צו פאַרכאַפּען די מאַכט אין זיינע הענט, סטראַשעט ער זיין פאָלק מיט דעם „הנה עם יצא ממצרים", אַ שטאַרק און מעכטיג פאָלק איז אַרויס פון מצרים און גייט אויף אונז מלחמה האַלטען. „הנה כסה את עין הארץ", ער פאַרדעקט די שיין פון דעם לאַנד; וואו ער קומט פאַרכאַפּט ער די שענסטע פלעצער, באַהערשט די אינדוסטריע און פאַרנעמט די בעסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

„ובלק בן צפור מלך למואב בעת ההיא", — און בלק ווערט דער קעניג פון מואב אין יענער צייט. זיין גיפטיגע אַגיטאַציע קעגען די אידען פירט אים צום טראָן. „כל המצר לישראל נעשה ראש", ווער עס דריקט די אידען, דער ווערט דערהויבען. אַלע פינסטערע כחות אין לאַנד פאַראייניגען זיך צו מאַכען דעם אידענפרעסער פאַר זייער פירער. ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק זצ״ל באַמערקט: „פאַרוואָס ווערט באַלד אין אָנהויב ניט דערמאָנט, אַז ער איז געווען אַ מלך? נאָר, ווי עס ווייזט אויס, איז בלק געקומען צו דער מלוכה נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט געהעצט דאָס פאָלק און געדראָהט מיט דער אידען־געפאַר. נאָך דעם, ווי ער האָט איינגעשראָקען דאָס פאָלק, ערשט דאַן איז ער געוואָרען דער מלך פון מואב".

אַזעלכע אַנטיסעמיטען ווי בלק זיינען פון דעם גרעבערען סאָרט: זייער האַס צו די אידען ווערט אויסגעדריקט אין דעם „אולי אוכל נכה בו ואגרשנו מן הארץ", צו מאַכען פּאָגראָמען און אידישע בלוט־בעדער, באַרויבען זיי פון זייער האָב און גוטס און פאַרטרייבען פון לאַנד. אַ סך געפערליכער אָבער פאַר דעם מין אַנטיסעמיטען זיינען די בלעמ׳ס, די געבעלס און די ראָזענבערגס,

וועלכע זוכען צו פאַרניכטען אויך דעם אידישען גייסט. זיי זוכען ניט בלויז אונ־טערצוגראָבען דעם אידישען מצב אין זייער אייגען לאַנד, נאָר אויך צו פאַר־שפּרייטען אַ שרעקליכען האַס קעגען אידען אין אַלע לענדער און זיי אויסראָטען אַלס פאָלק.

זייער טאַקטיק איז אַ גאַנץ אַנדערע. זיי האָבען געשאַפען דעם זאָגענאַנטען אַקאַדעמישען אַנטיסעמיטיזם. זיי גיבען כלומר׳שט צו, אַז דאָס אידיש פאָלק איז גרויס און שטאַרק פעאיג, אָבער „מברכותיו של אותו רשע אתה יודע מה היה בלבו״, פון די ברכות און לויב־געזאַנגען, וואָס זיי זיינען מכבד דעם אידען, פאַרשטייט מען, וואָס זיי האָבען אויפ׳ן האַרצען (סנהדרין ק״ה ע״ב). ווען נאָר אַן אַנטיסעמיט און אידענפרעסער שטעלט זיך אויף צו לויבען די אידען און באַ־זינגען זייערע גרויסע אויפטואונגען, איז זיין הויפּט־כונה אַרויסצורופען וואָס מער קנאה און שנאה קעגען זיי. מיט׳ן אויפרייסען די אויגען פון די גוים איבער אידישער רייכקייט, גרויסקייט און געלערזאַמקייט, רייצט מען זיי אויף קעגען אונז און זיי פאַרהאַסען אונז נאָך מער. אָט די דאָזיגע אַנטיסעמיטישע טאַקטיק פון בלעמ׳ען ווערט אויסגענוצט קעגען אונז משנים קדמוניות אין אַלע לענדער און איז מער געפערליך פון שימפּווערטער און זידלערייען.

און די צרה איז, אַז זיי וויסען, וואו די שוואַכקייטען פון אונזער פאָלק ליגען, און פון דאָרט אַרויס גרייפען זיי אונז אָן און באַקעמפען אונז. פאַר דער וועלט שרייט מען, אַז אידען בילדען אַ פאַראייניגטע קהלה צווישען זיך, אַז זיי־ערע „זקני ציון„ זיינען ענג פאַרבונדען מיט אַלע טיילען פון פאָלק און זוכען צו באַהערשען די וועלט. ביי זיך, אָבער, וויסען זיי, אַז די גאַנצע מעשה איז ניט אמת, אַז דאָס רוב אידען זיינען, ליידער, ניט „מעורבין״, פאַראייניגט צווישען זיך. אין געגענטייל, „איש ואיש על מחנהו ועל דגלו״, זיי זיינען איינגעטיילט אין פאַרשיידענע פאַרטייען און גרופּען, וועלכע באַקעמפען זיך איינע די אַנדערע און פאַרלענגערען דערמיט זייער גלות.

„וישת אל המדבר פניו״, בלעמ׳ס געזיכט איז געווענדעט צום מדבר. ער אַליין וויס, אַז צוליב זייער צעריסענקייט צווישען זיך וואַלגערען זיי זיך נאָך אין דער מדבר, אָבער פאַר דער וועלט שרייט ער: „מה טובו אוהליך יעקב״, ווי גוט און פאַראייניגט זיינען דיינע געצעלטען, יעקב!

# הפטרה

## אַז בלעמ׳ס לויבען אידען

### מה יעץ בלק ומה ענה בלעם?

„צדיקים כשהם מברכים את ישראל אין נושאים קול גדול, ובלעם מגביה קולו ביותר, כדי שישמעו האומות ויכניסו בהן עין רעה״ — אַז ערליכע מענשען לויבען די אידען הויבען זיי ניט אויף זייער שטימע הויך, כדי די פעלקער זאָלען הערען און ניט פאַרגינען די אידען (ילקוט שמעוני).

לויט דער אידישער טראַדיציע זיינען די אַלע צרות, וואָס די אידען האָבען זיך אָנגעליטען אין מצרים, געווען דער רעזולטאַט פון אַ גיפטיגער אַגיטאַציע, וואָס אַ דאַמאָלסדיגער בלעם האָט קעגען זיי אָנגעפירט: „שלשה היו באותו עצה: בלעם יעץ, איוב שתק, יתרו ברח״ — אין דער „הבה נתחכמה״ קאָנפערענץ, וואָס פּרעה האָט איינגערופען צו זוכען מיטלען פּטור צו ווערען פון די אידען, האָבען זיך געפונען די דריי באַרימטע מענער, בלעם, איוב און יתרו. דער אַנטי־סעמיט בלעם האָט געראָטען מען זאָל די אידען אונטערדריקען און זיי פאַר־שקלאַפען צו דער מלוכה. דער רייכער אידישער פילאַנטראָפּ און כלל טוער איוב האָט, ווי דער שטייגער איז, געשוויגען. דער ערליכער יתרו איז אַנטלאָפען (סנהדרין ק״ו, ע״א).

אויסגעפירט האָט בלעם הרשע. זיינע גיפטיגע רייד מאַכען אַ רושם. „הנה עם בני ישראל רב ועצום ממנו״, דאָס אידיש פאָלק ווערט גרויס און זיין שטאַרקייט, זיין רייכטום געמט זיך „ממנו״, פון אונז. די אידען פאַרכאַפען אַלע צווייגען פון אינדוסטרי און האַנדעל, און באַשווינדלען די איבעריגע איינ־וואוינער פון לאַנד. ער דראָהט פּרעה׳ן און זיינע ראַטגעבער מיט דער גרויסער געפאַר פון „פן ירבה״, דער איד זאָל ניט ווערען צו גרויס און מעכטיג. איבער־הויפּט האָט ער זיי געשראָקען מיט אַ נבואה, וואָס ער האָט געזען אין חלום, אַז איינער פון די אידישע קינדער וועט דאָס אידיש פאָלק אויפהויבען און זיי געבען אַ נייע תורה, וועלכע וועט פאַראורזאַכען אַן איבערקערעניש אין דער וועלט. ער ראָט זיי, אַז „כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו״, יעדען אידישען זון, וואָס וועט געבוירען ווערען, זאָלט איר וואַרפען אין טייך אַריין. און זיין עצה ווערט אָנגענומען.

מיט הונדערטער יאָרען שפּעטער, אַז בלק וויל פּטור ווערען פון די אידען, רופט ער צו זיך דעם „בלעם" פון זיין דור און מאַכט אים פאַר זיין פּראָפּאַ־גאַנדע מיניסטער. ער זאָגט אים: „לכה ארה לי את העם", נעם שילט פאַר מיר דאָס פאָלק, פאַרשפּרייט וועגען זיי אַלערליי בלבולים און ליגענס, „ואגרשנו מן הארץ", כדי איך זאָל אים קאָנען פאַרטרייבען פון לאַנד און פאַרכאַפּען זיינע פאַרמעגענס. דער צונג איז שאַרפער פאַר דעם שווערד. אויב אים וועט געלינגען זיי פאַרהאַסט צו מאַכען אין דער וועלט, וועט ער קאָנען טאָן מיט זיי וואָס ער וויל, און קיינער וועט אים ניט שטערען.

און בלעם לאָזט פאַר זיך בויען „שבעה מזבחות", זיבען אַלטאַרען, אָדער ווי אין די איצטיגע צייטען זיבען „ראַדיאָ סטיישאָנס", אום אַז זיינע ווערטער זאָלען געהערט ווערען איבער אַלע „שבעה ימים", און די פעלקער פון דער גאַנצער וועלט זאָלען וויסען, וואָס זיי דערוואַרט אויב זיי וועלען דעם אידען צורו לאָזען.

ער הויבט אָן מיט לויב ווערטער: „לא הביט און ביעקב ולא ראה עמל בישראל", מ'זעט ניט קיין אומרעכט אין יעקב און מען מערקט ניט קיין עוולה אין ישראל. זיי זיינען שטילע מענשען, געטרייע בירגער. אָבער „הן עם כלביא יקום", ער איז אַ פאָלק וואָס, ווען ער הויבט זיך אויף, איז ער ווי אַ לייב. „לא ישכב עד יאכל טרף ודם חללים ישתה" — ער לייגט זיך ניט ביז ער עסט רויב און טרינקט די בלוט פון דערשלאָגענע. ווייי איז צו דעם פאָלק, וואָס פאַלט אַריין אין זיינע הענט.

די גיפטיגע פּראָפּאַגאַנדע וואָס בלק און בלעם האָבען אָנגעפירט קעגען די אידען מאַכט אַ שטאַרקען רושם אויף די מואבים. „כשהיו ישראל נראין לעמונים, נראין עטופין לשלום, ולמואבים נראין מזיינים למלחמה" — פאַר די עמונים וואָס האָבען געזוכט שלום, האָבען די אידען אויסגעוויזען ווי פרידליכע מענשען; פאַר די מואבים אָבער, האָבען זיי אויסגעזען ווי באַוואָפענטע קריגער (במד"ר כ'). אַזוי איז אויך געווען אין אַלע דורות און אַלע לענדער, ווי דער נביא ערקלערט אין היינטיגער הפטרה:

„והיה שארית יעקב בקרב עמים רבים כטל מאת ה' כרביבים עלי עשב" — צוזרשט ווערען די ביסעל אידען, וואָס זיינען צעשפּרייט צווישען די פעלקער, פאַררעכענט ווי טוי פון ג', ווי שפּריירעגען אויף גראָז. מען נעמט זיי אויף מיט פריינטשאַפט און מען גיט זיי אַלע געלעגענהייטען אויפצולעבען

די אינדוסטריען פון לאַנד און ברייגגען גרויסע פּראָפיטען צו זיינע איינוואוי־נער. קוים אָבער בירגערען זיי זיך איין און ווערען עקאָנאָמיש שטאַרקער, „אשר לא יקוה לאיש ולא ייחל לבני אדם", זיי דאַרפען שוין ניט האָפען אויף אַ מענשען און ברויכען צו קיינעם ניט אַנצוקומען, דאַן ווערט שוין דערזעלבער „שארית יעקב", צווישען די פעלקער „כאריה בבהמות יער", ווי אַ לייב צווישען די אומשולדיגע בהמות פון וואַלד, „אשר אם עבר ורמס וטרף ואין מציל", וואָס אַז ער גייט דורך צעטרעט ער און פאַרצוקט און ניטאָ ווער זאָל מציל זיין. מען קוקט שוין אויף דעם אידען ווי אויף אַ ווילדע חיה, וואָס זוכט אַלץ צו פאַרכאַפּען און צערייסען.

„עמי זכור" — מיין פאָלק געדיינק, זאָגט דער נביא, וואָס די בלק'ס פּלאַנען וועגען אייך. לויפט זיי ניט נאָך, חנפה'ט זיי ניט. האַלט זיך ביי אייער אמונה, טוט גערעכטיגקייט, האָט ליב געגאָד און איבערהויפּט „הצנע לכת", גייט אַרום שטיל, לעבט אייגענאַרטיג און וואַרפט זיך ניט אין די אויגען.

ד.

## אידען לאָזען זיך פאַרפירען פון גו'אישע שבחים.

### ויצמד ישראל לבעל פעור.

„רבי לוי אומר: גזירה זו קשה מן העגל" — רבי לוי זאָגט: די דאָזיגע גזירה איז שווערער, ווי די פון דעם עגל (מדרש רבה).

אַכט־און־דרייסיג יאָר האָבען די אידען אַרומגעוואַנדערט אין די וויס־טעגישען פון קדש, צווישען די גרעניצען פון אדום, עמון און מואָב. דער אַלטער דור, וואָס האָט אַזוי פיל געבענקט נאָך דעם שקלאַפען־לאַנד מצרים, איז כמעט איינגאַנצען אויסגעשטאָרבען. אַ נייער דור, וועלכער האָט ניט געוואוסט פון שקלאַפעריי, איז אויפגעשטאַנען — אַ דור, וואָס איז דערצויגען געוואָרען פון משה און אהרן צו זיין שטאָלץ אויף זייער פאָלק און זיין תורה. משה האָט אין זיי אויך איינגעפלאַנצט אַ שטאַרקע ליבע צו זייער פאַרשפּראָכען לאַנד, וואָס האָט זיי געמוטיגט צו קעמפען פאַר זייער זעלבסטשטענדיגקייט, און ניט אַכטען אויף די שוועריגקייטען וואָס שטייען זיי אין וועג. מען באַקלאָגט זיך שוין מער

ניט אויף די אומאַנגענעמליכקייטען, וואָס דאָס לעבען אין אַ מדבר פאַרשאַפט אַמאָל. זייער שטאַרקסטער באַגער איז געווען וואָס גיכער צו קומען צום היי־ליגען לאַנד.

זיי האָבען שוין מער ניט אַרויסגעקוקט אויף נסים, אויף איבערנאַטיר־ליכע געשעהענישען, און זייער לאַגע האָט זיך טאַקע שטאַרק געבעסערט. זייער פאַרמעגען איז פיל געוואַקסען. די שאָף און רינדער, וואָס זיי האָבען מיט זיך מיטגעפירט פון מצרים, האָבען זיך פאַר דער צייט שטאַרק פאַרמערט. און מיט׳ן גאָלד און זילבער, וואָס זיי האָבען פון דאָרט געבראַכט, האָבען זיי אָנ־געפירט גרויסע געשעפטען. „בדברים שתגרי אומות העולם מוכרין להם" — מיט אַלע סחורות, וואָס די געשעפטסלייט פון די אַרומיגע פעלקער האָבען זיי פאַרקויפט (יומא ע"ה ע"ב). די לענדער פון די בני עשו, עמון און מואב האָבען זיי ניט געטשעפעט, ווייל ג' האָט זיי אָנגעזאָגט: „אל תצורם ואל תתגר בם מלחמה" — באַלאַגערט זיי ניט און פאַרפירט ניט קיין קריג קעגען זיי, ווייל איך וועל אייך גאָרניט געבען פון זייערע לענדער (דברים ב׳). און זיי האָבען דעם באַפעל פון ג' שטרענג אויסגעפאָלגט.

עמון און מואב זיינען יאָרענלאַנג געווען אונטערטעניג צו סיחון מלך מואב, וועלכער האָט דאַן באַהערשט דעם גאַנצען עבר־הירדן. נאָך איידער די אידען זיינען אַרויס פון מצרים, איז סיחון באַפאַלען די מלוכות פון עמון און מואב און צוגענומען גרויסע שטרעקעס פון זייער לאַנד. די שטאָט חשבון האָט ער געמאַכט פאַר זיין הויפט־שטאָט, און פון דאָרט האָט ער געהערשט אי־בער זיי מיט אַן אייזערנער האַנט. קיין אייגענע מלוכות האָט ער זיי ניט גע־לאָזט האָבען און זייערע לענדער זיינען פאַרוואַלטעט געוואָרען פון „זקנים", פון הויפטלינגע, וועלכע סיחון פלעגט פאַר זיי אויסקלייבען.

אַז די אידען האָבען געבעטען ביי סיחון, ער זאָל זיי דורכלאָזען זיין לאַנד, אויפ׳ן וועג צו ארץ ישראל, און נאָך אים אָנגעבאָטען צו באַצאָלען פאַר דעם מיט גוט געלט, האָט ער ניט בלויז אָנטזאָגט זייער פאַרלאַנג, נאָר ער האָט אויך צוזאַמענגענומען זיין גאַנצע אַרמיי און איז אַרויס אין שלאַכט קעגען זיי. ג' איז אָבער געווען מיט די אידען — און סיחון האָט געכאַפט אַ גרויסע מפלה. די אידען האָבען פאַרנומען זיין גאַנץ לאַנד און אויך די לענדער, וואָס האָבען פריער באַלאַנגט צו עמון און מואב. נאָך דעם גרויסען זיג האָבען די אידען געגעבען פולע פרייהייט צו די פעלקער, וואָס סיחון האָט

אונטערדריקט. זיי האָבען אָבער פאַרהאַלטען פאַר זיך אַלע לענדער, וואָס סיחון האָט ביי זיי צוגענומען און צו וועלכע זיי זיינען געווען פּאָליטיש פול־שטענדינג באַרעכטיגט.

עמון האָט גלייך געשלאָסען פרידען מיט די אידען און געווען העכסט צופרידען, וואָס זיי זיינען ענדליך באַפרייט געוואָרען פון דער שווערער האַנט פון דעם גרויזאַמען סיחון. מואָב האָט אָבער ניט פאַרגונען די אידען זייער זיג. „ויקץ מפני בני ישראל" — זיי זיינען געווען אין אַנגסט פאַר די קינדער פון ישראל. ווי דער מדרש דערקלערט: „כשהיו ישראל בראין לעמונים, בראין עטופין לשלום, ולמואבים בראין מזויינים למלחמה" — פאַר די עמונים, וועלכע האָבען געמאַכט שלום, האָבען די אידען אויסגעוויזען צו זיין איינגע־וויקעלט אין פריינטליכקייט און גרייט צו לעבען מיט זיי בשלום. פאַר די מואבים אָבער האָבען זיי אויסגעזען ווי באַוואָפענטע קריגער, וועלכע זוכען צו פאַרכאַפּען די ממשלה איבער אַלע אַנדערע פעלקער (במד"ר כ׳).

צו יענער צייט האָט אין מואב אָנגעהויבען שפּילען אַ ראָלע אַ געוויסער שונא ישראל מיט דעם נאָמען בלק. געווען איז ער אַ קליינער אָפיצער אין דער אַרמיי פון סיחון, ער האָט אָבער געהאַט גרויסע אַמביציעס צו ווערען דער הערשער פון מואב. זעענדיג, אַז די מואבים שרעקען זיך פאַר די אידען און האָבען זיי פיינט, האָט ער באַשלאָסען די דאָזיגע שנאה שאַרף אויפצובלאָזען און אַזוי־אַרום געווינען דעם צוטרוי פון פאָלק. ער הויבט אָן אַ ביטערע אַגי־טאַציע קעגען די אידען און העצט די פעלקער מדין און מואב קעגען זיי. „הנה עם יצא ממצרים" — אַ פאָלק האָט זיך אַרויסגעריסען פון מצרים, וואו עס האָט זיי קיין זאַך ניט געפעלט, און מיט זייער פאַרראַט האָבען זיי רואיבירט דאָס לאַנד. „הנה כסה את עין הארץ" — ער האָט פאַרדעקט די שיין פון דער ערד. ער האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער פיל לענדער און האָט זיי פאַרנומען פאַר זיך. „והוא יושב ממולי" — און איצט האָט ער זיך באַזעצט קעגען אונז און וועט מיט דער צייט אונזער לאַנד אויך פאַרנעמען.

„ובלק בן צפור מלך למואב בעת ההיא" — און בלק דער זון פון צפור ווערט דער קעניג פון מואב אין יענער צייט. רבי חיים סאָלאָווייטשיק ז"ל באַ־מערקט: „פאַרוואָס ווערט באַלד אין אָנהויב פון דער פרשה ניט דערמאָנט, אַז ער איז געווען דער מלך פון מואב? ווי עס ווייזט אָבער אויס, איז בלק געקו־מען צו דער מלוכה נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט געהעצט דאָס פאָלק קעגען

די אידען און זיי געדראָעט מיט דער געפאַר פון אַ אידישען איבערפאַל. נאָכ־דעם ווי ער האָט איינגעשראָקען דאָס פאָלק און ער האָט אַרום זיך פאַראייניגט אַלע אידישע שונאים, איז ער געוואָרען דער מלך פון מואב.״

זעענדיג דעם ביטערען סוף, וואָס „סיחון״ און „עוג״ האָבען געכאַפּט, האָט בלק מורא אַרויסצוגיין אין אַן אָפענער שלאַכט מיט די אידען. פאַלט ער אויף אַן המצאה: ער וועט זיי באַקעמפען מיט׳ן מויל. אַזוי ווי דעם אידענ׳ס כוח איז דאָך מערסטענס „בפה״, מיט תפילות צו זיין ג׳ און מיט אויפקלערונגען פאַר דער וועלט, וועט ער זיי אויך באַקעמפען „בפה״, מיט זידלערייען און פאַרלוימדונגען, וואָס זאָל קעגען זיי אויפרעגען אַלע אַרו־מיגע פעלקער, זיי זאָלען זיך פאַראייניגען און געמיינשאַפטליך זיי באַקעמפען (במד׳ר כ׳). ער שיקט נאָך דעם גרעסטען מכשף פון זיין צייט, בלעם, וועלכער איז געווען גוט באַקאַנט אַלס אַ מאדים אַ פראָפּאַגאַנדיסט, און באָט אים אָן אַ גרויסע באַלוינונג, אויב ער וועט אים העלפען. דער צונג איז שאַרפער פאַר דעם שווערד. אויב אים וועט געלינגען פאַרהאַסט צו מאַכען די אידען פאַר דער גאַנצער וועלט, וועט ער זיי קענען לייכט באַזיגען.

וועגען דער פערזענליכקייט פון בלעם זיינען פאַראַן פאַרשיידענע מיי־נונגען צווישען אונזערע חז״ל. דער פסוק זאָגט וועגען אים, אַז ער איז געווען אַ „יודע דעת עליון״ — ער האָט פאַרשטאַנען די דעה פון דעם אויבערשטען, אַ געוויסער מדרש וויל האָבען, אַז ער איז זאָגאַר געווען אַזוי גרויס ווי משה רבנו. אויף דעם פסוק „ולא קם נביא עוד בישראל כמשה״ — אַז ביי די אידען איז ניט אויפגעשטאַנען נאָך אַזאַ נביא ווי משה, באַמערקט דער מדרש: „בישראל לא קם, אבל באומות העולם קם ומאן הוא בלעם״ — ביי די אידען איז ניט אויפגעשטאַנען אַזאַ, אָבער ביי די גויים איז געווען אַזאַ, און דאָס איז בלעם (במד״ר י״ד). אויך אין דער גמרא געפינען מיר אַזאַ מיינונג: „אמר רבי יוחנן בתחלה נביא ולבסוף קוסם״ — רבי יוחנן זאָגט, אַז בלעם איז טאַקע צוערשט געווען אַ נביא, אָבער דערנאָך איז ער געוואָרען בלויז אַ מכשף. זיין שנאה צו אידען האָט אים אַראָפּגעפירט פון וועג. ער האָט זיך פאַרנומען אויס־צוראָטען ג׳ס פאָלק און איז אַרונטער פון זיין גרויסקייט. ווי עס זאָגט דאָס באַקאַנטע ווערטעל: „גמלא אזלא למיבעי קרני אודני דהון לי׳ גזיזין מיני׳״ — דער קעמעל איז געגאַנגען בעטען פאַרזיך הערנער, האָט מען אים די אויערען, וואָס ער האָט געהאַט אויך אַרונטערגעשניטען (סנהדרין ק״ו ע״א).

בלק שיקט אַ קאָמיסיע פון פאַרנעמע פירער פון מדין און מואב צו בלעם מיט דער איינלאַדונג: „לכה נא ארה לי את העם הזה" — גיי, איך בעט דיך, און שילט פאַר מיר אָט דאָס פאָלק, פאַרשפּרייט וועגען אים אַלערליי ליגענס און בלבולים, „ואגרשנו מן הארץ" — כדי איך זאָל אים קאָנען פאַרטרייבען פון לאַנד, און איך וועל דיר שטאַרק באַלוינען פאַר דעם. ער שרייבט אים אויך: „שלא תהא סבור שלעצמי בלבד אתה עושה ואני מכבדך" — דו זאָלסט ניט דענקען, אַז דו וועסט עס טאָן פאַר מיין אייגענער טובה און איך אַליין וועל דיר דערפאַר באַלוינען. „אם תעקרם מכל האומות אתה מתכבד" — אויב דו וועסט זיי אויסרייסען און פאַרניכטען, וועסטו באַלוינט ווערען פון אַלע פעלקער (מדרש תנחומא). די אידען זיינען פון קיינעם ניט באַליבט, און אויב דו וועסט העלפען פון זיי פּטור צו ווערען, וועסטו ווערען באַרימט אין דער גאַנצער וועלט.

העכסט־אינטערעסאַנט און וויטזעענד זיינען די באַמערקונגען פון אונזערע חז"ל איבער דער מיסיע פון בלעם צו שילטען די אידען: בלעם, ווי אַלע אידענפרעסער, איז געווען אַ גרויסער ליגנער און בעל־גאוה. ווען די זקני מדין און מואב קומען צו אים, האַלט ער זיך גרויס און זאָגט זיי, אַז ער קען ניט אָננעמען זייער שליחות ביז ער וועט זיך מישב זיין מיט ג׳. אַלס געלט־גייציגער בעל־גאוה זאָגט ער זיי: „אם יתן לי בלק מלא ביתו כסף וזהב לא אוכל לעבור את פי ד'" — ווען בלק זאָל מיר אפילו געבען זיין גאַנץ הויז פול מיט זילבער און גאָלד, קען איך ניט ברעכען ג׳ס וואָרט. ער לאָזט זיך אָבער דאָך אַרויס אין וועג מיט זיי, ווייל „חוצפה אַפילו כלפי שמיא מהני" — חוצפה העלפט אַפילו אויך קעגען די הימלען (סנהדרין ק"ה). ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז ער וועט איבעררעדען ג׳ צו לאָזען אים שעלטען די אידען.

אויפ׳ן וועג באַגעגענט ער פיל שוועריגקייטען. די אַנטיסעמיטישע קליאַטשע, אויף וועלכער ער פאַרט רייטענדיג, פאַרקריכט אין ענגע דרכים און זיינע פיס ווערען צוגעקוועטשט צו דער וואַנט. די שנאה צו אידען פירט צו גרויסע אומגליקען, פון וועלכע עס איז שווער זיך אַרויסצודרייען. און אַז זיין אייזעל קומט אַריין אין אַן ענגען אָרט, וואָס איז אַרומגענומען „גדר מזה וגדר מזה", מיט אַ צאַם פון איין זייט און אַ צאַם פון דער צווייטער זייט, הערט ער די שטים פון דעם מלאך, וואָס זאָגט צו אים: „אין אתה יכל לשלוט בהן" — דו

וועסט די אידען ניט קענען באַזיגען, „שבידיהם לוחות כתובים משני עבריהם" — ווייל זיי טראָגען אין זייערע הענט די געטליכע לוחות, וועלכע זיינען באַשריבען פון ביידע זייטען (מדרש רבה). אָט די לוחות זיינען די שטאַרקע צאַמען, וועלכע פאַרהיטען דאָס אידישע פאָלק פון אונטערגאַנג.

אַז ער קומט ענדליך צו בלק'ן, לאָזט ער פאַר זיך בויען זיבען מזבחות. זיין געשעפט איז דאָך צו פאַרשפרייטען גיפטיגע פראָפּאַגאַנדע קעגען די אידען, און צו דעם דאַרף מען האָבען פיל אַלטאַרען און פובליסיטי־אַפּאַראַטען. „ויקר אלקים אל בלעם" — ווען ג' טרעפט זיך מיט בלעמ'ן און וואָרנט אים, ער זאָל זיינע שלעכטע מחשבות ניט דורכפירען, ענטפערט ער אים: „את שבעת המזבחות ערכתי" — די זיבען מזבחות האָב איך דאָך צוגעגרייט פאַר דיין כבוד וועגען. אידען־פרעסער רעדען תמיד אין נאָמען פון ג', פון הויכע אידעאַלען. „משל לשלחני המשקר במשקולת, בא בעל השוק והרגיש בו אתה משקר במשקל. אמר לו כבר שלחתי לביתך" — דאָס איז געגליכען צו אַ קרעמער, וואָס פעלשט אין וואָג, און ווען דער אויפזעער פון מאַרק כאַפּט אים ביי דער האַנט און זאָגט אים, דו גיסט דאָך אַ פאַלשע וואָג, ענטפערט ער אים: איך האָב שוין געשיקט מתנות צו דיר אין הויז, דיין כאַבאַר איז שוין באַצאָלט און לאָז מיך צו רו (במד"ר כ').

זיין אַנטיסעמיטישע טאַקטיק באַשטייט ניט אין וואַרפען שמוץ אויף די אידען. אין געגענטייל, ער בענטשט זיי און לויבט זיי. אָבער „מברכותיו של אותו רשע אתה יודע מה שבלבו" — פון די ברכות און לויב־געזאַנגען מיט וועלכע בלעם הרשע האָט מכבד געווען די אידען, פאַרשטייט מען וואָס ער האָט געהאַט אויפ'ן האַרצען (סנהדרין ק"ה ע"ב). זיין כונה איז געווען אַרויסצורופען וואָס מער קנאה און שנאה קעגען זיי. מיט'ן אויפרייסען די אויגען פון די גויים איבער אידישער רייכקייט און גרויסקייט, רייצט מען זיי אויף קעגען אונז און זיי פאַרהאַסען אונז נאָך מער. און וואָס שלימער איז, וואָס די ווערטער פון שמייכלעריי און חניפה, וואָס אַ באַרימטער גוי וואַרפט־צו די אידען, האָט אַ ווירקונג צום שלעכטען אויך אויפ'ן פאָלק גופא. די שוואַכלינגע צווישען אונז, וועלכע זוכען געפעלען צו ווערען זייערע גוי'אישע שכנים, ווערען פאַרפירט פון זייערע פוסטע פראַזען.

„ויצמד ישראל לבעל פעור" — אידען הויבען זיך אָן צו באַהעפטען צום אָפּגאָט פעור. די גרויסע שבחים, וואָס זיי האָבען געהערט פון בלעמ'ען,

האָבען זיי דערנענטערט צו די מנהגים און גאָטעסדינסטען פון די מואבים, ווי עס איז דער שטייגער אויך היינט. צוערשט גרינדעט מען „גוד־וויל" באַוועגונ־גען, וואו אידען קומען זיך צוזאַמען און ווערען נתפעל פון די שירים ותשבחות, וואָס אַ באַרימטער גוי אָדער גייסטליכער וואַרפט זיי צו. דאָס פירט צו אַן „אינ־טערפייט מואוומענט", אַ באַוועגונג צו פאַראייניגען די אידישע רעליגיע מיט אַנדערע רעליגיעס. אויף דעם זאָגט רבי לוי: „קשה גזירה זו משל עגל" — די גזירה, דער אָפּרייס איז שווערער און שעדליכער פאַר אידען, ווי דער „עגל". דער עגל הזהב איז טאַקע געווען אַ מיאוס'ער אָפּגאָט, אָבער דאָך אַ אידישער, די גאַנצקייט פון פאָלק האָט ער ניט געבראָכען. דער „פעור" אָבער, די פרעמדע אָפּגעטער, נאָך וועלכע מאַנכע פון די אידען יאָגען זיך, רייסען זיי אָפּ פון דעם אידישען מקור.

# הפטרה

## בלעם — דער גייסטיגער שותף פון עמלק.

**ומה ענה אותו בלעם.**

„בל־עם, שבלבל עם בעצתו הרעה" — ער הייסט בל־עם, ווייל ער האָט צעמישט דאָס פאָלק מיט זיין שלעכטער עצה (תוספתא סנהדרין פי"ז).

דער נביא פון דער הפטרה מוסר'ט די אידען, פאַרוואָס זיי פאַרלאָזען זייער אייגענעם גלויבען און יאָגען זיך נאָך פרעמדע גלויבענס. ער זאָגט, דער אויבערשטער פרעגט: „עמי מה עשיתי לך ומה הלאתיך ענה בי" — מיין פאָלק, זאָג מיר, וואָס האָב איך דיר געטאָן און מיט וואָס האָב איך דיך פאַר־מאַטערט? געדענק וואָס בלק דער קעניג פון מואב האָט געפּלאַנט וועגען דיר און וואָס בלעם האָט אים געענטפערט. בלק האָט געזוכט „אולי נכה בו" — צו קענען שלאָגען די אידען און זיי פאַרטרייבען פון לאַנד. בלעם דאַגעגען, האָט אים געראַטען צו אַסימילירען די אידען מיט זיין פאָלק און אַזוי אַרום פטור ווערען פון זיי. פּאָגראָמען און אסימילאַציע זיינען איינס און דאָס זעלבע,ביידע מיינען אַ טויט פאַר דעם פאָלק, איינע דורך ברוטאַלער מאַכט און די צווייטע דורך אַ גייסטיגען סם־המות.

בלעם און עמלק, זאָגען אונז די בעלי הקבלה, זיינען די צוויי שלעכטע

שותפים, וואָס זוכען צו פאַרניכטען די אידען. עמלקווערט פון זיי אָנגערופען יעדער פאָלק, וואָס באַפאַלט די אידען אויף זייערע וועגען און דריקט זיי קער־פערליך. די אַקאַדעמישע אַנטיסעמיטען, וועלכע זוכען די אידען אָרונטערצו־רייסען גייסטיג און קולטורעל, ווערען פון זיי באַצייכענט מיט דעם נאָמען בלעם. זיי ווייזען אָן אויף דער שותפות פון זייביידען און זייערע נעמען:

בל־עם

עמ־לק

וועלכע לייענען זיך דאָס זעלבע אויך ווען מען לייענט זיי פון אויבען אָרונטער.

די בלעמ׳ס זיינען פאַר אונז שעדליכער, ווייל „בלבל עם" — זיי צעמישען דאָס פאָלק. מיט זייער וויסענשאַפטליכער פּראָפּאַגאַנדע קעגען אונז און מיט זייער זוכען אָרונטערצורייסען אונזערע גייסטיגע ווערטען ברייגגען זיי גאַנץ אָפט אַ פאַרווירונג אויך אין די מוחות פון מאַנכע אידען. פיל פון אונזערע רייכע אַסימילאַטאָרען רעדען כמעט אין דער זעלבער שפּראַך ווי די בלעמ׳ס קעגען אונזערע האָפנונגען און אַספּיראַציעס. אויך פיל פון אונזערע האַלב־געבאַקענע משכילים פאַלען אַריין אין דער נעץ פון די דאָזיגע וויסענ־שאַפטליכע שונאי ישראל און באַטראַכטען זייער ביבעל־קריטיק און זייער אָפּלאַכען פון אונזער תלמוד אַלס קולטורעלע אמת׳ען.



# פ נ ח ס

## א.

## אַ דאַנק די פּינחס'ס עקזיסטירען מיר

### ולא כליתי את בני ישראל בקנאתי.

„ראה פינחס שאין אחד מהם עומד לקנא לשם, אמר אין כאן אדם שיהרוג ויהרג? מיד עמד הוא לקנא" — פּינחס האָט געזען, אַז קיינער פון די אידישע פירער איז ניט גרייט איינצושטעלען זיין לעבען פאַר דער גאָטהייט, האָט ער אויסגערופען: געפינט זיך דאָ קיינער ניט וואָס זאָל קעמפען און זיך לאָזען הרג'ענען פאַר דעם הייליגען צוועק? און באַלד האָט ער זיך אויפגעהויבען און איינגעשטעלט זיין אייגען לעבען (פסיקתא זוטרתא).

אויב דאָס אידישע פאָלק עקזיסטירט נאָך אין די לענדער פון זיינע גלות'ען, איז עס צו פאַרדאַנקען די „קנאות" און מסירת־נפש'דיגער איבערגעבענקייט פון די פּינחס'עס פון יעדען דור, וואָס פירען אימער אַן ענערגישען קאַמף קעגען אינטעגראַציע און געמישטע הייראַטען. „ולא כליתי את בני ישראל בקנאתי" — אַט די פּינחס'עס, מיט זייער איינגעשפּאַרטקייט, האַלטען אָפּ דעם אידען פון אונטערגאַנג און אונזער פאָלק בלייבט ווידער לעבען.

און דער קאַמף, וואָס די פּינחס'עס האָבען אָנצופירען פאַר דער עקזיסטענץ פון זייער פאָלק, איז מער אַן אינערליכער ווי אַן אויסערליכער. פון דער צייט וואָס די אידען זיינען געוואָרען אַ פאָלק ביז היינטיגען טאָג האָבען זיי געהאַט אויסצושטיין גענוג צרות פון די רייכערע קלאַסען, וואָס האָבען איבעראַל זיך געזוכט צו אַסימילירען מיט זייערע שכנים, זיי נאָכצומאַכען אין זייערע שולען און טעמפּלען און אויך צו פאַרהייראַטען זייערע קינדער צו ניט־אידען, ווייל זיי האָבען ליב דעם גלות און ווילען פון אים איינגעשלונגען ווערען.

די לענדער, וואָס די אידען אין דער מדבר האָבען פאַרנומען פון די

צוויי קעניגען סיחון מלך האמורי און עוג מלך הבשן זיינען געווען העכסט פּרוכטבאַרע, די שטעט שיין און שטאַרק געבויט און די פיל שאָף און רינדער, וואָס זיי האָבען אַריינגעקראָגען, האָבען מאַנכע פון זייערע שבטים רייך געמאַכט. כאָטש זיי זיינען געווען ניט ווייט פון דעם לאַנד, וואָס ג׳ האָט זיי פאַרשפּראָכען, זיינען זיי אָבער ניט געווען שטאַרק נייגעריג פאַרטצוזעצען זייער נסיעה און האָבען באַשלאָסען צו פאַרבלייבען וואָס לייגגער אין די לענדער וואָס זיי האָבען נאָר־וואָס דעראָבערט.

„וישב ישראל בשטים״, און די אידען האָבען זיך באַזעצט אין „שטים״. „כל מקום שנאמר וישב אינו אלא צרה״ — אין יעדען פרעמדען פּלאַץ וואו אידען זוכען זיך דאָרט צו באַזעצען און גרינדען אַ שטענדיגע היים וואַקסט דאָרט אויס אַ צרה (סנהדרין ק״ו). בלויז אין ארץ־ישראל, דאָס לאַנד וואָס ג׳ האָט פאַר זיי באַשטימט זינט דער געבורט פון זייער פאָטער אברהם, איז דער איד אימשטאַנד געווען צו בויען פאַר זיך אַ ריכטיגע היים, וואו ער זאָל זיך קאָנען אויסלעבען לויט די פאַרשריפטען פון זיין אייגענער תורה און בילדען דעם אָריגינעלען כאַראַקטער, וואָס זאָל אים מאַכען פאַר דעם „עם סגולה״, פאַר ג—ט׳ס אויסדערוויילט פאָלק. פרעמדע לענדער זיינען ניט מסוגל אויף דעם. דאָרט מוז מען אָנפירען אַ שטענדיגען קאַמף קעגען אויסערליכע השפעות, וואָס פאַראורזאַכען גרויסע שטערונגען און פירען מאַנכעסמאָל צו „מגפות״, גייסטיגע קאַטאַסטראָפעס, וועלכע גראָבען אונטער דעם יסוד פון אידישקייט און באַרויבען אונזער פאָלק פון זיין יוגענט.

דער געגענט פון „שטים״ איז אויך באַקאַנט אַלס „רפידים״, און די גמרא באַמערקט אויף דעם: „רפידים שמה, שרפו עצמן מדברי תורה; שטים שמה, שנתעסקו בדברי שטות״ — רפידים האָט עס געהייסען, ווייל דאָרטען זיינען די אידען אָפּגעשוואַכט געוואָרען פון לערנען תורה; שטים האָט עס געהייסען, ווייל זיי האָבען זיך דאָרט אָפּגעגעבען מיט שטות, מיט נאַרישקייטען (סנהדרין ק״ו ע״א). לויט דער טראַדיציע האָט בלעם געראַטען בלק׳ן אַנשטאָט זיך צו קריגען מיט די אידען, זאָל ער זיי בעסער באַפריינדען און זיי זוכען צו פאַרנאַרען דורך די שיינע פרויען פון די מואבים. „ויחל העם לזנות אל בנות מואב״, קוים וועלען אידען זיך אָנפאַנגען צו קערען צו די טעכטער פון מואב, וואָס וועט זיי פירען צו געמישטע הייראַטען, וועט שוין דער „וישתחוו לאלקיהן״, זיך בוקען צו זייערע געטער, במילא קומען. און דער טרויעריגער רעזולטאַט

איז געווען: „ויהיו המתים במגפה ארבעה ועשרים אלף" — דאָס פיר און צוואַנציג טויזענט אידישע קינדער זיינען אויסגעשטאָרבען פון דעם פאָלק אין דער „מגפה פון אַסימילאַציע".

און די אָנפירער פון דיזען אַסימילאַטאָרישען אויסברוך זיינען ווי אימער געווען די „זמרי בן סלוא'ס", די נשיאים, די רייכע לייט, וואָס זוכען זיך צו שמייכלען צום גוי און זיינען גרייט צו פאַרגעסען זייער תורה און אמונה, צוליב די שטותים און נאַרישקייטען פון זייערע ניט־אידישע שכנים. פינחס הכהן, וועלכער איז געווען אַן איבערגעגעבענער נאַציאָנאַליסט און גע־טרייער נאָכפאָלגער פון דער תורה, האָט באַמערקט מיט וואָס פאַר אַ קאַלטקייט און נאַכלעסיגקייט די אידישע פירער באַציען זיך צו די מעשים תעתועים פון די זמרי'ס, האָט ער איינגעשטעלט זיין אייגענעם לעבען און האָט דערמאָרדעט דעם הויפט אָנפירער.

„בקשו לנדותו, אלולי שקפצה עליו רוח הקודש ואמרה והיתה לו ולזרעו אחריו ברית כהונת עולם" — די אידישע „אַפּיזערס" און שלום־זוכער, וועלכע זוכען זיך צו שמייכלען צו די גבירים, האָבען אים געוואָלט מחרים זיין, ווען ניט דער הייליגער גייסט, וואָס איז אויפגעשפּרונגען און געזאָגט: אָט די מסירת נפש וועט פאַרבלייבען פאַר אים און זיינע קינדער אַ בונד פון אייביגער פריסט־הוד (ירושלמי סנהדרין פ"ט). די אידישע צוקונפט באַלאַנגט צו די פינחס'עס, די קנאים, וואָס בלייבען אויסגעהאַלטען.

---

# הפטרה

## פון דעם רייכען ווינקעל קומען די אידישע מזיקים

**מצפון תפתח הרעה.**

„רוח הצפון בראו ולא גמרו, שאמר כל מי שיאמר אני אלקים יבא ויגמר הפנה הזאת שהנחתי, ושם הוא מדורן של מזיקים" — דעם צפון זייט פון דער וועלט האָט ג' באַשאַפען אָבער ניט פאַרענדיגט, ווייל ער האָט געזאָגט: זאָל דער יעניגער וואָס באַרימט זיך, אַז ער איז גאָט, פאַרענדיגען דעם ווינקעל וואָס איך האָב איבערגעלאָזען. און דאָרטען איז דער וואוין־פּלאַץ פון אַלע מזיקים (ילקוט שמעוני).

די הפטרה פון פּינחס איז אייגענטליך דער ניינצענטער קאַפּיטעל פון מלכים א׳, וואו עס ווערט איבערגעגעבען דער גרויסער קאַמף וואָס אליהו הנביא האָט אָנגעפירט קעגען דעם קעניג אחאב און זיינע פאַלשע נביאים. אחאב האָט געהייראַט מיט אַ ניט־אידישער פּרינצעסין, איזבל, די טאָכטער פון אתבעל, קעניג פון צידון, און זי האָט אים אַראָפּגעפירט פון ריכטיגען וועג. איזבל, וועלכער איז געווען אַ פרומע דינערין פון דעם אָפּגאָט בעל, האָט גע־לאָזט אויסבויען פאַר אים מזבחות איבער׳ן גאַנצען לאַנד און האָט אָנגעשטעלט הונדערטע פאַלשע נביאים, וועלכע זיינען אַרומגעגאַנגען צווישען פאָלק און אים צוגערעדט צו פאַרלאָזען זייער אייגענער אמונה און דינען צום בעל.

אחאב איז געווען אַ שוואַכלינג פון דער נאַטור און האָט זיך געלאָזט איינרעדען פון זיין פרוי איזבל צו פאַרטרייבען די אמת׳ע אמונה. פילע פון די אמת׳ע נביאים זיינען אויסגע׳הרג׳ט געוואָרען און פילע האָבען זיך באַהאַלטען אין הײלען און זיינען אין דער שטיל אויסגעהאַלטען געוואָרען פון עובדיהו, איינער פון אחאב׳ס מיניסטאָרען. דער איינציגער פון די אידישע נביאים, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבען און איז מיט גרויס קנאות און מסירת נפש אַרויס קעמפען קעגען איזבל און אירע פאַלשע נביאים, איז געווען די מיסטעריעזע פערזענליכקייט „אליהו הנביא״. אים איז געלונגען צו איבערצייגען די אידען אין די פאַלשקייטען פון דעם אָפּגאָט „בעל״ און זיינע נביאים, וועלכע ער האָט ביי אַ געלעגענהייט לעכערליך געמאַכט אין די אויגען פון פאָלק, און אַלע פאַר־זאַמעלטע האָבען מיט איין קול אויסגעשריען „ה׳ הוא האלקים״, אַז דער אידישער ג׳ איז דער איינציגער.

די קעניגין איזבל האָט זיך דערפון דערוואוסט און האָט אין געהיים געשיקט אירע משרתים אים אָפּצוראַמען פון וועג. אליהו האָט אָבער באַצייטענס זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטאָט און זיך אויסבאַהאַלטען אין איינעם פון די הײלען אין דער מדבר. דאָרטען האָט זיך צו אים באַוויזען אַ מלאך און האָט אים גע־בראַכט שפּייז, וואָס האָט אים געדויערט גאַנצע פערציג טעג. פאַר זיין קנאות און מסירת נפש איז ער אַזוי ווי פּינחס באַלוינט געוואָרען פון ג׳ און איז גע־בליבען לעבען אייביג.

צוליב דעם אָבער, וואָס היינטיגען יאָר געפאַלט די סדרה פּינחס אין די דריי וואָכען, וואָס מיר אידען טרויערען נאָכ׳ן חורבן, לייענען מיר אַנשטאָט דעם די הפטרה פון „מטות״, וועלכע איז דער ערשטער קאַפּיטעל פון ירמיהו.

ווי באַקאַנט, איז ירמיהו געווען דער גרויסער מקונן נאָך דעם ערשטען חורבן, ווייל אין זיין צייט איז נבוכדנצר באַפאַלען דאָס לאַנד, האָט חרוב געמאַכט דעם בית המקדש און פאַרטריבען די אידען נאָך בבל. זיינע נביאות האָט ער פאַר־געטראָגען אין דער עפּאָכע פאַר דעם חורבן, ווען ער האָט געזוכט צו באַקעמפען די אידישע אַריסטאָקראַטען, וועלכע האָבען זיך געדרייט אַרום דעם קעניגליכען הויף און אָנגעפירט אַזאַ פּאָליטיק, וואָס האָט ענדליך געבראַכט דאָס פאָלק צו דער גרעסטער רואינע.

ווען דער אויבערשטער רעדט צו ירמיהו און זאָגט אים: „נביא לגוים נתתיך", איך האָב דיר באַשטימט צו זיין אַ נביא פאַר פעלקער, זוכט ער זיך לכתחילה אַרויסצודרייען פון דער שווערער אויפגאַבע, אונטער דעם אויס־רייד „נער אנכי", איך בין נאָך יונג און מיינע ווערטער וועלען ניט געהערט ווערען. דער אויבערשטער אָבער לאָזט אים ניט אָפּ און באַפעלט אים, „ראה הפקדתיך", איך האָב אַזוי באַשטימט און דו מוזט נעמען אויף זיך די מיסיע, אָפּגעזען פון די שוועריגקייטען, וואָס דו וועסט דאַרפען דורכמאַכען. און ער נעמט עס אָן. ער ווייזט אים אַ קאָכיגען טאָפּ און פרעגט אים וואָס ער זעט? און ער ענטפערט: „סיר נפוח אני רואה ופניו מול צפונה" — איך זע אַ קאָכיגען טאָפּ און זיין געזיכט איז געווענדעט צום צפון זייט.

און ער הערט די ווערטער פון ג׳: „מצפון תפתח הרעה על כל יושבי הארץ" — פון צפון זייט וועט זיך אָנפאַנגען דער אומגליק אויף אַלע איינוואוי־נער פון לאַנד. לויט די חז"ל שטעלט דער צפון פאַר גאָלד, רייכטום. די רייכע לייט ווערען באַצייכענט אַלס „בעלי הצפון" (ב"ב ק"ה). די גבירים וועלכע האָבען אַריינגעכאַפּט די ממשלה אין זייערע הענט און זוכען צו אַפּיזען און זיך צו שמייכלען צום שונא מיט דעם, וואָס זיי זוכען אים נאָכצומאַכען, וועלען ענדליך פירען דאָס פאָלק צו זיין חורבן. רעד צו זיי, שטראָף זיי, „אל תחת מפניהם", שרעק זיך ניט פאַר זיי, דו וועסט זיין שטאַרק ווי אייזען און דו וועסט זיי איבערלעבען.

און דער ילקוט באַמערקט אויף דעם: דעם צפון זייט האָט ג׳ ניט פאַרענדיגט, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז די רייכע, די אַסימילאַטאָרען, וועלען איבעראַל זוכען זיך אַרויסצוגעבען אַלס די רעטער און פאַרזאָרגער פון דעם פאָלק. און ער זאָגט: איר האַלט זיך פאַר גאַנצע געטער און מיט דעם כח פון אייער געלט דיינקט איר מיך צו באַהערשען. אדרבא, זעט וואָס פון אייער

רייכטום וועט ווערן. אייער ווינקעל וועט בלייבען אומפארענדיגט, און אלע אידישע מזיקים וועלען פון דארט קומען. ווען עס ברעכט אויס אן אומגליק אויף דעם פאלק, הויבט ער זיך אן מיט די רייכע, מיט די גאטלאזע.

ב.

## דער אידישער אידעאל קאן ניט דורכגעפירט ווערן אין דער פרעמד

**כי צוררים הם לכם בנכליהם.**

„כשבאו לשטים ויחל העם לזנות שמחו האומות ואמרו: אותה העטרה שהיתה בידן כבר היא בטלה, אותו השבח שהיו משתבחין הרי בטל, שוים הם לנו" — ווען די אידען זיינען אנגעקומען אין שטים און דאס פאלק האט אנגעהויבען זיך קערען צו די מנהגים פון לאנד, האבען זיך די פעלקער געפרייט. זיי האבען געזאגט: די קרוין, וואס איז געווען אין זייער מאכט איז שוין לאנג בטל געווארען. דער אייגענשאפט, מיט וועלכען זיי האבען זיך גערימט, איז פון זיי אוועק. זיי זיינען איצט גלייך מיט אונז (ילקוט שמעוני רמז תשע"ג).

אונזער פאטער יעקב האט געזען אין חלום „סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה", א לייטער, וואס שטייט אויף דער ערד און זיין שפיץ גרייכט אין די הימלען, „ומלאכי אלקים עולים ויורדים בו", און געטליכע מלאכים גייען אויף אים ארויף און ארונטער. דאס איז דער הויפט אידעאל פון אידישקייט, צו פארבינדען דעם הימעל מיט דער ערד, צו ברייגנען די הימלען נעענטער צום מענשען און דערהויבען דעם מענשען נעענטער צום הימעל. די „שלבי הסולם", די ראנגען פון דעם לייטער, זאגט דער ווילנער גאון זצ"ל, באשטייען פון „להבין", „להשכיל", „לשמוע", „ללמוד", „לשמור", לעשות", „ולקיים", — פארשטייען, באגרייפען, הערען שטודירען, לערנען, היטען, טאן און דורכפירען די פארזאגען פון אונזער הייליגער תורה. אידישקייט מיינט א סינטעז פון הימעל און ערד, פון מענשליכקייט און געטליכקייט. מיט יעדען ראנג, וואס דער איד שטייגט אויף דעם אידעאלען לייטער, דערנענטערט ער זיך אלץ מער און מער צו דעם הויפט תכלית, צו דעם הויפט ציל, וואס דער באשעפער האט באשטימט פאר זיין אויסדערוויילט פאלק.

מיט דעם דאָזיגען לייטער טראָגען מיר אידען זיך אַרום שוין טויזענטער יאָרען און מיר זוכען אַן אייגען פּלאַץ, וואו אים אָוועקצושטעלען, כדי צו קאָנען פאַרווירקליכען דעם גרויסען חלום פון אונזער פאָטער יעקב. ניט אַלע לענדער זיינען מסוגל פאַר דעם. ניט אַלע ערדען זיינען פעסט גענוג אויף זיי צו קאָנען אויפשטעלען דעם לייטער און פאַרזעצען דעם אידישען קלעטער אַלץ העכער און העכער. דאָס רוב לענדער, וואו אידען האָבען זיך באַזעצט זיינען באַשטאַנען פון „עפר תחוח", צעריבענע ערד, וואָס האָט זיך ניט געפּאַסט פאַר אַ יסוד פאַר דעם דערהאָבענעם לייטער, און ער איז נאָך אַלץ אַ „פורח באויר", אַ פליער אין דער לופטען אָן אַ באָדען אונטער זיינע פיס.

די אידען באַזעצען זיך אין שטים, ביי די גרעניצען פון מדין און מואב. כאָטש זיי זיינען געווען ניט ווייט פון דעם לאַנד, וואָס ג' האָט זיי פאַרשפּראָכען, האָבען זיי זיך אָבער געפילט אויסגעמאַטערט פון דער לאַנגער נסיעה און האָבען באַשלאָסען זיך אויסצורוען אין דער נאָר־וואָס דעראָבערטער געגענט. אויסער דעם, זיינען די לענדער, וואָס זיי האָבען פאַרנומען פון די צוויי קעניגען, סיחון מלך האמורי און עוג מלך הבשן, געווען העכסט פרוכטבאַרע, די שטעט שיין און שטאַרק געבויט, די שפּייכלער פול מיט תבואה און די פעלדער אָנגעלאָדען מיט שאָף און רינדער. די גרויסע רייכטימער, וואָס זיי האָבען פלוצלינג אַריינגעקראָגען, און די עקאָנאָמישע מעגליכקייטען, וואָס זיי האָבען דאָרטען געפונען, האָבען זיי געלאָקט און געצויגען — און זיי באַשליסען דאָרט צו פאַרבלייבען.

דער געגענט פון „שטים" ווערט אויך אין דעם פסוק אָנגערופען מיט דעם נאָמען „רפידים", און די חז"ל באַמערקען אויף דעם: „רפידים שמה, שרפו עצמן מדברי תורה; שטים שמה, שנתעסקו בדברי שטות" — „רפידים" האָט עס געהייסען, ווייל דאָרטען זיינען די אידען אָפּגעשוואַכט געוואָרען פון לערנען תורה; „שטים" האָט עס געהייסען, ווייל זיי האָבען זיך דאָרטען אָפּגעגעבען מיט שטות, מיט נאַרישקייטען (סנהדרין ק"ו ע"א). אַן עקאָנאָמישער באָדען אַליין האָט זיך ניט אַלעמאָל אַרויסגעוויזען צו זיין דער פּאַסענדער פּלאַץ פאַר יעקב'ס לייטער. די הימלישע אידעאַלען, וואָס אונזער גרויסער פאָטער האָט געזען אין חלום פאַר זיינע קינדער, קאָנען זיך ניט אַנטוויקלען אויף אַ מאַטעריעלען באָדען, איבערהויפּט אין אַ פרעמד לאַנד, וואו מען מוז אָנפירען אַ שטענדיגען קאַמף קעגען אויסערליכע השפעות, וועלכע פאַראורזאַכען

גרויסע שטערונגען און פירען מאַנכעסמאָל צו „מגפות", גייסטיגע קאַטאַס־טראָפעס, וועלכע גראָבען אונטער דעם יסוד פון אידישקייט און באַרויבען אונזער פאָלק פון זיין יוגענט.

„וישב ישראל בשטים, כל מקום שנאמר וישב אינו אלא צרה" — אין יעדען פרעמדען פלאַץ, וואו אידען זוכען זיך דאָרט צו באַזעצען און זיך איינצובירגערען און גרינדען אַ שטענדיגע היים, וואַקסט דאָרט אויס אַ צרה (סנהדרין ק"ו). די גרויסע רייכטימער, וואָס די אידען האָבען געפונען אין די נייע לענדער, האָט זיי אַראָפּגעפירט פון וועג און די אידישע צרות האָבען זיך אָנגעהויבען. „ויחל העם לזנות אל בנות מואב", דאָס פאָלק האָט זיך גענומען קערען צו די טעכטער פון מואב. די חז"ל ווילען האָבען, אַז דאָס איז געווען בלעמ'ס עצה צו מואב און מדין, אַז זיי זאָלען זוכען צו פאַרפירען די אידען דורך זייערע שיינע טעכטער, כדי זיי צו מאַכען זינדיג קעגען זייער ג', וועלכער וועט געוויס בעמען נקמה אָן זיי און דאָס וועט פירען צו זייער רואינע. דער מדרש תנחומא זאָגט, אַז בלעם האָט זיי געראָטען ניט אָנצושיכור'ן די אידען מיט וויין אָדער שטאַרקע געטראַנקען, „שלא ידונו כשתויי יין אלא כמזידין", כדי זיי זאָלען ניט גע'משפט ווערען ווי באַטרונקענע, נאָר ווי וואַכע ווידער־שפעניגע. ער האָט ניט פאַרגונען די אידען צו האָבען אַ תירוץ פאַר זייערע פאַרברעכענס. ער האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלען געשטעמפּעלט ווערען אַלס „מזידים", מוטווילּיגע און באַוואוסטזיניגע פאַרברעכער, וועלכע זאָלען זיך ניט קאָנען פאַרענטפערען פאַר זייערע מיאוס'ע טאַטען, און זיי ווען שטאַרקער באַשטראָפט ווערען.

כאָטש מדין און מואב זיינען געווען פיינטליך צו זיי, האָבען אָבער די אידען אַלץ געזוכט זיך צו שמייכלען צו זיי און מיט זיי פאַרקניפּען אַ פאַר־וואַנדשאַפט. פאַר די, וועלכע ווילען זיך איינבירגערען אין אַ פרעמד לאַנד, איז ניט גענוג, אַז מען לאָזט זיי צורו. זיי מוזען קריכען אין די גוי'אישע גע־זעלשאַפטען און זוכען מיט זיי זיך צו חבר'ן — און דער בעסטער מיטעל איז געמישטע הייראַטען. בלעם האָט גוט געקענט דעם סאָרט אידען. ער האָט געוואוסט זייערע שוואַכקייטען און צו וואָס דאָס וועט פירען. ער איז געווען איי־בערצייגט, אַז קוים וועלען אידען זיך קערען צו די טעכטער פון מואב, וועט שוין דער „וישתחוו לאלקיהן", זיך בוקען צו זייערע געטער, במילא קומען. הויבען אידען אָן צו פאַרלירען די „עטרה שהיתה בידן", די קרוין פון אייגענ־

אַרטיגקייט און פון זעלבסטשטענדיגקייט, פאַרלירען זיי אויך דעם „שבח שהיו משתבחין”, דעם אייגענשטאָלץ און זעלבסטווירדע, מיט וועלכע זיי זיינען געווען באַרימט. פאַר דער פוסטער פראַזע פון „שוים הם לנו”, איר זענט גלייך מיט אונז, וואַרפען אָט די אידען אָוועק זייער נאַציאָנאַלען שטאָלץ און זיינען גרייט צו פאַרלייקענען זייער פאָלק און זייער ג'. און דער טרויעריגער רעזולטאַט איז ענדליך: „ויהיו המתים במגפה ארבעה ועשרים אלף”, טויזענטער אידישע קינדער שטאַרבען־אָפּ פון אונזער פאָלק אין דער „מגפה פון אַסימילאַציע”.

אויב דאָס אידיש פאָלק עקזיסטירט נאָך אין די לענדער פון זיינע גלות'ן, איז עס צו פאַרדאַנקען די „קנאות” און מסירות־נפש'דיגער איבערגעבענקייט פון די פינחס'עס פון יעדען דור, וועלכע פירען תמיד אָן ענערגישע קאַמפען קעגען אינטעגראַציע און געמישטע הייראַטען. „ולא כליתי את בני ישראל בקנאתי” — איך האָב ניט פאַרניכטעט די אידען אין מיין צאָרן. אָט די פינחס'עס, מיט זייער איינגעשפּאַרטקייט, האַלטען־אָפּ דעם אידען פון אונטערגאַנג און אונזער פאָלק בלייבט ווידער לעבען. זיי טראָגען דעם אידישען לייטער, וואָס אונזער פאָטער יעקב האָט געזען אין חלום, אויף זייערע פּלייצעס. זיי שפּרייזען מיט אים דורך פייער און וואַסער און זיי ווילען אים ענדליך ברייננגען צו דעם ריכטיגען באָדען, וואו ער זאָל קאָנען פעסט אָוועקגעשטעלט ווערען און זיין „ראש”, זיין שפּיץ, זאָל קאָנען „מגיע השמימה”, גרייכען ביז די הימלען.

---

# הפטרה

## די אידען טרינקען תמיד דעם ביטערען כוס

### ראה הפקדתיך היום הזה על הגוים ועל הממלכות.

„אמר לו הקב”ה, טול את הכוס הזה של חמה והשקה את הגוים. נטל ירמיהו את הכוס ואמר: למי אשקה תחילה? אמר לו, את ירושלים ואת ערי יהודה. אמר ירמיהו: למי אני דומה? לכהן שעלה גורלו להשקות מים המרים, וקרבו את האשה אצלו, נסתכל בה שהיא אמו”, גב”ה זאָגט צו ירמיהו: נעם דעם בעכער פול מיט צאָרן און טרינק מיט אים אָן די פעלקער פון דער וועלט. נעמט ירמיהו דעם כוס און פרעגט: וועמען זאָל איך אָנטרינקען צו־

ערשט? ענטפערט אים דער אויבערשטער: הויב אָן מיט ירושלים און די שטעט פון יהודה. שרייט ירמיהו אויס: צו וועמען האָסטו מיר פאַרגליכען? צו אַ כהן, אויף וועמעס גורל עס איז געפאַלען אַנצוטרינקען אַ זינדיגע פרוי פון די „מים המאררים", די ביטערע וואַסער, און אַז מען האָט די פרוי געבראַכט צו אים, האָט ער דערזען, אַז זי איז זיין מוטער (ילקוט שמעוני ח"ב רמז רס"ב).

צווישען צוויי גרויסע וועלט־מלחמות, וועלכע האָבען געבראַכט טויט און פאַרניכטונג צו פיל לענדער און פעלקער, האָט געלעבט און געשאַפען דער גרויסער נביא פון היינטיגער הפטרה, ירמיהו, אַ כהן פון שטעטעל „ענתות", אין דעם טייל פון בנימין. אין זיינע יונגע יאָרען האָט ער בייגע־וואוינט דעם פאַל פון נינוה, די הויפט־שטאָט פון אשור, וועמעס קעניג „סנחריב" האָט זיך פאַרמאָסטען צו פאַרכאַפען אַלע לענדער פון דעם אָריענט און האָט אויף זיין וועג נאָך מצרים חרוב געמאַכט די אידישע מלוכה פון די צען שבטים און זיי פאַרטריבען אין גלות. אויף דער עלטער איז אים באַשערט געווען דורכצולעבען אַ צווייטע וועלט־מלחמה, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרען פון דעם גרויזאַמען קעניג נבוכדנצר פון בבל, וועלכער האָט אויך חרוב געמאַכט דאָס לאַנד פון יהודה, פאַרברענט דעם בית המקדש און פאַרטריבען די אידען פון זייער לאַנד.

ניט אומזיסט באַמערקט די גמרא: „הרואה ירמיהו בחלום ידאג מן הפורענות" — דער, וואָס זעט ירמיהו'ן אין חלום, זאָל זיך זאָרגען פאַר שלעכטע צייטען (ברכות נ"ז ע"ב). אַזאַ תקופה, אין וועלכער ער האָט געלעבט און געשאַפען, ברייננגט גרויסע איבערקערענישען אין דער וועלט, און די ערשטע צו ליידען זיינען די אָרימע אידען. זיין נבואה איז דערפאַר „כולה חורבנא", פול מיט פאַראויסגעזעענע חורבות (ב"ב י"ד). ער איז אויך באַקאַנט אַלס דער גרויסער אידישער „מקונן", וועמעס איכה'ס און קינות ווערען געלייענט ביז היינטיגען טאָג און וועלען געלייענט ווערען ביז אונזער גאולה וועט קומען און ארץ ישראל וועט צוריקגעבויט ווערען.

זיין לעבען איז געווען איין גרויסער קאַמף קעגען די פאַרדאָרבענע פירער פון פאָלק, וועמען ער האָט באַשולדיגט, אַז מיט זייערע מעשים תעתועים און ווילדע אויפפירונגען גראָבען זיי אונטער די אידישע אמונה, וואָס איז דער הויפט יסוד פון דער אומה, און זיי ברייננגען רואינע אויף זייער

פאָלק. פונקט ווי פינחס הכהן פון דער היינטיגער סדרה, האָט ער געהאַלטען אין איין קעמפפען קעגען די זמרי׳ס, די זינדיגע אידישע נשיאים, וועלכע פאַר־היראַטען זיך צו פרעמדע פרויען, פרעמדע אידייען און זוכען אַלץ נאָכצומאַכען זייערע אַרומיגע שכנים אין אַלע ענינים פון שטאָט און אמונה.

פינחס, זאָגט אונז די גמרא, איז פאַר זיין מסירת נפש׳דיגער איבער־געבענקייט צו זיין פאָלק פאַרפאָלגט געוואָרען פון אידישע פירער. „בקשו לנדותו״, זיי האָבען שטענדיג געזוכט אים אויסצושליסען פון דער געזעלשאַפט (ירושלמי סנהדרין פ״ט). אויך ירמיהו האָט געהאָט אויסצושטיין אַלערליי רדיפות און שלעק פון די כהנים און די מלוכה־מענשען, וועלכע האָבען אים אָפט געשלאָגען און אַריינגעוואָרפען אין תפיסה.

נאָך אין זיין פריער יוגענט הערט ער די שטים פון ג׳, וועלכע זאָגט אים: „בטרם אצרך בבטן ידעתיך, ובטרם תצא מרחם הקדשתיך״ — נאָך איידער איך האָב דיר באַשאַפען אין דיין מוטער׳ס בויך, האָב איך דיך אָנער־קענט, און איידער דו ביזט אַרויס פון דעם ערטראַכט, האָב איך דיך געהייליגט; „נביא לגוים נתתיך״ — אַלס נביא פאַר די פעלקער האָב איך דיר באַשטימט. לכתחילה זוכט ער זיך אַרויסצודרייען פון דער שווערער אויפגאַבע אונטער דעם אויסרייד „נער אנכי״, איך בין נאָך יונג, און מיינע ווערטער וועלען ניט געהערט ווערען. אָבער דער אויבערשטער לאָזט אים ניט אָפּ און באַפעלט אים: „ראה הפקדתיך״, איך האָב אַזוי באַשטימט און דו מוזט נעמען אויף זיך די מיסיע, אָפּגעזען פון די שוועריגקייטען, וואָס דו וועסט דאַרפען דורכמאַ־כען — און ער נעמט עס אָן.

ווען ער האָט געהערט פון ג׳, אַז ער באַשטימט אים צו זיין אַ „נביא לגוים״, אָדער, ווי דער מדרש שילדערט עס העכסט פּאָעטיש: „טול את הכוס הזה של חמה והשקה את הגוים״, נעם דעמדאָזיגען בעכער פון צאָרן און טרינק דערמיט אָן די פעלקער פון דער וועלט, וויל ער וויסען וועלכע פון די פעלקער קומען צוערשט. און ווי פאַרציטערט איז ער געוואָרען, ווען ער האָט געהערט די טרויעריגע בשורה, אַז די ערשטע צו טרינקען פון ביטערען כוס וועט זיין דאָס אייגען פאָלק און זיין אייגען לאַנד. מיט פאַרצווייפלונג שרייט ער אויס: איך בין דאָך איצט געגליכען צו דעם אומגליקליכען כהן, אויף וועמעס גורל עס איז געפאַלען צו געבען אַ זינדיגער פרוי צו טרינקען פון די „מים המאררים״, און ער געפינט פּלוצלינג אויס, אַז דאָס איז זיין אייגענע מאַמע.

דער נביא זעט בחוש, אַז אַלע פורענות און אומגליקען, וואָס קומען אויף דער וועלט, פאַלען צוערשט אויף די אידישע קעפּ. די אידישע אומה, וועלכע איז געווען די מאַמע פון אַלע אידישע רעליגיעס און מענשליכע געזעצען, איז די ערשטע צו טרינקען דעם ביטערען בעכער פון אַלע אומגליקען און חורבנות, וואָס באַפאַלען די וועלט. קודש ישראל לד׳. די אידען זיינען גאָט׳ס היילינגטום, „כל אוכליו יאשמו״, אַלע וועלכע עסען אים און זוכען אים אונטערצוברייינגען, וועלען אַרויס די שולדיגע. „רעה תבא עליהם״, די שלעכטס וואָס זיי טוען די אידען, וועט זיי אַליין טרעפען, „נאום ה׳״, אַזוי רעדט ג׳.

ג.

## דער לעצטער שטער צו דער גאולה

**כי צוררים הם לכם בנכליהם.**

„רבי שמעון אומר, כל המחטיא את האדם יותר קשה מן ההורגו, שההורגו הורגו בעולם הזה ויש לו חלק לעולם הבא והמחטיאו הורגו בעולם הזה ולעולם הבא״ — רבי שמעון זאָגט: ווער ס׳מאַכט איינעם זינדיגען, איז ערגער ווי ער וואָלט אים גע׳הרג׳עט, ווייל אויב ער הרג׳עט אים, באַרויבט ער אים בלויז פון דער וועלט, אָבער זיין חלק אין יענער וועלט בלייבט פאַר אים; מאַכט ער אים אָבער צו זינדיגען, הרג׳עט ער אים אַוועק פון דער וועלט און אויך פון יענער וועלט (מדרש תנחומא).

די מאָס פון שטערונגען קעגען דער גרינדונג פון אַן אייגענער היים פאַר דעם אידישען פאָלק איז נאָך אינגאַנצען ניט פאַרפולט געוואָרען. אמת טאַקע, אַז דער דור המדבר, וואָס האָט אַזוי געבענקט נאָך די פיש און ציבעלעס און קנאָבעל פון מצרים, איז שוין לאַנג אויסגעשטאָרבען. די געמיינדעס פון קרח מיט די מרגלים, וואָס האָבען אַזוי פיל געשטערט דער גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים, זיינען שוין פאַרשוואונדען און זייער זכר איז אָפּגעמעקט געוואָרען פון אידישען רייסטער. אויך די עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם פאָלק האָט זיך פיל פאַרבעסערט, ווייל די לענדער, וואָס די אידען האָבען פאַרנומען פון די צוויי קעניגען סיחון מלך האמורי און עוג מלך הבשן, זיינען העכסט פרוכטבאַרע, און די פיל שאָף און רינדער, וואָס זיי האָבען אַריינגעקראָגען,

האָבען מאַנכע פון זייערע שבטים רייך געמאַכט; מען קלאָגט שוין מער ניט פאַר פלייש, פאַר וואַסער — אַלץ איז ב"ה דאָ בשפע.

אָבער ניט אַזוי גיך קומען אידען צו ארץ־ישראל. אַ נייער שטער דערשיינט אויף דער וועג צו דער אידישער גאולה: „ויחל העם לזנות אל בנות מואב" — דאָס פאָלק האָט זיך אַ קער געטאָן צו די טעכטער פון מואב. עס הויבט זיך אָן אַ סדרה פון געמישטע הייראַטען, וואָס פירען צו דינען פרעמדע אָפּגעטער, און טויזענטער אידישע קינדער שטאַרבען אויס אין דער נייער מגפה פון אַסימילאַציע... לויט אונזערע חז"ל, איז עס געווען די עצה פון בלעמ'ען. בלק, דער קעניג פון מואב, האָט זיך שטאַרק דערשראָקען פאַר די אידען, זעענ־דיג דעם שוואַרצען סוף, וואָס אַזעלכע מעכטיגע קעניגען ווי סיחון און עוג האָבען געהאַט, האָט ער מורא צו פאַרפירען אַן אָפענע שלאַכט מיט זיי. באַראַט ער זיך מיט זיינע יועצים און שיקט רופען צו זיך דעם באַרימטען מכשף פון יענער צייט, דעם באַוואוסטען בלעם, מיט דעם אויפטראָג: „לכה ארה לי את העם הזה, אולי אוכל נכה בו ואגרשנו מן הארץ" — גיי שילט פאַר מיר דאָס פאָלק, פיליכט וועל איך אים קאָנען שלאָגען און פאַרטרייבען פון מיין לאַנד.

בלעם, וועלכער האָט אויך שטאַרק פיינט געהאַט די אידען, נעמט לכתחילה אָן די איינלאַדונג און איז גרייט צו טאָן דעם פאַרלאַנג פון בלק'ן. אָבער דער אויבערשטער לאָזט אים ניט, און יעדען מאָל, וואָס ער עפענט אויף זיין מויל קעגען די אידען, קומען גאָר אַרויס ברכות און לויב־געזאַנגען, אַנשטאָט קללות. זעענדיג, אַז מיט בייזען וועט ער גאָרנישט קאָנען אויפטאָן, גיט ער בלק'ן אַן עצה, אַז ער זאָל באַפריינדען די אידען און זוכען צו פאַנגען זיי דורך די שיינע פרויען פון די מואבים. קוים וועלען אידען אָנהויבען זיך קערען צו די טעכטער פון מואב, וואָס וועט זיי פירען צו געמישטע הייראַטען, וועט שוין דער „וישתחו לאלקיהן", זיך בוקען צו זייערע געטער, במילא קומען. דאָס וועט קעגען זיי אַרויסרופען דעם כעס פון ג' און זיי וועלען דורך דעם שטאַרק אָפּגעשוואַכט ווערען.

אונזערע חז"ל זאָגען, אַז דעריבער האָט ער געהייסען „בל־עם", „שבקש לבלוע את ישראל", ווייל ער האָט געוואָלט איינשלינגען די אידען (מדרש אגדה). מיט גוטע רייד, מיט ברכות האָט ער זיי געוואָלט דערפירען צו שמד, צו אַסימילאַציע, איינגעשלונגען צו ווערען פון זייערע אַרומיגע שכנים. די ברכות פון די בלעמ'ס זיינען פאַר אונז געפערליכער ווי די קללות

פון די בלק׳ס. די בלק׳ס ווילן פארניכטען אונזער גוף און די בלעמ׳ס אונזער נשמה. ווערטער פון שמייכלעריי און חניפה, וואס א בארימטער גוי ווארפט אמאל צו אויפ׳ן חשבון פון די אידען, האט דאס רוב א שלעכטע ווירקונג אויפ׳ן פאלק. די שוואכלינגען צווישען אונז, די וואס זוכען געפעלען צו ווערען זייערע גוי׳אישע שכנים, ווערען פארפירט פון זייערע רייד; זיי דענקען, אז יענע מיינען עס טאקע, און דערוויטערען זיך אלץ מער פון זייער פאלק.

ווי טיפזיניג עס זיינען די ווערטער פון דעם מדרש: „טוב לשמוע תוכחות שהוכיח משה רבנו את ישראל — „ובגוים האלה לא תרגיע" — משמוע ברכות של בלעם, שבהם גבה לבם של ישראל ונפלו בשטים" — עס איז פיל בעסער צו הערען די שטראף־רייד פון משה רבנו, וועלכער האט אונז געזאגט, אז צווישען די פרעמדע פעלקער ווען מיר זיך ניט בארואיגען, איידער צו הערען די ברכות פון בלעמ׳ן, ווייל צוליב זיי האבען די אידען זיך גענומען גרויסהאלטען און זיינען מיאוס דורכגעפאלען ביי דער מעשה פון שטים (מדרש קהלת ז׳). זעען מיר דאך דאסזעלבע אויך היינט — אויף דעם צוזאמענקום פון די פעלקער אין סאן פראנציסקא. פאר דעם שמייכעל פון א בארימטען גוי פארלירען אונזערע גרויסע פירער זייערע קעפ און עס ווערען ביי זיי אפגעשוואכט די הענט אנצופירען מיט ענערגיע דעם קאמף פאר דער אנערקענונג פון אונזער פאלק.

און ג׳ זאגט צו משה׳ן: „צרור את המדינים", האב פיינט די מדינים, „כי צוררים הם לכם בנכליהם", ווייל זיי האבען אייך פיינט. מיט זייערע פלענער, וואס זיי שלאגען פאר קעגען אייך, מיינען זיי ניט אייער טובה. זיי ווייזען אייך ארויס גרויס פריינדשאפט און רעדען צו אייך גלאטע רייד, אבער דאס זענען פוסטע הבטחות, זיי זוכען אייך דעם קאפ צו פארדרייען, כדי איר זאלט ווייטער פוילען אין גלות. די דיפלאמאטישע דריידלאך פון די פאלשע בלעמ׳ס זיינען פאר אונזער פאלק מער געפערליך ווי די ברוטאלע טאטען פון די גרויזאמע בלק׳ס. די לעצטע האבען אוועקגע׳הרג׳עט מיליאנען אידען פון דער וועלט, די ערשטע ווילען אבער אונז אלעמען אוועק׳הרג׳ענען פון יענער וועלט און בארויבען אונז פון אונזער צוקונפט אלס א פאלק, אלס זעלבסטשטענדיגע נאציע...

•

נאכדעם אז די מגפה פון אסימילאציע צווישען די אידען און די

מואבים האָט זיך איינגעשטילט זאָגט ג׳ צו משה׳ן: עלה על הר העברים וראה את הארץ — גיי אַרויף אויף דעם באַרג עברים און קוק אָן דאָס לאַנד.

„אותה אתה רואה ואי אתה רואה מקצתה. כולה אתה רואה ואי אתה רואה חציה. אמרו, כל לשונות שהיו מארץ לחוצה לארץ היה משה רואה, וכל לשונות שהיו מחוצה לארץ ישראל לא היה משה רואה״ — איר זאָלסטו זען, און ניט בלויז אַביסעל פון איר. איינגאַנצען זאָלסטו איר זען, און ניט בלויז אַ העלפט. די חכמים האָבען געזאָגט, אַז אַלע לשונות, וואָס קומען אַרויס פון ארץ־ישראל אין חוץ־לארץ, האָט משה געזען, און אַלע לשונות, וואָס קומען פון חוץ לארץ אין ארץ־ישראל, האָט משה ניט געזען (ילקוט שמעוני).

ענדליך זיינען אַלע שטערונגען אויף דעם וועג פון דער גאולה אָפּגעראָמט געוואָרען און משה גרייט־צו די אידען פאַר דעם לעצטען שריט — אַריבערצוגיין דעם ירדן און איינצונעמען דאָס לאַנד. דאַן זאָגט ג׳ צו משה׳ן: גיי אַרויף אויף דעם באַרג „עברים״ און זע דאָס לאַנד, ווייל דו אַליין וועסט אַהין ניט אַריין. אָט דער באַרג, ווי מיר זעען פון די פאַרשיידענע פסוקים אין דער תורה, וואו ער ווערט דערמאָנט, האָט געהייסען מיט פיל אַנדערע נעמען, ווי „הר נבוא״, „הר ההר״, „ראש הפסגה״. זיי אַלע שטעלען צוזאַמען דעם הר־העברים, דעם איבערגאַנגס־באַרג פון גלות צו אַן אייגען לאַנד.

אַ שיין ביסעל בערג מוזען אידען אַריבערקלעטערען ביז זיי קומען צו זייער ענטגילטיגער גאולה. אין יעדען גלות־לאַנד טראָגט דער באַרג אַן אַנדער נאָמען. אין יעדער פרעמדער מדינה, וואו אידען געפינען זיך, זיינען די שטערונגען פאַר זייער צוריקבוי פאַרשיידען און טראָגען אַן אַנדער כאַראַקטער. דאָ איז דער באַרג אַן עקאָנאָמישער — אידען ווילען דעם גלות ניט פאַרלאָזען צוליב פרנסה. דאָ איז ער אַ פּסיכאָלאָגישער — זיי האָבען זיך איינגעלעבט צווישען זייערע שכנים און ווילען זיי ניט פאַרלאָזען. אין די פרייערע לענדער איז דער באַרג, וואָס שטייט זיי אין וועג, אַן אַסימילאַטאָרישער — זיי זיינען פאַרליבט אין די „בני מואב״, אין די טעכטער פון זייערע שכנים, האָבען זיך אויסגעמישט צווישען זיי און זיך דערווייטערט פון זייער פאָלק. אָט די אַלע זיינען די „הרי־העברים״, די איבערגאַנגס־בערג, וואָס דאָס אידיש פאָלק מוז אַריבערגיין, כדי צו דערגרייכען אַן אייגענעם היים.

ארץ־ישראל איז אָבער דער ציל־פּונקט, צו וועלכען אַלע אידישע שטרעבונגען ציען זיך און מוז פאַר ענטפערען אַלע אידישע פראַגען. די

יעניגע, וואָס זעען אין ארץ־ישראל אַ דערלייזונג בלויז פאַר דעם עקאָנאָמישען מצב פון דעם פאָלק, זעען בלויז אַ „מקצת", אַ קליינעם טייל פון איר. די יעניגע, וואָס זוכען צו מאַכען פון איר בלויז אַ „מרכז רוחני", אַ גייסטיגען אידישען צענטער, זעען בלויז „חציה", אַ העלפט פון איר. גאַנץ ארץ־ישראל מיינט א סינטעז פון ג׳, פאָלק און לאַנד. אַלץ, צו וואָס אידען קאָנען זיך דער־טראַכטען, וועט שטייגען און וואַקסען נאָר אין זייער אייגען לאַנד. אַלץ, וואָס זיי וועלען דערהאַרבערען אין מאַטעריעלע דערגריייכונגען וועט ביי זיי זיין געזיכערט נאָר אין זייער אייגענער היים.

אַלע לשונות, וואָס קומען אַרויס פון ארץ־ישראל, זעט משה. די ווער־טער, וואָס זיינע נאָכפאָלגער די נביאים האָבען אַרויסגערעדט אין ארץ־ישראל, קלינגען נאָך איצט אין גאַנץ חוץ לארץ, אין אַלע לענדער פון דער וועלט. אָבער די לשונות פון גלות, וואָס רייסען זיך אַריין אין ארץ־ישראל פון חוץ־לארץ, זעט משה ניט, ווייל דאָס לאַנד פאַרטראָגט ניט קיין פרעמדס. מיר זיינען באַשטימט געוואָרען צו זיין אַן „עם סגולה", אַן אויסגעצייכענט פאָלק, אַן אָריגינעל פאָלק. מיט נאָכמאַכען די פרעמדע פעלקער האָבען מיר דאָס לאַנד שוין אייניגע מאָל פאַרלאָרען און מיט זוכען נאָכצומאַכען די גלות־פעלקער וועלען מיר איר צוריק ניט אויפבויען... דאָס האָט משה געזען אויפ׳ן הר־העברים און דאָס מוזען אַלע אידען פאַרשטיין און באַגרייפען...

---

# הפטרה

## טאָן און הערען

הלוך וקראת באזני ירושלים.

„בשעה שהקדימו ישראל נעשה לנשמע, באו מלאכי השרת וקשרו שני כתרים לכל אחד ואחד מישראל, אחד משום נעשה ואחד משום נשמע. אבדו את נעשה ועשו להם עגל מסכה, אמר להם הקב"ה, שמרו את נשמע. שמעו דברי נבואה עד שלא תשמעו תוכחות, שמעו חיים עד שלא תשמעו מתים" — ווען די אידען האָבען ביים באַרג סיני מקדים געווען „נעשה" פאַר „נשמע", דאָס הייסט, זיי וועלען טאָן נאָך איידער זיי וועלען הערען, זיינען אַרונטערגע־קומען מלאכים און האָבען אָנגעבונדען צוויי קרוינען אויף יעדען אידען —

איינעם פאַר „נעשה“ און איינעם פאַר „נשמע“. האָבען זיי אָבער פאַרלאָרען די קרוין פון נעשה מיט דעם, וואָס זיי האָבען זיך געמאַכט אַ גאָלדען קאַלב. זאָגט צו זיי איצט ג׳: היט כאָטש דעם נשמע. הערט צו די רייד פון נבואה אײדער איר זאָלט דאַרפען הערען תוכחות; הערט לעבעדיגערהייט, אײדער איר זאָלט הערען טויטערהייט (פסיקתא רבתי).

דער אויבערשטער באַשטימט דעם יונגען, „ירמיהו“ צו ווערען זיין נביא און וואָרנען די אידען און אויך אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט איבער דעם ביטערען בעכער פון צער און צאָרן, וואָס יעדער פון זיי וועט מוזען טרינקען, אויב זיי וועלען זיך ניט איינהערען צו די רייד פון ג׳. „נביא לגוים נתתיך“ — איך האָב דיר באַשטימט צו זיין דער נביא פאַר אַלע פעלקער, „אל תירא מפניהם כי אתך אני להצילך“ — האָב פאַר זיי קיין מורא ניט, ווייל איך בין מיט דיר און איך וועל דיר ראַטעווען פון זייערע הענט.

עס וועט קומען אַ צייט, „ודברתי משפטי אותם על כל רעתם“, וואָס איך וועל זיי משפט׳ן פאַר אַלע שלעכטס, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען. נאָך אַ גרויסער וועלט־מלחמה, וואָס וועט פאַרניכטען זייערע לענדער, וועלען זיך אַלע פעלקער פאַרזאַמלען צו באַטראַכטען פלענער ווי צו פאַרזיכערען דעם פרידען פון דער וועלט. „ובאו ונתנו איש כסאו פתח שערי ירושלים“, זיי וועלען דאָרט קומען און אַוועקשטעלען זייערע טראָנען ביי די טויערען פון ירושלים, צו באַטראַכטען וואָס עס זאָל געטאָן ווערען מיט די „ערי יהודה“, די שטעט פון יהודה, וואָס שטייען זיי אין וועג צו קאָנען באַהערשען דעם גאַנצען אָריענט. פאַרגעסען וועלען זיי די אַלע פאַרשפּרעכונגען, וואָס זיי האָבען געמאַכט צו דעם אידישען פאָלק, אַז זיי וועלען אים צוריקגעבען זיין לאַנד און זיכערען זיין נאַציאָנאַלע היים.

„ואתה תאזור מתניך וקמת ודברת אליהם את כל אשר אנכי אצוך“ — דאָן זאָלסטו אָנגורטען דיינע לענדען און רעדען צו זיי אַלץ, וואָס איך וועל דיר באַפעלען. „אל תחת מפניהם, פן אחיתך לפניהם“ — שרעק זיך ניט פאַר זיי אום איך זאָל דיך ניט צעברעכען פאַר זיי. רעד צו זיי מיט שטאָלץ און באַשטיי אויף דיינע רעכטען אַלס פאָלק. אויב דו וועסט אַרויסווייזען שרעק און שוואַכקייט, וועסטו צוזאַמענברעכען.

און צו די אידען זאָלסטו זאָגען: ווען אייערע טאַטעס האָבען מקבל

געוועז די תורה און האָבען אויסגעשריען „נעשה ונשמע", זיינען זיי באַ־קרוינט געוואָרען מיט צוויי קרוינען — מיט דער קרוין פון „נעשה", פון אויפטואונגען און דערגרייכונגען פאַר זייער פאָלק און פאַר די נאָכקומענדיגע דורות זייערע. אָבער צוליב אייער דינען דעם גאָלדענעם קאַלב און זוכען צו שמייכלען זיך צו די רייכע און מעכטיגע פעלקער האָט איר די קרוין פון „נעשה" פאַרלאָרען. אַלע אייערע דערגרייכונגען באַלאַנגען ניט צו אייך; דאָס וואָס איר טוט אויף אין פרעמדע לענדער, איז ניט אייערס; איר און אייערע קינדער געניסען ווייניג פון דעם. „שמרו את נשמע" — היט כאָטש די קרוין פון הערען...

הערט די ווערטער פון אייערע אייגענע נביאים איידער איר זאָלט דאַרפען הערען די רייד פון די שרעקליכע תוכחות, וואָס גיסען זיך אויס איבער אייערע קעפּ אין די פרעמדע לענדער פון אייער פינסטערען גלות. „שמעו חיים" — הערט בעסער די ווערטער, וואָס רופען אייך צום לעבען, צום צו־ריקאויפבוי פון אונזער פאָלק, איידער צו די רייד פון אַסימילאַטאָרען, וואָס פירען צום טויט, צום אונטערגאַנג פון אונזער נאַציע.

„קודש ישראל לה'" — די אידען זיינען גאָט'ס הייליגער אייגענטום, „ראשית תבואתו", די בעסטע פון זיינע פּרוכטען, „כל אוכליו יאשמו", אַלע, וועלכע עסען זיי און זוכען זיי צו אונטערברייננגען, וועלען בלייבען די שולדיגע. „רעה תבא עליהם" — די שלעכטס, וואָס זיי טוען צו די אידען, וועט זיי אַליין טרעפען, „נאום ה'" — אַזוי רעדט ג'...

---

ד.

# איידער ער שטאַרבט, נעמט ער אויף די צאָל פון די אידען

## שאו את ראש כל עדת בני ישראל.

„כשיצאו ישראל ממצרים מסרן הקב"ה למשה במנין. בא ליפטר מן העולם החזירם במנין" — ווען די אידען זיינען אַרויס פון מצרים, האָט זיי גב"ה איבערגעגעבען צו משה'ן מיט אַ צאָל; איצט, אַז ער גייט זיך שיידען פון דער וועלט, וויל ער זיי צוריקגעבען מיט אַ צאָל (במד"ר י"א).

פיל אַנטוישונגען און האַרצקלעמענישען האָט משה רבנו דורכגעמאַכט

זינט ער האָט אויף זיך גענומען די מיסיע צו באַפרייען די אידען פון מצרים און זיי ברייננגען נאָך דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, אין כנען. פון דעם ערשטען מאָמענט אָן, וואָס ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער טרויעריגער לאַגע פון זיינע ברידער, ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ יונגערמאַן אין דעם הויז פון פרעה, ביז זיינע לעצטע יאָרען, ווען ער האָט זיי געבראַכט נאָענט צו דער גרע־ניץ פון ארץ־ישראל, איז זיין לעבען געווען אַ לאַנגע קייט פון אַנטוישונגען און גייסטיגע יסורים, זיין ערשטע אַנטוישונג איז פאָרגעקומען גלייך נאָך דעם „ויצא אל אחיו וירא בסבלותם" — ווען ער איז אַרויס צו זיינע ברידער און שטודירט זייער לאַגע. אַלס אַ פרייער מענש, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט אין קעניגליכען הויף, האָט ער ניט געקענט פאַרטראָגען די נגישות און פיי־ניגונגען, וואָס די פאַרוואַלטער פון פרעה פאַרשאַפען די אידען.

אַז ער זעט „איש מצרי מכה איש עברי" — ווי אַן עגיפּטער שלאָגט אַ אידען, ווערט ער אַן אויפגערעגטער „ויך את המצרי ויטמנהו בחול" — דערשלאָגט ער דעם מצרי און באַהאַלט אים אין זאַמד. האָבען דאָך די אידען געדאַרפט זיין דאַנקבאַר דעם יונגען פּרינץ, וואָס נעמט זיך אָן זייער קריוודע. אַז ער וואָגט אָבער אויסצורעדען אַ אידען פאַר דעם, וואָס ער שלאָגט זיינעם אַ ברודער, ענטפערט ער אים מיט חוצפה: „מי שמך לאיש שר ושופט עלינו" — ווער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ האַר און שופט איבער אונז. צו ווערען געזידעלט און געשלאָגען פון גוים, צו דעם איז מען דאָך שוין געוואוינט. אָבער אַז אַ איד זאָל זיך אַריינמישען און אויס׳מוסר׳ן אַ צווייטען פאַר זיינע שלעכטע אויפפירונגען — דאָס איז קיינמאָל ניט געהערט געוואָרען אין דער אידישער מחנה, און מען דאַרף אים אונטערהאַקען זיינע פליגלען.

און מען שטעלט זיך ניט צופרידען בלויז מיט זידלעריי, מען נעמט זיך אויך צו מעשים. ער ווערט פאַר׳מסר׳ט פאַר זיין דערשלאָגען דעם מצרי און ער מוז אַנטלויפען פון מצרים און זיך וואַלגערען אין מדין גאַנצע פער־ציג יאָר.

ווען איך בין געפאָרען אין מאָסקווע, מיט 49 יאָר צוריק, פאַר מיין אָפּפאָרען נאָך די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע, האָט מיך געזאָגט הרב מזאה, אַז די אידען פון מאָסקווע זיינען זיכער מיט עולם הבא, ווייל צווישען זיי געפינען זיך פיל איינוואוינער, וועלכע טאָרען ניט וואוינען אין מאָסקווע, און קיינער מסר׳ט זיי ניט. אַז אידען דערלאַנגען ניט קיין מסירה׳לעך איינער

קעגען דעם צווייטען איז עס אַן אויסנאַם, וואָס דאַרף באַלוינט ווערען. משה׳ן האָט אָבער אַזאַ גליק ניט פּאַסירט און זיין אַנטוישונג איז געווען אַ שמערצ־ליכע.

פאַר די פערציג יאָר, וואָס ער האָט זיי געפירט אין דער מדבר, איז ער פון זיי גענוג אויסגעריסען געוואָרען. אין פאַררעטערישע טאַט נאָך דער צווייטער האָט ער געמוזט פאַרטיידיגען, כדי איינצושטילען דעם צאָרן פון ג׳ קעגען זיי. די מעשה מיט דעם עגל, די רעוואָלוציע פון קרח און זיין געמיינדע און נאָכדעם די פּראָוואָקאַציע מיט די מרגלים — אַט די מעשים האָבען פאַרלענגערט דאָס קומען פון דער אידישער גאולה און געפירט צו דער גזירה פון ג׳: „במדבר הזה יפלו פגריכם וכל פקודיכם לכל מספרכם מבן עשרים שנה ומעלה" — אין דער מדבר וועלען פאַלען אייערע טויטע קערפּערס און אַלע אייערע געציילטע, לויט אייער אָפּיציעלער צאָל, פון צוואַנציג יאָר און העכער (שלח י"ד).

און אַזוי איז טאַקע געווען. פאַר די פערציג יאָר, וואָס זיי האָבען געוואַנדערט אין דער מדבר, איז דער אַלטער דור אויסגעשטאָרבען, „ולא נותר מהם איש כי אם כלב בן יפונה ויהושע בן נון" — און פון זיי איז קיינער ניט פאַרבליבען, בלויז כלב דער זון פון יפונה און יהושע דער זון פון נון. אויך זיין ברודער אהרן האָט געמוזט אַוועק פון דער וועלט פאַר דער צייט צוליב אַ קריג איבער וואַסער, וואָס די אידען האָבען פאַרפירט. אַפילו ער אַליין איז פאַר׳משפט געוואָרען צו שטאַרבען אין חוץ־לארץ און ניט קענען אַריין אין דעם לאַנד, וואָס ער האָט אַזוי פיל געליבט און פאַר וועלכען ער האָט זיך אַזוי פיל מאָל מוסר־נפש געווען. ווי אַן אמת־געטרייער פאָטער האָט ער אָבער אַלץ אַריבערגעטראָגען געדולדיג. „ארבעים שנה היה משה משמר עצמו שלא להפקיד כנגדן ולא פרק משאן מעליו" — פערציג יאָר האָט זיך משה אָפּגעהיט צו ווערען אין כעס אויף די אידען און האָט פון זיך ניט אַראָפּגעוואָרפען זייער לאַסט (במד"ר י"ט).

זיין הויפּט באַגער און שטרעבונג איז געווען צו שאַפען אַ פאָלק, וואָס זאָל ווערען דער טרעגער פון אַ תורה, וואָס וועט באַפרייען די גאַנצע מענשהייט פון שקלאַפעריי און באַפעסטיגען דעם פּרינציפּ פון צדק און יושר אויף דער וועלט. האָט ער זיך אינגאַנצען אָפּגעגעבען מיט דער דערציאונג פון דעם יונגען דור, צו מאַכען פון אים דאָס „עם סגולה" — דאָס אויסגעצייכענט

פאָלק, וואָס ג׳ האָט פאַרלאַנגט ביים באַרג סיני. און משה באַרואיגט זיך. ער זעט פאַר זיך אַ נייעם דור פון פרייהייט־ליבענדע קינדער, פון שטאָלצע קעמפער פאַר זייער נאַציע און זייער גלויבען. וואָס פאַר אַ פאָלק אָדער מלוכה עס שטעלט זיך אין זייער וועג און שטערט זייער גאַנג צו זעלבסט־שטענדיגקייט, באַקעמפען זיי מיט מוט און מיט איבערגעבענקייט און דער־ווערבען איין זיג נאָך דעם צווייטען. אָבער עס איז משה׳ן ניט באַשערט צו שטאַרבען רואיג. אַ נייע אַנטוישונג אויך מיט דעם נייעם דור האָט פאַר אים די השגחה צוגעגרייט:

„וישב ישראל בשטים״ — אידען באַשליסען צו פאַרבלייבען אין שטים פאַר אַ לאַנגער צייט. די לענדער, וואָס זיי האָבען פאַרנומען פון סיחון מלך האמורי און עוג מלך הבשן, זיינען געווען זייער פרוכטבאַרע, די שטעט שיין און שטאַרק געבויט, און די פיל שאָף און רינדער, וואָס זיי האָבען אַריינגעקראַ־גען, האָט זיי רייך געמאַכט. כאָטש זיי זיינען שוין געווען ניט ווייט פון דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, ווילען זיי זיך אָבער אָפּרוען פון דער לאַנגער נסיעה און פון די שווערע מלחמות, וואָס זיי האָבען דורכגעמאַכט, און באַשליסען אָפּצולייגען זייער גאַנג נאָך דעם פאָטערלאַנד און זיך באַזעצען פאַר אַ גע־ווי‌סער צייט אין די נייע לענדער, וואָס זיי האָבען נאָר־וואָס איינגענומען.

אונזערע חז״ל באַמערקען אויף דעם: „כל מקום שנאמר וישב אינו אלא צרה״ — אין יעדען פרעמדען לאַנד, וואו אידען באַזעצען זיך און לאָזען זיך דאָרט וואוילגיין, וואַקסט דאָרט אויס אַ צרה (סנהדרין ק״ו). און עס האָט טאַקע לאַנג ניט גענומען און אַ נייע צרה, אַ נייער אָפּהאַלט פון דער ענדגילטי־גער גאולה, קומט אָן: „ויחל העם לזנות אל בנות מואב״ — דאָס פאָלק האָט זיך גענומען קערען צו די טעכטער פון מואב. אַ מגפה פון געמישטע הייראַטען ברעכט אויס און מיט דעם קומט אויך דער „וישתחו לאליקיהן״ — זיי בוקען זיך צו זייערע געטער. די פרעמדע פרויען רייסען זיי אָפּ פון זייער אמונה און מאַכען פון זיי געצענדינער. „ויהיו המתים במגפה ארבעה ועשרים אלף״ — פיר־און־צוואַנציג טויזענט אידישע קינדער זיינען אָפּגעשטאָרבען פאַר דאָס פאָלק אין דער מגפה פון געמישטע הייראַטען און אַסימילאַציע.

די חז״ל ווילען האָבען, אַז דאָס איז געווען די עצה פון בלעמ׳ן, וועלכער האָט געראַטען די מואבים בעסער זיך צו פריינדלען מיט די אידען. ער האָט גוט געוואוסט זייער כאַראַקטער, אַז דורך פריינטשאַפט און שמייכלעריי קען

מען די אידען לייכט אַראָפּפירען פון וועג. פאַר אַ גוט וואָרט פון אַ גוי וועט מען אַלץ אָפּגעבען. און זיין עצה האָט געווירקט. די לייכטזיניגע רייכע נשיאים, אונטער דער פירערשאַפט פון זמרי בן סלוא, האָבען אָנגעפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע צווישען די יונגעלייט, זיי זאָלען זיך וואָס מער דערנענטערען צו די „בנות מואב", צו די שיינע טעכטער פון מואב, און אַזוי־אַרום שאַפען אַ פאַראייניגונג צווישען די צוויי פעלקער.

די מגפה פון אַסימילאַציע וואָלט זיך זיכער נאָך מער פאַרשפּרייט, ווען ניט די קנאות, די מסירת־נפש'דיגע איבערגעבענקייט פון דעם יונגען כהן פינחס, וועלכער האָט איינגעשטעלט זיין לעבען און דער'הרג'עט דעם אָנפירער זמרי בן סלוא. „בקשו לנדותו" — די צעווילדעטע נשיאים האָבען אים געוואָלט מחרים זיין און אויסשליסען פון דעם אידישען קהל, „אלולי שקפצה רוח הקודש ואמרה והיתה לו ולזרעו אחריו ברית כהונת עולם" — ווען עס וואָלט ניט אויפגעשפּרונגען דער הייליגער גייסט און געזאָגט: אָט די מסירת־נפש, וואָס פינחס האָט אַרויסגעוויזען, וועט בלייבען פאַר אים און זיינע קינדער אַ בונד צווישען אונז פון אייביגער פּריסטהוד (ירושלמי סנהדרין פ"ט). די אידישע צוקונפט וועט איבעראַל געזיכערט ווערען דורך די קנאות און איבערגעבענקייט פון די פינחס'עס אין יעדען דור, וועלכע זיינען אויסגעהאַלטען און בלייבען טריי די אידישע פּרינציפּען אונטער אַלע אומשטענדען.

„ויהי אחרי המגפה" — דאָס איז פאַרגעקומען נאָך דער מגפה, נאָכדעם ווי פיר־און־צוואַנציג טויזענט יונגע אידען זיינען אויסגעשטאָרבען, און ג' זאָגט צו משה'ן: „שאו את ראש כל עדת בני ישראל" — נעם אויף די צאָל פון דער גאַנצער אידישער געמיינדע. „כל מקום שנפלו הוזקקו למנין" — נאָך יעדען דורכפאַל זיינען זיי געווען אויסגעזעצט צו אַ נייער ציילונג. „דומה לזאב שנפל על הצאן, הוצרך בעל הצאן למנותם, לידע כמה חסרו" — דאָס איז גלייך צו דעם פאַל, אַז ווען אַ וואָלף באַפאַלט אַ סטאַדע שעפּסען, מוז דער באַלעבאָס זיי ציילען, כדי צו וויסען וויפיל עס פעלען (מדרש תנחומא).

אַן אַנדער מדרש אָבער וויל האָבען, אַז משה אַליין האָט זיי געוואָלט ציילען. אַזוי ווי גב"ה האָט אים איבערגעגעבען די אידען מיט אַ באַשטימטער צאָל, איז איצט, ווען ער גייט זיך פון זיי שיידען, וויל ער זיי אומקערען מיט אַ צאָל, און זאָל דער אויבערשטער וויסען, אַז ער האָט ניט מועיל געווען אין זיין שליחות און אַז נאָך אַלע אומגליקען איז זייער צאָל ניט קלענער ווי געווען.

אַז ער איז פּאַרטיג געוואָרען מיט איבערציילען די אידען, בעט זיך משה ביי ג׳: „יפקד אלקי הרוחות לכל בשר איש על העדה״ — זאָל דער ג׳, וואָס האָט געשאַפען די גייסטער פאַר אַלע מענשען, באַשטימען אַ נייעם פירער פאַר דער געמיינדע. וואָרום אַפּעלירט ער צו אים אַלס דער ג׳ פון אַלע גייסטער? זאָגט אויף דעם דער מדרש, אַז ער האָט געבעטען: „רבונו של עולם! גלוי וידוע לפניך דעתם של כל אחד ואחד, ואין בשל בניך דומה זה לזה״ — האַר פון דער וועלט! פאַר דיר איז דאָך אָפען און באַקאַנט די דעה פון יעדען באַזונדער, און דו ווייסט דאָך, אַז עס איז ניטאָ צווישען דיינע קינדער קיין גלייכע דעה, „כשאני מסתלק מהם, בבקשה ממך, מנה עליהם אדם שיהא סובל לכל אחד ואחד לפי דעתו״ — איצט, אַז איך גיי אַוועק פון זיי, בעט איך דיך, באַשטים פאַר זיי אַ מענשען, וואָס זאָל קענען סובל זיין יעדען איינציגען לויט זיין דעה און זאָל אימשטאַנד זיין אַלעמען צופרידען־שטעלען (תנחומא).

ער וויל אָבער ניט אַזאַ פירער, וואָס זאָל זיך בויגען פאַר זיי און לאָזען זיי טאָן וואָס זיי ווילען, נאָר „איש אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם״ — אַ מענש, וואָס זאָל גיין פאַר זיי און קומען פאַר זיי. ער זאָל אימער גיין פאָר־אויס און אַרויפהויבען דאָס פאָלק צו זיך. „איש אשר יוציאם בזכיותיו ואשר יביאם בזכיותיו״ — אַזאַ פירער, וואָס זאָל זיי אַרויספירען מיט ערליכקייט און אַריינברייגען מיט ערליכקייט. ער וויל ניט אַזאַ מנהיג, וואָס זוכט דוקא נושא חן צו זיין ביי דעם עולם און שלעפּט זיך נאָך אים. די גרויסקייט פון אַ פירער באַשטייט אין דעם, וואָס ער באַזיצט די אייגענשאַפט צו באַאיינפלוסען די געמיינדע, אַז זיי זאָלען זיך האַלטען פעסט ביי זייער גלויבען און זייערע טראַדיציעס, כדי צו פאַרזיכערען זייער פאָלק׳ס עתיד.

ר׳ ישראל סאַלאַנטער ע״ה דערקלערט מיט אָט דעם געדאַנק אַן אַנדער שטעלע אין דער גמרא: „דור שבן דוד בא פּני הדור כפני הכלב״ — דער דור, אין וועלכען משיח וועט קומען, וועלען די פירער אויסקוקען ווי הינט (סנהדרין צ״ח). ער זאָגט: „דער כלב האָט אַ טבע, אַז בשעת ער גייט מיט מענשען, לויפט ער שטענדיג פאָראויס, ווי ער וואָלט געווען זייער מנהיג און וועגווייזער. דערביי אָבער איז ביי יעדע עטליכע טריט דרייט ער אויס צו זיי דעם פּנים, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך איבערצייגען, אַז זיי זיינען צופרידען פון אים און זיין הנהגה. אָט אַזוי וועלען אויסקוקען די אידישע פירער אין יענער

צייט. זיי וועלען זיך רק דרייען צום עולם און זוכען צו געפעלען ווערען יעדען. אין אַזאַ דור מוז קומען משיח, דער אמת'ער פירער, וועלכער זאָל אויפהויבען דעם עולם צו זיך און אים פירען מיט שטאָלץ"...

# הפטרה

## מען טאָר ניט רעדען לשון הרע אויף אידען

**והנה מראשותיו עגת רצפים.**

„מהו רצפים? אמר רבן שמעון בן גמליאל: רצוץ פיות כל מי שאומר דלטורייא על בני" — וואָרום דערציילט דאָ דער פסוק, אַז ער האָט געפונען צוקאָפּענס אַ קיכעל געבאַקט אויף הייסע קוילען? זאָגט רבן שמעון בן גמליאל, אַז רצפים איז „ראשי תבות פון די ווערטער „רצוץ פיות" — צעברעך די מיילער פון די, וואָס רעדען לשון הרע אויף מיינע קינדער (שיר השירים רבה א').

דער קעניג אחאב הייראַט מיט אַ פערסישער פּרינצעסין, איזבל, און זי פירט אים אַראָפּ פון גלייכען וועג. זי איז איבערגעגעבען צו דער עבודה זרה בעל און פירט איין דעם געצענדינסט איבער'ן גאַנצען לאַנד. זי הויבט אָן צו פאַרפאָלגען די אידישע נביאים און פאַרטרייבט זיי פון לאַנד. צווישן זיי געפינט זיך אויך דער באַרימטער נביא אליהו, וועלכער האָט פאָראויס־געזאָגט, אַז צוליב אירע זינדיגע מעשים וועט ניט זיין קיין רעגען אין לאַנד פאַר גאַנצע דריי יאָר און דאָס פאָלק וועט ליידען גרויס הונגער. אליהו האָט זיך אויסבאַהאַלטען אין אַ שטעטעל צרפת, אין דעם לאַנד צידון, וואו ער האָט זיך געשפּייזט מיט די עסענס, וואָס ראָבען האָבען אים געבראַכט.

דאָס פאָלק האָט שטאַרק געליטען, און אחאב באַפעלט זיין דינער „עובדיה", וועלכער איז געוועזן אַ פרומער אידישער נביא אין געהיים, אַז ער זאָל אויסגעפינען, צי עס זיינען נאָך פאַרבליבען טייכען און קוואַלען פון וואַסער צו קענען דערהאַלטען ביים לעבען די בהמות פון לאַנד. אויפ'ן וועג טרעפט ער זיך מיט אליהו'ן און זאָגט אים, אַז זיין אייגענער לעבען איז אין סכנה, אויב ער וועט מיט אים ניט גיין צו אחאב'ן. אליהו האָט רחמנות אויף עובדיה און לאָזט זיך מיט אים גיין צו טרעפען דעם קעניג. ער פאַרשפּרעכט

אים צו ברייגגען רעגען, אויב ער וועט צוזאַמענברייגגען אַלע נביאים פון דעם אָפּגאָט בעל צו טרעפען זיך מיט אים ביים באַרג כרמל. אחאב רופט צוזאַמען פיר הונדערט פון זיי און אויך אַ גרויסען אידישען עולם. אליהו שטעלט־אויף אַ מזבח און נעמט צוויי אָקסען פאַר קרבנות — איינעם פאַר די פאַלשע כהנים, זיי זאָלען אים מקריב זיין צו דעם בעל, און איינעם האַלט ער פאַר זיך אַלס קרבן צו ג׳.

ער מאַכט אָבער אָפּ, אַז קיין פייער זאָל ניט אונטערגעלייגט ווערען אונטער די קרבנות ביז עס וועט אַרונטער אַ פייער פון הימעל און די קרבנות פאַרצערען. די פאַלשע נביאים האָבען געשריען צו זייער אָפּגאָט בעל און זיך געריסען זייער אייגען פלייש, אָבער קיין פייער איז ניט אַרונטער. אליהו שטייט און מאַכט פון זיי חוזק און הייסט זיי שרייען וואָס העכער, פילייכט האָט ער זיך פאַרשמועסט אָדער איז איינגעשלאָפען. אַ גאַנצען טאָג האָבען זיי אַרומגעטאַנצט אַרום זייער מזבח און קיין פייער פון הימעל איז אַלץ ניט אַרונטער.

פאַרנאַכט האָט אליהו איינגעלאַדען דעם גאַנצען עולם פאַר זיין מזבח. ער האָט נאָך אויסגעגראָבען טיפע גריבער אַרום אים און זיי אָנגעפילט מיט וואַסער. נאָך זיין תפילה צו ג׳ איז אַרונטער אַ העלישער פייער פון הימעל, האָט פאַרברענט דעם קרבן און נאָך אויסגעטריקענט די גאַנצע וואַסער אַרום דעם מזבח. די אידען האָבען עס געזען, אַלע האָבען אין איין קול אויסגעשריען: ה׳ הוא האלקים" — אַז דער אידישער ג׳ איז דער איינציגער. אויף דעם באַפעל פון אליהו האָבען זיי געכאַפּט אַלע פאַלשע נביאים און זיי אויסגע־שאָכטען ביים טייך קישון, און גלייך נאָכדעם האָט אָנגעפאַנגען רעגענען אי־בער׳ן גאַנצען לאַנד.

ווען די מרשעת איזבל האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט זי גע־שוואוירען צו טויטען אליהו׳ן, און ער האָט ווידער געדאַרפט אַנטלויפען. איז ער אַוועק אין דער מדבר און האָט זיך דאָרט באַהאַלטען צווישען די בערג. אויסגעמאַטערט פון דעם לאַנגען וועג און הונגעריג און דורשטיג, האָט ער אויף זיך געבעטען דעם טויט, ביז ער איז איינגעשלאָפען. האָט אים אַ מלאך אויפגעוועקט און אים געזאָגט: „קום אכול" — שטיי־אויף און עס. קוקט ער זיך אַרום און זעט ביי זיך צוקאָפּענס אַ קיכעל געבאַקט אויף הייסע קוילען און אַ קרוג וואַסער. האָט ער געגעסען און געטרונקען און זיך צוריק אַוועק־

געלייגט שלאָפען. ווען ער איז אויפגעשטאַנען, איז ער מיט דעם כוח פון דעם, וואָס ער האָט געגעסען, געגאַנגען גאַנצע פערציג טעג ביז ער איז אָנגעקומען צום באַרק חורב.

דאָרט אין אַ הויל פרעגט אים ג׳ וואָס ער טוט דאָרט. האָט אליהו גע־ענטפערט: „קנא קנאתי לד׳, כי עזבו בריתך בני ישראל" — איך האָב געצערענט צו ג׳ פאַר דעם, וואָס די אידען האָבען פאַרלאָזען דיין בונט און דינען פרעמדע אָפּגעטער. די חז"ל ווילען האָבען, אַז מיט די ווערטער „עזבו בריתך" האָט ער די אידען פאַר׳מסר׳ט, אַז זיי האָבען אויפגעגעבען די מצוה פון מילה. האָט אים ג׳ געענטפערט: „חייך שאין ישראל עושין ברית מילה עד שאתה רואה בעיניך" — איך שווער ביי דיין לעבען, אַז אידען וועלען ניט מאַכען קיין ברית מילה ביז דו וועסט עס זען מיט דיינע אייגענע אויגען. פון דאַנען נעמט זיך דער מנהג אַרויפצולייגען דעם „רך הנימול" אויף אַ כסא של אליהו איידער מען איז אים מל (ילקוט שמעוני ב׳ ט"ו).

רבן שמעון בן גמליאל באַמערקט, אַז די אורזאַך וואָרום דער מלאך האָט אים געבראַכט אַ קיכעל געבאַקט אויף „רצפים" איז געווען, ווייל ער האָט אים מיט דעם געוואָלט אָנדייטען, אַז ער זאָל מער ניט ריידען קיין לשון הרע אויף אידען.

---

## ה.

## משה׳ס גרויסע טראַגעדיע

### עלה על הר העברים — וראיתה אותה.

„שתי ראיות הם: אחת ראיה של נחת ואחת ראיה של צער. באברהם הוא אומר: שא נא עיניך וראה את הארץ מן המקום אשר אתה שם — זו היא ראיה של נחת. במשה הוא אומר: עלה על הר העברים וראית אותה — זו היא ראיה של צער" — ארץ־ישראל ווערט געזען דורך צווייערליי וועגען — איינער דורך נחת און איינער דורך צער. ביי אברהם׳ן זאָגט אים ג׳: הויב אויף דיינע אויגען און זע דאָס לאַנד פון דעם אָרט, וואָס דו ביזט דאָרט — דאָס הייסט געזען דורך נחת. אָבער ביי משה׳ן זאָגט ער אים: גיי אַרויף אויף דעם באַרג עברים און פון דאָרט וועסטו דאָס לאַנד זען — דאָס הייסט געזען דורך צער (ספרי).

פערציג יאָר האָט משה שווער געאַרבייט, כדי צו קאָנען ברײנגען זײן פאָלק צו דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד. ער האָט זיך פאַר דער צייט פיל מאָל מוסר־נפש געווען און געקעמפט פאַר זיי מיט פרעה'ן אין מצרים, מיט די פאַרניכטענדע עלעמענטען אין מדבר, זאָגאַר מיט דעם אויבערשטען אַליין, ווען ער האָט זיי געוואָלט שלעכטס טאָן. זינט ער האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע דורכצופירען ג'ס מיסיע, וואָס איז אים געגעבען געוואָרען ביים באַרג סיני, צו באַפרייען די אידען פון זייער שרעקליכען גלות אין מצרים, האָט ער ניט געהאַט קיין איין רואיגען טאָג. די גרויסע נסים, וואָס ער האָט דורך ג' זיי באַוויזען, זיינען ביי זיי געווען קנאַפּ אָנגעלייגט. זיין שווערע אַרבייט און זיין מסירת־נפש פאַר דער אידישער גאולה האָבען אים ווייניג פריינט פאַרשאַפט, איבערהויפּט צווישען די „נשיאי עדה" — די רייכערע פון דער געמיינדע און זייערע אָנפירער. אימער האָבען זיי געזוכט אַ געלעגענהייט אים צו קריטיקירען און באַפאַלען.

ביי יעדער שוועריגקייט, וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט דורכצומאַכען אויף זיין לאַנגער נסיעה, „ויצעק העם אל משה — וילונו העם על משה" — האָט מען געשריען אויף משה'ן און מען האָט זיך געקריגט מיט משה'ן. און דער געשריי איז געווען: „מה זאת עשית לנו להוציאנו ממצרים?" — וואָס האָסטו אַזוינס געטאָן צו אונז, אַרויסצונעמען אונז פון אַזאַ גוט לאַנד ווי מצרים? ליידען פאַר דער פרייהייט האָבען זיי ניט געוואָלט. זיי האָבען געהאַלטען אין איין פאָדערען נסים, און אויך דאָס איז ניט געווען אָנגעלייגט. משה האָט אָבער אַלץ אָנגענומען פאַר גוט. „ארבעים שנה היה משה משמר עצמו שלא להקפיד כנגדן ולא פרק משאן מעליו" — פערציג יאָר האָט זיך משה אָפּגעהיט פון ווערען אין כעס אויף די אידען און האָט פון זיך ניט אַראָפּגעוואָרפען זייער לאַסט (במ"ר י"ט). זיין הויפּט שטרעבונג איז געווען צו מאַכען די אידען פאַר אַ פאָלק, און דידאָזיגע אויפגאַבע איז ביי אים געשטאַנען העכער פון אַלץ.

ענדליך, אַז אים געלינגט צו דערגרייכען זיין ציל און דער יונגער דור, וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אונטער זיין השגחה, איז גרייט צו גיין איינגעמען און באַזעצען דאָס לאַנד, הערט ער פון ג' דעם טרויעריגען באַפעל: „עלה על הר העברים וראה את הארץ אשר נתתי לבני ישראל, וראיתה אותה ונאספת אל עמך גם אתה כאשר נאסף אהרן אחיך" — גיי אַרויף אויף

דעם בּאַרג עברים און זע דאָס לאַנד, וואָס איך האָב געגעבען פאַר די אידען. באַטראַכט עס און ווער איינגעזאַמעלט צו דיין פאָלק אויך דו, ווי עס איז גע־שען מיט דיין ברודער אהרן... וואָס פאַר אַ שרעקליכע טראַגעדיע עס ווערט דאָ געשילדערט! אַפּגעאַרבייט אַ גאַנץ לעבען פאַר אַ צוועק, זיך מוסר־נפש געווען אומצייליגע מאָל אים דורכצופירען, און אַז דער צוועק ווערט דערגרייכט, זאָגט מען אים: דו אַליין קאָנסט פון דעם ניט געניסען. דאָס לאַנד, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט און פאַר וועלכען ער האָט טאָג־איין און טאָג־אויס געקעמפּט מיט זיינע ברידער, קאָן ער בלויז אָנקוקען, זען עס פון דער וויטענס, אָבער אַריינגיין אין אים און דאָרט וואוינען האָט ער די זכיה ניט...

אונזערע חז"ל פרעגען: „למה נסמכה כאן?" — וואָרום ווערט דער דאָזיגער באַפעל געבראַכט דאָ גלייך נאָך די דינים ווי מען זאָל פאַרטיילען דאָס לאַנד? און זיי ענטפערען: אַז משה האָט געהערט פון ג' ווי ער זאָגט אים: „נתן תתן להם אחוזה, אמר: אותי צוה הקב"ה להנחיל, שמא הותרה הגזרה ואכנס לארץ?" — גיב זיי אַן ערבטייל, האָט ער ביי זיך געטראַכט: מיר הייסט ג' ווי אויסצוטיילען די נחלות, פיליכט איז אַרונטערגענומען גע־וואָרען די גזרה און איך וועל אַריינקומען אין דעם לאַנד? „אמר לו הקב"ה: גזרתי במקומה עומדת" — ג' זאָגט אים אָבער: מיין גזרה בלייבט שטיין אויף איר אָרט (ספרי). ער בעט זיך ביי ג': לאָז מיך כאָטש אַריין אַהין פאַר אַ קורצער צייט, איך בין גרייט אפילו אויפצוגעבען מיין פירערשאַפט און וועל דינען געטריי יעדען אַנדער מנהיג, וואָס דו וועסט באַשטימען, אַבי לאָז מיך אַריבערגיין דעם ירדן און איינאָטעמען די לופט פון דעם הייליגען לאַנד.

דער אויבערשטער ענטפערט אים אָבער: אַזוי האָב איך באַשלאָסען און אַזוי וועט עס בלייבען. דו קאָנסט בלויז אָנקוקען דאָס לאַנד פון דער וויטענס, אָבער אַהין וועסטו ניט אַריין. און דער מדרש באַמערקט מיט באַ־דויערונג: „אתמול היה עולה לרקיע כנשר — עכשיו היה מבקש לעבור את הירדן ואינו יכל" — נעכטען איז ער געפלויגען אין די הימלען ווי אַן אָדלער, איצט וויל ער אַריבער דעם ירדן און קאָן ניט (דב"ר פ"ט). משה דער העלד פון אַלע העלדען, וועלכער איז געשטאַנען ווי אַ זייל ליכט אויפ'ן שוועל פון דער אידישער געשיכטע און האָט געצוואונגען הימעל און ערד צו טאָן

זיין געבאָט — ער איז צו־שוואַך צו קאָנען דערוויזען אַזאַ קליינינגקייט ווי אַריבערצוגיין דעם קליינעם ירדן. דער „אדון הנביאים"׳ דער האַר פון אַלע פראָפעטען, פאַר וועמען מלאכים האָבען געציטערט און „כביכול" אַליין האָט פיל מאָל געביטען זיינע מיינונגען אויף זיין פאַרלאַנג, אָט דער גרויסער גייסטיגער ריז קאָן ניט פּועל'ן ביי גאָט צו לאָזען אים אַריינפירען זיינע אידען אין ארץ־ישראל און פאַרענדיגען די אַרבייט, פאַר וועלכער ער האָט זיין גאַנץ לעבען מפקיר געוועזן!...

משה וואַרפט זיך אונטער דעם באַפעל פון ג' און שטימט איין צו דער שרעקליכער גזרה. ער איז מיט איין זאַך צופרידען: זיין הויפּט אידעאַל פון שאַפען אַ אידיש פאָלק איז דורכגעפירט געוואָרען. די תורה, וואָס ער האָט זיי געגעבען, וועט זיי מאַכען פאַר אַן „עם סגולה", אַן אויסנאַם פון אַנדערע פעלקער. דער „קיום האומה", דאָס עקזיסטענץ פון זיין געליבט פאָלק שטייט ביי אים פיל העכער ווי זיין אייגענע פערזענליכקייט און אַמבי־ציעס. ער וויל אָבער וויסען ווער עס וועט פאַרנעמען זיין פלאַץ. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער גורל פון אַ פאָלק ליגט אין די הענט פון זיינע פירער. „לית עלמא מתקיימא אלא על רישיהן דעמא, אי רישי עמא זכאין טב לעלמא, טב לעמא, ואי לא זכאין ווי לעלמא, ווי לעמא" — די וועלט עקזיסטירט נאָר אויף די פירער פון אַ פאָלק. אויב זיי זיינען ערליך, איז גוט פאַר דער וועלט; זיינען זיי אָבער ניט ערליך, איז ווי צו דער וועלט און ווי צו דעם פאָלק (זוהר). די פירער פון אַ פאָלק קאָנען אַמאָל מענשען פאַרוואַנדלען אין ווילדע חיות, וועלכע שטעלען אין סכנה דעם שלום פון דער וועלט.

ער בעט זיך דערפאַר ביי ג', אַז ער זאָל באַשטימען אַ מנהיג פאַר דעם פאָלק: „אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם, אשר יוציאם בזכיותיו ואשר יביאם בזכיותיו" — אַ מענשען, וועלכער זאָל גיין פאַר זיי און קומען פאַר זיי, וועלכער זאָל זיי אַרויספירען מיט ערליכקייט און זיי אַריינברענגען מיט ערליכקייט (רש"י). „פאַראַן צוויי׳ערליי מנהיגים: אַזעלכע, וואָס וועלען־דיג נושא־חן זיין ביי דער געמיינדע, שלעפּען זיי זיך נאָך איר און באַמיען זיך צוצופּאַסען צו אירע וואונשען און באַגערען — אַזעלכע זיינען קנאַפּע מנהיגים, ווייל ניט זיי פירען די עדה, נאָר די עדה פירט זיי. דער אמת'ער מנהיג איז דער, וועלכער לאָזט זיך ניט אַראָפּ צום פאָלק, נאָר הויבט דאָס פאָלק צו זיך. „אשר יצא לפניהם", וואָס גייט פאָראויס דער געמיינדע און ניט הינטער איר (דרשות על עמי).

דער אויבערשטער הייסט משה׳ן: „עלה על הר העברים וראה את הארץ״ — גיי אַרויף אויף דעם באַרג „עברים״ און זע פון דאָרט דאָס לאַנד. באַמערקען אונזערע חז״ל: „נמצא קרוי ארבע שמות: „הר העברים״, „הר נבו״, „הר ההר״, „ראש הפסגה״, ומה צורך בכך? אלא שהיו המלכיות מתפארים עליו, זאת אומרת יקרא לשמי, וזאת אומרת יקרא לשמי״ — מיר געפינען, אַז דער באַרג טראָגט פיר פאַרשיידענע נעמען: „עברים״, „נבו״, „הר־ההר״ און „פסגה״. וואָס איז דער מיין פון דעם? דאָס איז דערפאַר, ווייל די פאַרשיידענע מלוכות גרויסען זיך וועגען אים. יעדע פון זיי זאָגט: זאָל ער גערופען ווערען אויף מיין נאָמען (ספרי זוטא). אין אָט דעם כמעט אומפאַרשטענדליכען מאמר ליגט אַ טיפע כונה, וואָס וואַרפט אַ ליכט אויף דער סיבה, וואָרום האָט זיך דער אידישער גלות אַזוי לאַנג פאַרצויגען. לאָמיר עס זוכען צו פאַרשטיין. אַ שיין־ביסעל בערג מוזען אידען אַריבערקלעטערען ביז זיי וועלען קומען צו זייער ענדגילטיגער גאולה. אין יעדען גלות־לאַנד טראָגט דער „הר־העברים״, דעם איבערגאַנגס־באַרג צו אַן אייגען לאַנד, אַן אַנדער נאָמען. אין יעדער פרעמדער מדינה, וואו אידען געפינען זיך, זיינען די שטע־רונגען פאַר זייער צוריקבוי פאַרשידען און טראָגען אַ באַזונדערען כאַראַקטער. דאָ איז דער באַרג אַ „הר־ההר״, צוזאַמענגעשטעלט פון הויכע עקאָנאָמישע דערגרייכונגען; אידען ווילען דעם גלות ניט פאַרלאָזען צוליב פרנסה. דאָ איז ער אַ פסיכאָלאָגישער — אַ „ראש הפסגה״, אידען האָבען זיך איינגעלעבט צווישען זייערע שכנים און דערגרייכט צו הויכען פרייהייטען און ווילען זיי ניט פאַרלאָזען. אין מאַנכע פון די פרייערע מדינות איז דער באַרג, וואָס שטייט זיי אין וועג, אַן אַסימילאַטאָרישער — אַ „הר־נבו״, וואו זיי האָבען באַגראָבען משה׳ן מיט זיין תורה און זוכען זיך אויסצומישען צווישען זייערע שכנים.

אָט די אַלע זיינען די „הרי העברים״, די איבערגאַנגס־בערג, וואָס דאָס אידיש פאָלק מוז אַריבערקלעטערען, כדי צו דערגרייכען אַן אייגענע היים. און דער „ספרי״ באַמערקט אויף דעם: „שתי ראיות יש״ — צוויי וועגען זיינען פאַראַן, דורך וועלכע אידען זעען ארץ־ישראל — איינער איז אַ נחת׳דיגער, פול מיט צופרידענקייט, און איינער איז אַ טרויעריגער, פול מיט צער. די יעניגע, וואָס פאַרלאָזען דעם גלות און באַזעצען זיך אין ארץ־ישראל, כאָטש זי איז נאָך דערווייל ניט אונזערע, האָבען פיל נחת פון יעדער אידישער דערגרייכונג אין לאַנד. זיי זיינען ווי אברהם, וועלכער האָט געזען

דאָס לאַנד „מן המקום אשר אתה שם״ — פון דעם פּלאַץ, וואו ער האָט זיך געפונען. שטייענדיג אויף דעם „הר המוריה״, קוקט ער אין דער ווייטער צוקונפט און האָט נחת, ווייל ער זעט אַ בליענד לאַנד, וואָס האָט צוריק אויפ־געלעבט צוזאַמען מיט זיינע קינדער. די אָבער, וועלכע שטייען נאָך אין דער מדבר פון גלות און זעען ארץ־ישראל פון דעם „הר העברים״, דעם גרויסען און הויכען איבערגאַנגס־באַרג, וואָס שיידט זיי אָפּ פון זייער נאַציאָנאַלער היים, זיי זעען פיל צער און שוועריגקייט ביז זיי וועלען זייער ציל דער־גרייכען.

---

# הפטרה

## גאָט האָט ליב די קעמפענדע יוגענט

**ויאמר ה׳ אלי אל תאמר נער אנכי.**

„אמר לו הקב״ה: אל תאמר נער אנכי, הלא לנער אני אוהב ובאהבת נער אני נזכר לכנסת ישראל. טול הכוס הזה של חימה והשקה את הגוים״ — גב״ה זאָגט צו ירמהו: זאָג מיר ניט, אַז דו ביסט צו־יונג, ווייל איך האָב ליב די יוגענט, און טאַקע צוליב מיין ליבע צו דער יוגענט וועל איך גע־דענקען די אידען. נעם דעם כוס פון צאָרן און טרינק אָן די גוים (פּסיקתא רבתי).

ווייל די היינטיגע סדרה פאַנגט זיך אָן מיט לויב־ווערטער וועגען פנחס׳ן, וועלכער האָט מיט זיין גרויס קנאות פאַר דער אידישער גאַנצקייט אָנגעפירט אַ קאַמף קעגען געמישע הייראַטען און האָט דורך דעם געראַטעוועט דאָס אידיש פאָלק, האָבען די מסדרים באַשטימט דאָס קאַפּיטעל י״ט פון מלכים א׳ פאַר איר הפטרה. אין דעם קאַפּיטעל ווערט אונז איבערגעגעבען דער גרויסער קנאות׳דיגער קאַמף, וואָס אליהו הנביא האָט אָנגעפירט קעגען דעם קעניג אחאב און זיין ניט־אידישער פרוי איזבל מיט אירע פאַלשע נביאים און האָט אַזוי־אַרום אָפּגעהאַלטען די אידען פון געצענדינערײ. צוליב דעם אָבער, וואָס היינטיגען יאָר געפאַלט די סדרה פנחס אין די דריי וואָכען, וואָס מיר אידען טרויערען נאָכ׳ן חורבן, לייענען מיר אָנשטאָט דעם די הפטרה פון „מטות״, וואָס איז דאָס ערשטע קאַפּיטעל פון ירמיהו, דער גרויסער „מקונן״ פון דעם אידישען חורבן.

ירמיהו איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן, ווען ג׳ האָט אים אויפגעפאָדערט צו מוסר׳ן דעם קעניגליכען הויף און די פאַרשידענע מלוכה־מענשען, וועלכע האַלטען ביים דערפירען דאָס לאַנד צו אַ גרויסען און שרעקליכען חורבן מיט זייערע פאַרשייטע מעשים און פאַרדאָרבענע וועגען. ירמיהו שרעקט זיך זעהר פאַר דער אויפגאַבע. ער ווייסט די געפאַרען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט אַזאַ שליחות. זוכט ער זיך אַרויסצודרייען אונטער דעם אויסרייד „נער אנכי״, איך בין נאָך יונג און מיינע ווערטער וועלען ניט געהערט ווערען. דער אויבערשטער לאָזט אים אָבער ניט אָפּ און באַפעלט אים: „ראה הפקדתיך״ — זע, איך האָב דיר באַשטימט פאַר דער דאָזיגער מיסיע און דו מוזט זי אָננעמען, אָפּגעזעען פון די אַלע שוועריגקייטען און געפאַרען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט איר.

ער זאָגט אים: דייך תירוץ, אַז דו ביזט צו־יונג, איז ביי מיר קיין חסרון ניט. אין געגענטייל, ווייל דו ביזט יונג, טרוי איך דיר אָן דידאָזיגע הייליגע אויפגאַבע. איך האָב ליב די יוגענט, ווייל זי איז מער קאָמפּסלוסטיג און שרעקט זיך ניט פאַר קיינע געפאַרען. „באהבת נער אני נזכר לכנסת ישראל״ — בלויז דורך דער ליבע און איבערגעבענקייט פון דער יוגענט ווער איך געדענקט פון דער כנסת ישראל. די עלטערען זיינען צופיל פאַרטאָן מיט זיך און זיינען צו קאָנסערוואַטיוו צו קעמפען פאַר דעם אויפבוי פון זייער אומה. פילע פון זיי האָבען זיך איינגעלעבט אין דער געגענוואָרט און האַלטען די אויגען פאַרמאַכט פאַר דער אידישער צוקונפט. פאַר פרייהייט מוז מען קעמפען, און אויף דעם איז נאָר פעאיג די יוגענט. „טול הכוס הזה של חימה והשקה את הגוים״ — נעם דעם כוס פון צאָרן און טרינק מיט אים אָן די פעלקער, וועלכע זוכען אייך צו אונטערדריקען. מיט נאָכגעבען און האַלטען אין איין חנפ׳ענען די שונאים וועט דאָס אידיש פאָלק ווייט ניט גרייכען (שם).

די אידישע אויפגאַבע אין ארץ־ישראל איז צו בויען און פלאַנצען, צו פאַרוואַנדלען אירע מדבריות אין פרוכטבאַרע פעלדער, וואָס זאָלען פראָדוצירען פרוכט פאַר דעם אידישען פאָלק און אויך פאַר זיינע אַרומיגע שכנים. אויב אייניגע פון די רעגירונגען שטערען און פראָוואָצירען קעגען דעם אידישען היימלאַנד, גיט זיך ניט אונטער. „ראה הפקדתיך היום הזה על הגוים ועל הממלכות לנתוש ולנתוץ ולאבד ולהרוס, לבנות ולנטוע״ — זע, איך גיב

דיר הייניגען טאָג די אויפגאַבע איבער די פעלקער און רעגירונגען, וועלכע שטערען אייך אין דער אַרבייט, אויסצורייסען און איינצואוואַרפען, אונטער־צובריינגען און צו צעשמעטערען, כדי איר זאָלט קאָנען בויען און פלאַנצען.

זאָלען מיר ניט פאַראַכטען די יוגענט אין ארץ־ישראל, וועלכע רייסט איצט בריקען און צעשטערט די ענגלישע אַרסענאַלען אין לאַנד. זיי קעמפען פאַר דער אידישער צוקונפט און זיי זיינען זיך מוסר נפש פאַר דעם אידישען היימלאַנד. לאָמיר זיי שטיצען, ווייל אויך ג' האָט זיי ליב...



# מטות־מסעי

## א.

### משה האָט נאָך געקאָנט לעבען

**אחר תאסף אל עמיך.**

„רבי יהודה אומר: אלו רצה משה לחיות כמה שנים היה חי, שאמר לו הקב״ה: „נקם נקמת בני ישראל מאת המדינים, אחר תאסף אל עמיך״. תלה הקב״ה מיתתו בנקמת מדין. אלא להודיעך שבחו של משה, שלא אמר בשביל שאחיה אעכב נקמת בני ישראל מן המדינים. מיד וידבר משה אל העם: „החלצו מאתכם אנשים לצבא ויהיו על מדין״ — רבי יהודה זאָגט: אויב משה וואָלט געוואָלט, האָט ער נאָך געקאָנט לעבען פיל יאָרען, ווייל ג' האָט אים געזאָגט: נעם נקמה פאַר די אידען פון די מדינים און נאָכדעם וועסטו איינגעזאַמעלט ווערען צו דיין פאָלק — האָט ער דאָך אָנגעהאַנגען זיין טויט אין דער נקמה פון מדין. מען לאָזט אונז אָבער וויסען די גרויסקייט פון משה'ן, אַז ער האָט ניט געזאָגט: כדי איך זאָל קאָנען לענגער לעבען, וועל איך אָפּהאַלטען די נקמה פאַר די אידען פון די מדינים. באַלד ווי ער האָט געהערט דעם באַפעל פון ג', זאָגט משה צום פאָלק: „באַוואָפענט פון אייך מענער צום חיל און גייט אויף מדין״ (מדרש תנחומא).

די פרשה פון בלק און בלעם, כאָטש פון אויבענאויף ווייזט זי אויס צו זיין העכסט גינסטיג פאַר די אידען, האָט זיך אָבער פאַרענדיגט מיט אַ גרויסער פאָלקס־טראַגעדיע. אמת טאַקע, קיין אָפענע שלאַכט צווישען מואב און די אידען איז ניט פאַרגעקומען, ווייל זעענדיג דעם ביטערען סוף, וואָס די מעכטיגע קעניגען „סיחון״ און „עוג״ האָבען געהאַט, ווען זיי זיינען באַפאַלען די אידען, האָט בלק מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין אַן אָפענער שלאַכט קעגען זיי. אויך די אידען האָבען זיך אָפּגעהאַלטען פון פאַרפירען אַ קריג מיט די

מואבים, ווייל ג׳ האָט אָנגעזאָגט משה׳ן: „אל תצר את מואב ואל תתגר בם מלחמה״ — דו זאָלסט ניט באַלאַגערן מואב און זאָלסט מיט זיי ניט פאַר־פירען קיין קריג. די אידען האָבען אויסגעפאָלגט דעם באַפעל, „ויחנו בערבות מואב״ — זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין די וויסטענישען אַרום מואב און זיינען ניט געקומען צום לאַנד.

מיט דעם אָבער האָט זיך די פרשה ניט געענדיגט. בלעם, וועלכער האָט פיינט געהאַט די אידען פיל מער ווי בלק, האָט אים שטילערהייט געראַטען צו פאַרפירען אַ מאַראַלישען קאַמף מיט די אידען, און דאָס איז אים העכסט געלונגען. לויט דער טראַדיציע איז בלעמ׳ס עצה צו בלק׳ן געווען, אַז ער זאָל באַפריינדען די אידען און זוכען זיי צוצוציען דורך די שיינע פרויען פון די מואבים. ער זאָגט אים: „אלקיהם של אלו שונא זמה״ — דער אידישער ג׳ האָט פיינט זנות. אויב איר וועט מפקיר זיין אייערע שיינע טעכטער זיי צו פאַרפירען, וועט איר דערמיט אַרויסרופען קעגען זיי דעם צאָרן פון ג׳ און ער וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען. כדי די שטראָף פון ג׳ זאָל זיין גרעסער, האָט ער אים אויך געראַטען, אַז ווען די אידען וועלען זיך צוזאַמענקומען מיט זייערע שיינע פרויען, זאָל מען זיי ניט געבען קיין וויין אָדער שטאַרקע געטראַנקען, „שלא ידונו כשתויי יין אלא כמזידין״ — כדי זיי זאָלען ניט גע׳משפט ווערען ווי באַטרונקענע, נאָר ווי ווידערשפעניגע, וועלען זיי שטאַרקער באַשטראָפט ווערען (תנחומא).

מואב און מדין האָבען אָנגענומען די פינסטערע עצה פון בלעמ׳ן און די אידען האָבען זיך געלאָזט פאַרפירען. „ויחל העם לזנות אל בנות מואב״ — און דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען מזנה צו זיין מיט די טעכטער פון מואָב, „וישתחוו לאלקיהן״ — און זיי האָבען זיך געבוקט און געקניט פאַר זייערע געטער. און ווי דער שטייגער איז, געמישטע הייראַטען פירען צו פאַרלייקע־נונג פון דער אייגענער אמונה און צו אַ דערוויטערונג פון אייגען פאָלק. דער טרויעריגער רעזולטאַט פון בלעמ׳ס עצה איז געווען: „ויהיו המתים במגפה ארבעה ועשרים אלף״ — די צאָל פון די, וואָס זיינען אויסגעשטאָרבען אין דער מגפה איז געווען פיר און צוואַנציג טויזענט. אָט די מגפה פון אַסימילאַציע וואָלט געוויס מער פאַרשפרייט געוואָרען, ווען ניט די קנאות׳דיגע שטעלונג פון פנחס הכהן, וועלכער האָט זיך מוסר נפש געווען, כדי אָפּצוהאַלטען דעם שטראָם פון זנות און פון געמישטע הייראַטען און אַזוי־אַרום געראַטעוועט דאָס פאָלק פון דיסינטעגראַציע.

ג׳ הייסט משה׳ן נעמען נקמה פון מדין פאַר דאָס, וואָס זיי האָבען געטאָן צו די אידען. וואָרום בלויז פון מדין? „והלא מואבים היו תחלה לדבר?" — די מואבים זיינען דאָך געווען די ערשטע אָנצופאַנגען די פיינטליכע אַקציע קעגען די אידען? אויף דער פראַגע גיבען אונז די חז״ל די פאָלגענדע היסטאָרישע דערקלערונג: „גאָר אַמאָל, ווען די אידען האָבען נאָך געשקלאָפט אין מצרים, האָבען די לענדער פון דעם טייך ארנון ביז דעם יבוק און ירדן באַלאַנגט צו מואב. אין אַ גרויסער שלאַכט, וואָס דער דעמאָלסדיגער סיחון, קעניג פון אמורי, האָט קעגען זיי פאַרפירט, האָט ער די לענדער פון זיי צוגענומען און זיי אינקאָרפּאָרירט אין זיין מלוכה. דאָס, זאָגען די חז״ל, איז פון ג׳ פאַראויס באַשטימט געוואָרען, כדי די אידען זאָלען עס נאָכהער באַקומען. „אמר הקב״ה ליתי סיחון ליפוק ממואב, וניתי ישראל וליפקו מסיחון" — גב״ה האָט געזאָגט: זאָל קומען איין סיחון און עס אָוועקנעמען פון מואב, און זאָלען נאָכדעם קומען די אידען און עס אָוועקנעמען פון סיחון׳ען (חולין ס׳ ע״ב).

נאָך דער גרויסער מפּלה, וואָס סיחון און עוג האָבען געכאַפּט פון די אידען, ווען זיי זיינען אַרויס אין אַן אָפענעם קאַמף קעגען זיי, זיינען יענע לענדער אַריינגעפאַלען אין זייער רשות. בלק, דער קעניג פון מואב, האָט זיי איצט געוואָלט צוריקקריגען, און ער האָט זיך געווענדעט צום גרויסען מכשף בלעם, ער זאָל אים העלפען, „אולי אוכל נכה בו ואגרשנו מן הארץ" — פיליכט וועל איך אים קאָנען שלאָגען און פאַרטרייבען פון דעם לאַנד, וואָס האָט אַמאָל באַלאַנגט צו מיין פאָלק. מיט יאָרען שפּעטער, ווען די אידען זיינען שוין געזעסען אויף זייער לאַנד, האָט דער קעניג פון עמון און מואב ווידער געפאָדערט, אַז די אידען זאָלען אים צוריקקערען די דאָזיגע לענדער. דער שופט יפתח ענטפערט אים אָבער: „לא לקח ישראל את ארץ מואב ואת ארץ בני עמון" — די אידען האָבען ניט פאַרנומען קיין לאַנד פון מואב אָדער עמון. די חז״ל גיבען יפתח׳ן גערעכט. זיי זאָגען: „עמון ומואב טהרו בסיחון" — די לענדער פון עמון און מואב, וואָס די אידען האָבען אין זייער באַזיץ, זיינען פּאָליטיש גערייניגט געוואָרען פאַר זיי דורך סיחון, וועלכער האָט זיי צוערשט איינגענומען און נאָכדעם פאַרלאָרען צו די אידען (חולין ס׳ ע״ב).

אויב מואב האָט געהאַט אַ געוויסע באַרעכטיגונג פאַר איר שנאה צו אידען, איז אָבער די שנאה פון מדין געווען א שנאת חנם. נאָכמער, „מואב

און מדין האָבען קיינמאָל ניט געלעבט בשלום צווישען זיך, זיי האָבען זיך אָבער פאַראייניגט כדי אָנצוטאָן אידען צרות (סנהדרין ק״ה, ילקוט שמעוני). „מערקווירדיג״, באַמערקט איינער פון די גרויסע אידישע היסטאָריקער, „דאָס אין א משך פון בלויז פערציג יאָר, האָבען די מדינים זיך געביטען פון פריינט אויף פיינט. ווען משה איז אַלס פּאָליטישער פאַרברעכער אַנטלאָפען פון מצרים, האָט ער זיך פאַר אַ לאַנגער צייט אויסבאַהאַלטען אין מדין. דאָרט האָט אים יתרו, דער הויפּט־פּריסטער, שטאַרק באַפריינדעט און אים נאָך געגעבען זיין טאָכטער צפורה פאַר אַ ווייב. גלייך נאָך יציאת מצרים איז יתרו גע־קומען צו משה׳ן און פאַר יאָרען לאַנג פאַרבראַכט אין דעם אידישען לאַגער און געהאָלפען איינצוואָרדענען דעם אידישען געריכט. ביז דער געשעעניש פון בלק און בלעם האָבען די אידען געהאַט העכסט פריינטליכע באַציאונגען מיט די מדינים, און פּלוצלינג אָן אַ פאַרוואָס זיינען זיי צוגעשטאַנען צו די אידישע שונאים און געזוכט שלעכטס צו טאָן די אידען.״

אונזערע חכמים ווילען האָבען, אַז זייער שנאה צו אונז איז געוועזען מער אַ רעליגיעזע ווי אַ פּאָליטישע. זיי לערנען עס אַרויס פון פּסוק: ג׳ הייסט משה׳ן צו נעמען „נקמת ישראל מאת המדינים״, אַ נקמה פאַר אידען פון די מדינים. משה אָבער רופט אָן די נקמה „נקמת ה׳״ — אַ געטליכע נקמה, ווייל „אמר משה: רבון העולם! אם היינו ערלים או עובדי עבודה זרה, לא היו שונאים אותנו ולא רודפים אחרינו, אלא בשביל תורה שנתת לנו, לכך הנקמה שלך״ — משה האָט געזאָגט: האַר פון דער וועלט, ווען מיר וואָלטען געוועזען גוים, אָדער געצענדינער, וואָלטען זיי אונז ניט פיינט געהאַט און וואָלטען אונז ניט גע׳רודפ׳ט. דאָס טוען זיי נאָר צוליב דער תורה וואָס דו האָסט אונז געגעבען, דערפאַר איז די נקמה דיינע (ספרי). די שנאה צו אידען איז קיינמאָל ניט אַן עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע, זי איז נאָר אַ רעליגיעזע. אָט צוליב דעם וואָס זיי פאַרגינען אונז ניט די תורה וואָס מיר האָבען, האַלטען זיי אין איין פאַרפאָלגען אונז.

משה האָט זיך צוגעאיילט מיט דער נקמה פון מדין, כאָטש ג׳ האָט אים געזאָגט, אַז גלייך נאָכדעם וועט ער שטאַרבען. אין דעם, זאָגען אונז די חכמים, איז באַשטאַנען די גרויסקייט פון משה׳ן. אויב ער וואָלט געוואָלט, האָט ער דאָך געקאָנט לעבען פיל לייגער, ווייל ג׳ האָט תולה געוועזען זיין טויט אָן דער נקמה פון מדין. ער האָט אָבער געשטעלט די אינטערעסען פון

פאָלק העכער פאַר זיין אייגענעם לעבען און האָט זיך אַנטזאָגט אָפּצולייגען די גערעכטע נקמה. זיין תלמיד און נאָכפאָלגער יהושע אָבער האָט אַזוי ניט געטאָן, ווי די חז״ל באַמערקען: „כתיב ביהושע: כאשר הייתי עם משה אהיה עמך, והיה צריך יהושע לחיות ק״כ שנה כמשה רבנו, ולמה נתקצרו עשר שנים?״ — עס איז געשריבען, אַז ג׳ האָט פאַרשפּראָכען יהושע צו זיין מיט אים ווי ער איז געווען מיט משה׳ן, האָט ער דאָך געדאַרפט לעבען הונדערט מיט צוואַנציג יאָר ווי משה רבנו האָט געלעבט, וואָרום איז זיין לעבען פאַרקירצט געוואָרען אויף גאַנצע צען יאָר?

דאָס איז דערפאַר, „שבשעה שאמר לו הקב״ה למשה נקם נקמת בני ישראל, אחר תאסף, נזדרז לכל אותו ענין, אבל יהושע לא עשה כן״ — ווייל בשעת ג׳ האָט געזאָגט צו משה׳ן, נעם נקמה פאַר די אידען און נאָכדעם וועסטו שטאַרבען, האָט ער זיך גלייך צוגעאיילט זיין באַפעל דורכצופירען. יהושע אָבער האָט אַזוי געטאָן: „כשבא להלחם עם ל״א מלכים אמר אם אני הורגם מיד, אני מת כשם שאירע למשה רבנו, והיה מעכב במלחמתן, שנאמר: ימים רבים עשה יהושע את כל המלכים האלה מלחמה״ — ווען ער איז געקומען מלחמה צו האַלטען מיט די איין און דרייסיג מלאכים, האָט ער ביי זיך געטראַכט, אויב איך וועל זיי שנעל אויס׳הרג׳ענען, וועל איך גלייך שטאַרבען, ווי עס האָט פאַסירט מיט משה רבנו, האָט ער דערפאַר פאַרצויגען די מלחמה, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק. פיל יאָרען האָט יהושע אָנגעפירט זיין מלחמה מיט דיזע מלכים. אמר לו הקב״ה: הואיל וכך עשית הריני מקצר שנותיך עשר שנים״ — האָט אים דערפאַר ג׳ געזאָגט, ווייל דו האָסט אַזוי געטאָן וועל איך פאַרקירצען דיינע יאָרען אויף גאַנצע צען יאָר (מדרש תנחומא). אַ אידישער מנהיג טאָר ניט באַטראַכטען זיינע אייגענע אינטערעסען העכער פאַר די פון דעם פאָלק.

---

# הפטרה

## זאָלען אידען זיך ניט לאָזען נאַרען

**וילכו אחרי ההבל ויהבלו.**

״הם עובדים להבל זה שעולה מן הקדרה״ — זיי דינען צו דער פאַרע וואָס שלאָגט אַרויס פון זייערע קאָך־טעפּ (ספרי).

אין דער הײנטיגער סדרה װערט דערצײלט, אַז װען די שבטים ראובן און גד זײנען געקומען צו משה און געבעטען, אַז ער זאָל זײ אײנטײלען די לענדער װאָס די אידען האָבען אײנגענומען אין עבר־הירדן, װײל זײ האָבען פיל שאָף און רינדער און דאָרט איז דאָ גוטע פּאַשע, איז משה געװאָרען אױפגערעגט און האָט זײ געפרעגט: „האחיכם יבאו למלחמה ואתם תשבו פה" — איז בײ אײך רעכט, אַז אײערע ברידער זאָלען גײן אין מלחמה און איר װעט בלײבען זיצען דאָ? זאָגט אויף דעם רבי יונתן אײבשיץ ע"ה אין זײן „יערת דבש": „צי דען רעדט איר זיך אײן, אַז בעת שונאים װעלען אָנפאַלען אויף אײערע ברידער אין ארץ־ישראל אָדער ערגעץ אַנדערשװאו. איז „ואתם תשבו פה" — װעט מען אײך דאָ לאָזען זיצען רואיג, און איר װעט פון דעם אַלעם גאָרנישט לײדען? מאַכט איר אַ גרויסען טעות! קוים װעט איר זיצען מיט פאַרלײגטע הענט און בלײבען גלײכגילטיג צו די צרות פון אײערע ברידער, װעט מען אײך דאָ אויך ניט שאַנעװען".

די נאַטור־פאָרשער זאָגען אונז, אַז יעדער קלײנער װינטעל אין מדבר, װאו אַלץ איז פּוסט און װיסט, קאָן זיך לײכט פאַרשפּרײטען איבער גרויסע שטרעקעס און פאַרװאַנדעלט װערען אין אַ טאָרנאַדאָ, אַ שטורם־װינט, װאָס איז עלול צו פאַרניכטען אַלץ אויף זײן װעג. דער גלות איז אײן גרויסער מדבר, און אַז עס ברעכט אויס אַ װינטעל פון אַנטיסעמיטיזם אין אײן אָרט, װערט ער גיך פאַרװאַנדעלט אין אַ שטורם־װינט, װאָס פאַרשפּרײט זיך איבער אַלע אידישע ישובים און ברײנגט רואינע אומעטום. אונזער געשיכטע האָט עס אונז אומצײליגע מאָל באַװיזען, אָבער אידען האָבען אַ שװאַכען זכרון — זײ לערנען װײניג פון דער פאַרגאַנגענהײט און לאָזען זיך לײכט אָפּנאַרען פון פוסטע הבטחות און פון פאַלשע אילוזיעס.

ב. יאָושזאָהן דערצײלט דעם פאָלגענדען היסטאָרישען פאַקט: „אין דעם װינטער פון יאָר 1095, בעת עס האָבען זיך אָנגעהויבען די קרײצוגען, האָבען זיך די פראַנצויזישע אידען געװענדעט מיט אַ בריװ צו זײערע ברידער אין דײטשלאַנד, אין װעלכען זײ האָבען זײ מעורר געװען מתפלל צו זײן אויף דעם גרויסען אומגליק, װאָס האָט געטראָפען דעם כלל ישראל, אָנװײזענדיג דערבײ, אַז די געפאַר דראָעט אויך די דײטשע אידען. דערויף האָבען די אידען פון דײטשלאַנד אָפּגעענטפערט מיט גרויס געפיל, אַז געװיס זײנען זײ

שרעקליך ערשיטערט פון דער פינסטערער בשורה און געוויס וועלען זיי ניט אויפהערען מתפלל צו זיין פאַר זייערע אומגליקליכע פראַנצויזישע ברידער.

אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט די דייטשע אידען, שרייבען זיי ווייטער אין בריוו: „לא ישימו לב ולא ידאגו להם, כי אין שום סכנה נשקפת להקהלות בגרמניה" — זאָלען זיי זיך ניט נעמען צום האַרצען און ניט זאָרגען פאַר זיי, ווייל עס ווייזט זיך ניט קיין שום סכנה פאַר די אידישע קהלות אין דייטשלאַנד. זיי, הייסט עס, די דייטשע אידען, וועט גאַרניט געשעהן, פאַר זיי זאָל מען זיך ניט זאָרגען. ווי אַזוי עס האָט אָבער אויסגעזען דידאָזיגע „זיכער־קייט" און וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דיזעלבע דייטשע אידען אין עטליכע געציילטע חדשים אַרום, איז פון דער געשיכטע גוט באַקאַנט."

און די געשיכטע ווידערהאָלט זיך. ווען דער שרייבער פון די שורות האָט באַזוכט דייטשלאַנד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט אויף אַ געוויסער פאַרזאַמלונג פון אידישע פירער געוואָגט צו רעדען וועגען ציוניזם, איז מען אים באַפאַלען מיט אַלערליי קריטישע באַמערקונגען און אין איין קול האָבען זיי אויסגערופען: וואָס אָנבאַלאַנגט אונז, דייטשע יודען, איז דייטשלאַנד אונזער ציון און בערלין אונזער ירושלים... אויך היינט, נאָך דעם גרויסען אידישען חורבן, געפינען זיך מענשען אין נאָרד און זיד אַמעריקע, וועלכע דענקען, אַז זייער פּאָליטישע לאַגע איז אַ געזיכערטע און אַז די אידען אין יענע לענדער זיינען אויסער געפאַר.

דער נביא אין היינטיגער הפטרה באַדויערט שטאַרק פאַרוואָס אידען זיינען אַזוי געגאַרט ביי זיך און לערנען ווייניג פון דער פאַרגאַנגענהייט: „וילכו אחרי ההבל, ויהבלו" — זיי גייען נאָך יעדע נאַרישקייט און האַלטען זיך אין איין לאָזען נאַרען. דאָס וואָרט „הבל" מיינט אויך פּאַרע, און דער „ספרי" זאָגט אויף דעם פסוק: „הם עובדים להבל זה שעולה מן הקדרה" — זיי דינען צו דער פּאַרע, וואָס שלאָגט אַרויס פון דעם קאָך־טאָפּ. זייערע קאָך־טעפּ, זייערע מאַטעריעלע באַדערפעניסען, האָבען זיי אָוועקגעשטעלט העכער פאַר דער אידישער צוקונפט. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז אַלע גליקען, וואָס אידען דערווערבען אין די גלות־לענדער, האָבען ניט קיין האַפט. דעם טאָפּ מיט'ן געקעכץ נעמען־צו די שונאים און ביי אונז בלייבט בלויז דער „הבל שעולה מן הקדרה" — די פּאַרע, וואָס שלאָגט אַרויס פון דעם טאָפּ...

## ב.

# דער שוואַרצער סוף פון בלעם

**ואת בלעם בן בעור הרגו בחרב.**

„בלעם מאי בעי התם? אמר רבי יוחנן, שהלך ליטל שכר עשרים וארבעה אלף שהפיל מישראל, היינו דאמרי אינשי: גמלא אזלא למבעי קרני אודנא דהוו ליה גזיזין מיניה" — ווי קומט אַהער בלעם? וואָס האָט ער דאָרט געוואָלט? זאָגט רבי יוחנן, אַז ער איז געקומען בעטען אַ באַלוינונג פאַר די פיר־און־צוואַנציג טויזענט אידען, וואָס זיינען געפאַלען דורך זיין עצה. דאָס איז, וואָס מענשען זאָגען: דער קעמעל איז געקומען בעטען הערנער, האָט מען אים די אויערען, וואָס ער האָט געהאַט, אויך אָפּגעשניטען (סנהדרין ק"ו).

ס'איז ליידער אַ טרויעריגער פאַקט, אַז אידען לאָזען זיך לייכט פּראָוואָצירען. פאַר אַ פריינטליכען שמייכעל פון אַ גוי פאַלען זיי אַריין אין גרויסער התפעלות און גייען פשוט אַרויס פון די כלים. מען פאַרגעסט באַלד די צרות און רדיפות, וואָס מען איז פריער זיך אויסגעשטאַנען פון זיי און מען איז גרייט מוחל זיין פאַר אַלע חטאים, וואָס מען איז קעגען זיי באַגאַנגען. עס פאַלט זיי גאָר קיינמאָל ניט איין חושד צו זיין דעם גוי, טאָמער האָט ער אַ שלעכטע כונה דערביי, פאַר וועלכער זיי וועלען מיט דער צייט טייער באַצאָלען. בנוגע דער באַציאונג צו פרעמדע פעלקער, זאָגט משה רבנו, זיינען די אידען אַן „עם אובד עצות ולא יבינו לאחריתם" — אַ פאָלק, וואָס קען זיך קיין עצה ניט געבען און פאַרשטייט ניט אויסצורעכענען וואָס זיין סוף קען זיין (שירה האזינו).

די עצה, וואָס בלעם האָט געגעבען צו די זקנים פון מדין און מואב, אַז זיי זאָלען פּראָוואָצירען די אידישע יוגענט און זיי אָפּרייסען פון זייער גלויבען דורך געמישטע היראַטען מיט זייערע שיינע טעכטער, האָט געהאַט איר צעשטערענדע ווירקונג. אַ מגפה פון אַסימילאַציע האָט אויסגעבראָכען, אין וועלכער פיר־און־צוואַנציג טויזענט אידישע נפשות זיינען אומגעקומען. און די שרעקליכע מגפה וואָלט זיך אפשר מער פאַרשפּרייט, ווען ניט דער קנאות'דיגער קאַמף, וואָס דער יונגער כהן פינחס האָט מיט גרויסער מסירת

נפש אָנגעפירט אָפּצושטעלען דעם שטראָם פון זנות, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַ גרויסען טייל פון פאָלק און איז געווען אָנגעפירט פון די רייכע נשיאים.

דער גרויסער פירער משה איז געוואָרען פאַרצווייפעלט, „ונתעלמה ממנו הלכה" — און עס איז אים פון פאַרהוילט געוואָרען דער דין (מדרש רבה). ער איז געבליבען אַ געפּלעפּטער און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. קעגען די פריערדיגע מגפות, וואָס האָבען אויסגעבראָכען אין פאָלק, האָט ער געפונען אַ מיטעל ווי זיי צו היילען. זיי זיינען דאָס רוב פאַרגעקומען איי־בער אינערליכע אָנגעלעגענהייטען, קעגען וועלכע מען קען זיך אָן עצה געבען. אָבער די איצטיגע עפּידעמיע טראָגט שוין אַן אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער און אירע רעזולטאַטען קענען זיין העכסט געפערליך. ער האָט אָבער דעם באַפעל פון ג׳, וואָס זאָגט אים: „נקום נקמת בני ישראל מאת המדינים" — נעם ראַכע פאַר די אידען פון די מדינים. אַזאַ פאַרראַט טאָר ניט פאַרשוויגען ווערען, אויב דו ווילסט פאַרהיטען די גאַנצקייט פון דיין פאָלק. און משה קלייבט גלייך אויס צוועלף טויזענט אידישע קעמפער, אונטער דער פירערשאַפט פון דעם יונגען פינחס, און שיקט זיי אַלס אַ שטראָף־עקספּעדיציע קעגען די פּראָוואָצירענדע מדינים.

פינחס מיט זיין אַרמיי האָט געהאַט גרויס דערפאָלג, און די נקמה, וואָס ער האָט גענומען פון די אידישע שונאים, איז געווען אַ פולשטענדיגע. ניט נאָר האָבען זיי פאַרכאַפּט אַלע שטעט פון מדין, זיי האָבען אויך געטויט זייערע קעניגען און צוגענומען זייער גאַנצע האָב און גוטס. צווישען די הרוגים האָט זיך אויך געפונען דער הויפּט־פּראָוואָקאַטאָר בלעם הרשע, און די חז״ל פרעגען: „מאי בעי התם?" — וואָס האָט דאָרט בלעם געוואָלט? בלק האָט דאָך אים אַרויסגעשיקט און ער איז געווען אַוועק צו זיין לאַנד אין אדום, ווי קומט ער איצט אין מדין? אויף דעם זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען. דער מדרש וויל האָבען, אַז ער איז געקומען אויפצומונטערען די מדינים זיך צו שטעלען קעגען די אידען. בלויז אַ קליינע עקספּעדיציע פון צוועלף טויזענט מאַן האָט משה געשיקט קעגען אייך, האָט בלעם געהעצט; וואָס פאַר אַ ווערט האָבען זיי קעגען אַזאַ מעכטיג פאָלק ווי איר זייט? (תנחומא).

די גמרא גיט אָבער אָן אַ טיפערען טעם, וואָרום בלעם איז געקומען נאָך מדין. ער איז געקומען פאָדערען זיין באַלוינונג פאַר דער גוטער עצה, וואָס ער האָט זיי געגעבען און וואָס האָט געבראַכט אַ מגפה אויף די פאַרהאַסטע

אידען, וואָס האָט פיל פאַרקלענערט זייער צאָל. זעען מיר דאָך היינט וואָס פאַר אַ גרויס דרך־ארץ די פעלקער פון דער וועלט טיילען־צו דעם היינטיגען בלעם, דעם מופטי פון ארץ־ישראל, פאַר זיינע גוטע עצות, וואָס ער האָט געגעבען היטלער׳ן ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון די פאַרפלוכטע אידען און מאַכען אייראָפּע יודענריין...

„בלעם שנא את ישראל יותר מבלק״ — בלעם האָט פיינט געהאַט די אידען מער ווי בלק. בלק האָט זיי פיינט געהאַט, ווייל ער האָט זיך געשראָקען פאַר זיי. די אידען שטייען לעבען זיין גרעניץ און ער האָט מורא פאַר זייער קאָנקורענץ. אַלץ וואָס ער וויל, איז „אולי אוכל נכה בו ואגרשנו מן הארץ״ — פילייכט וועל איך אים קענען שלאָגען און אים פאַרטרייבען פון לאַנד. ער זוכט ניט אומצוברייגגען דאָס גאַנצע פאָלק. זיין שנאה איז אַן אָביעקטיווע און שטראַמט פון אַ באַשטימטער סיבה. ער זעט אין אים אַ פעאיגען קאָנקו־רענט און וויל אים ניט האָבען לעבען זיך. בלעם האָט אָבער פיינט געהאַט די אידען אַן אַ פאַרוואָס. זיין שנאה איז געווען אַ סוביעקטיווע, אַ פערזענליכע. ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגען דעם נאָמען איד און ער וואָלט אים וועלען פאַרטיליגען „מן העולם הזה ומן העולם הבא״ — פון דער־וועלט און אויך פון יענער־וועלט (מדרש תנחומא).

אַ וואונדערבאַרע אָפּשאַצונג איבער דער טיפער שנאה פון די בלעמ׳ס צו די אידען געפינען מיר אין תלמוד: „אונקלוס בר אחתיה דטיטוס הוה בעי לאיגיורי״ — אונקלוס דער זון פון טיטוס׳ס שוועסטער האָט זיך געוואָלט מגייר זיין און אָננעמען דעם אידישען גלויבען. „אזל אסקיה לטיטוס בנגידא״ — איז ער אַוועק און האָט אַרויפגעבראַכט טיטוס׳ן פון זיין קבר דורך כישוף און פרעגט אים: „מאן חשוב בההוא עלמא״ — וואָסער פאָלק פון די פעלקער איז חשוב׳ער אויף יענער וועלט? ענטפערט אים טיטוס, אַז די אידען זיינען דאָרט דאָס חשוב׳סטע פון אַלע פעלקער. פרעגט ער אים ווייטער: „מהו לאידבוקי בהו״ — צי ראָט ער אים, אַז ער זאָל זיך באַהעפטען מיט זיי און ווערען אַ איד? ענטפערט אים טיטוס: „מילייהו נפישין ולא מצית לקיומינהו״ — זיי האָבען צופיל מצוות, און דו וועסט זיי ניט קענען מקיים זיין. מיין עצה צו דיר וואָלט בעסער געווען, זאָגט ער אים ווייטער: „זיל איגרו בהו, והוית רישא, דכתיב היו צריה לראש״ — גיי פאַרפיר אַ קריג מיט זיי, און דו וועסט ווערען אַ גרויסער פירער, ווי דער פסוק זאָגט: אירע דריקער זיינען געוואָרען

הויפטלינגע, „כל המיצר לישראל נעשה ראש" — ווער עס דריקט די אידען, ווערט דערהויבען.

אונקלוס האט זיך ניט צופרידענגעשטעלט מיט דעם ענטפער פון זיין גרויזאמען אנקעל און האט דורך כישוף ארויפגעבראכט בלעמ'ן און פרעגט אים דיזעלבע פראגע. און בלעם ענטפערט אים מיט א פארביסענעם כעס: „לא תדרוש טובתם כל הימים" — זוך קיינמאל ניט זייער טובה. „אסקיה לאותו האיש" — האט אונקלוס ארויפגעבראכט „ישו הנוצרי" און פרעגט אים אויך: „מהו לאדבוקי בישראל" — וואס איז וועגען צוזאמענעמען זיך מיט די אידען? און ער ענטפערט אים: „טובתם דרוש, רעתם לא תדרוש" — זייער טובה זאלסטו זוכען, זייער רעה זאלסטו ניט זוכען. און די גמרא פירט אויס: „תא חזי מה בין פושעי ישראל לנביאי אומות העולם" — קום און זע דעם אונטערשייד פון א אידישען זינדיגער צו די נביאים פון די פעלקער פון דער וועלט. די בלעמ'ס כאטש זיי ווייסען, אז דער איד שטייט העכער, ווילען זיי אבער, אז מען זאל אים האלטען אין איין רודפ'ן (גיטין נ"ו).

און די אידישע געשיכטע ווייזט אונז, אז מיר האבען איבעראל געליטען פון די געבילדעטע בלעמ'ס מער ווי פון די אומוויסענדע בלק'ס. מיט זייער שנאה צו אונז, וואס איז באהאלטען אונטער א שלייער פון חניפה און שמייכ־לעריי, האבען זיי אונז פיל מער שאדען געטאן, ווי די פאגראמשטשיקעס און מערדער. מיט זייערע שיינע רייד געלינגט זיי פיל מאל צו פאנגען א סך אידען אין זייער נעץ און זיי אפצורייסען פון זייער פאלק. וויפיל ווייזהייט געפינט זיך אין דעם ראט פון אונזערע חכמים, וועלכע זאגען אונז: „טוב לשמע תוכחות שהוכיח משה רבנו את ישראל משמוע ברכות של בלעם, שבהן גבה לבם ונפלו בשטים" — עס איז פיל בעסער צו הערען די שטראף־רייד, וואס משה האט גע'מוסר'ט די אידען, איידער צו הערען די ברכות פון בלעמ'ן, ווייל צוליב זיי האבען זיך די אידען גענומען גרויסהאלטען און זיינען מיאוס דורכ־געפאלען ביי דער מעשה פון שטים (מדרש קהלת ז').

אויך היינט מוזען מיר זיך היטען פאר די מאדערנע בלעמ'ס, וועלכע זיינען ווי בעווין, דער אויסערן מיניסטער פון ענגלאנד, וואס זוכט איינצורעדען די אידען, אז זיי זאלען זיך ניט אזוי רייסען צו גיין נאך ארץ־ישראל, ווייל איירָאפּע נויטיגט זיך זעהר אין זייערע פעאיגקייטען צוריקצובויען די חרוב'ע לענדער, וואס זיינען פארבליבען נאך דער מלחמה. „אמר לו רבינא לבריה:

בכולם לא תפיש למדרש, לבד מבלעם הרשע, דכמה דמשכחת ביה, דרוש ביה״ — ר׳בינא האָט געזאָגט צו זיינע קינדער: קעגען אַלע אידישע שונאים זאָלסטו ניט זוכען צופיל צו רעדען וועגען זייער רשעות צו אונז, אויסער קעגען בלעמ׳ן — וויפיל רשעות דו קענסט אויף אים רעדען, רעד (סנהדרין ק״ו ע״ב).

דער סוף פון די בלעמ׳ס וועט זיין אַ טרויעריגער. זיי וועלען מיט דער צייט קריגען זייער פאַרדינטע שטראָף. היינט האַלטען זיי דעם קאָפּ פאַר־ריסען און זיי זוכען באַלײַנונג פאַר די טויזענטער קרבנות, וואָס זיי האָבען פאַראורזאַכט אין אונזער פאָלק. דאָס וועט אָבער לאַנג ניט אָנהאַלטען. ווי זאָגט דאָס פאָלקס־ווערטער: „דער קעמעל איז געגאַנגען זוכען הערנער, האָט מען אים די אויערען, וואָס ער האָט געהאַט, אויך אָפּגעשניטען״...

# הפטרה

## אַלע וועלען דערגיין דעם אמת׳ן נאָמען פון גאָט

**ונשבעת חי ה׳ באמת, במשפט ובצדקה.**

„אמר הקב״ה: בעולם הזה ליחידים גליתי שמי, אבל לעולם הבא לכל ישראל אני מודיע שמי״ — ג׳ זאָגט: אויף דער־וועלט האָב איך בלויז צו יחידים אַנטפּלעקט מיין נאָמען, אין דער קומענדיגער וועלט וועל איך צו אַלע אידען לאָזען וויסען מיין ריכטיגען נאָמען (תנחומא ישן).

דער נביא ירמיהו פון היינטיגער הפטרה, וועלכער האָט מיט זיינע אייגענע אויגען געזען ווי דער בית־המקדש ווערט פאַרברענט, דאָס לאַנד צע־שטערט און די אידען פאַרטריבען אין גלות אַריין, באַשולדיגט דאָס פאָלק אין זיין אייגענעם חורבן. די אידען, זאָגט ער, האָבען אויף זיך אַליין געבראַכט די שרעקליכע קאַטאַסטראָפע מיט זייערע שלעכטע אויפפירונגען קעגען ג׳ און קעגען די הויפט פרינציפען פון זייער נאַציאָנאַליטעט. „שתים רעות עשה עמי״ — צוויי גרויסע פעלערען איז מיין פאָלק באַגאַנגען: „אותי עזבו מקור מים חיים״ — די גאָטהייט האָבען זיי פאַרלאָזען, כאָטש זי איז דער קוואַל פון לעבעדיגע וואַסערען, וואָס האָט זיי שטענדיג אויפגעהאַלטעןביים לעבען, ווען ניט די געטליכע השגחה, וואָס האָט אימער געוואַכט איבער זיי, וואָלטען זיי שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען. אויב זיי זיינען געבליבען לעבען נאָך אַזוי

פיל דורות־לאַנגע רדיפות און פאַרפאָלגונגען פון זייערע שונאים, האָבן זיי דאָס צו פאַרדאַנקען דעם מיסטעריעזן כוח, וואָס זייער אמונה און טראַדיציע האָבן פאַר זיי געשאַפן צו קענען ווידערשטיין די לאַנגע און ביטערע אָנגריפן.

און נאָך אַן ערגערן פעלער זיינען זיי באַגאַנגען: „לחצוב להם בארות נשברים, אשר לא יכילו המים" — אויסצוהאַקן פאַר זיך צעבראָכענע ברונ־נימער, וועלכע אַנטהאַלטן ניט קיינע וואַסערן. ניט גענוג וואָס זיי גיבן־אויף זייער אמונה, וואָס איז זיי תמיד בייגעשטאַנען אין אַלע נויטען, יאָגן זיי זיך איבעראַל נאָך פרעמדע געטער, נאָך פרעמדע קולטורן. וואו זיי האָבן זיך באַזעצט, האָבן זיי ווידערהאָלט דעם אַלטן פעלער פון „ויחל העם לזנות אל בנות מואב" — דאָס פאָלק הויבט זיך אָן צו קערן צו די טעכטער פון די פרעמדע. זיי זוכן זיך צו פאַרהייראַטן צו זייערע אידעאַלן און מנהגים, וואָס האָבן זיי איבעראַל אָפּגענאַרט און פאַרפירט.

„אומרים לעץ אבי אתה ולאבן את ילידתנו" — זיי זאָגן צום האָלץ: דו ביזט מיין טאַטע, און צום שטיין — דו האָסט אונז געבוירען. זיי באַ־טראַכטן זייערע הילצערנע און שטיינערנע געבידען, זייערע געשעפטן און קאַפּיטאַלן אַלס זייערע שוץ־ענגלען, וועלכע באַשיצן זיי קעגן אַלע זייערע שונאים. זיי וויסן אָבער ניט, אַז „נכסי דחוץ־לארץ אין בהם מזל ברכה" — אַז די גיטער, וואָס אידען דערווערבען אין פרעמדע לענדער, האָבן ווייניג מזל־ברכה. אין גלות איז מען קיינמאָל ניט זיכער מיט דעם, וואָס מען האָט; צו יעדן מאָמענט קען געשען אַן איבערקערעניש און זייער גאַנצער פאַרמעגן זאָל אַוועק מיט'ן רויך. „ובעת רעתם יאמרו קומה והושיענו" — און אַז די שלעכטע צייטן קומען, דעמאָלט שרייען זיי צו ג': שטעל זיך אויף און העלף אונז.

די הפטרה ענדיגט זיך מיט די ערשטע צוויי פסוקים פון נעקסטען קאַפּיטעל, וועלכע זאָגן: „אם תשוב ישראל" — אויב דו וועסט ווען עס איז זיך צוריקקערן, „אלי תשוב" — וועסטו קומען צו מיר. אין קיין אַנדער גלויבן וועסטו זיך ניט קענען אָריענטירן, דו וועסט אין ערגיץ זיך ניט פילן היימיש, נאָך אין די קרייזן פון דיינע אייגענע. „ואם תסיר שקוציך מפני, ולא תנוד" — און אויב דו וועסט אַוועקנעמען דיינע גלות־שמוצען פון פאַר מיר און דו וועסט זיך מער ניט וואַקלען אין דיין אמונה, „ונשבעת חי ה'

באמת, במשפט ובצדקה", וועסטו דאַן שווערען ביי דעם לעבעדיגען ג׳ מיט אמת, מיט געזעצליכקייט און גערעכטיקייט. דו וועסט זיך דעמאָלט איבער־צייגען, אַז אַלע פאַלשע געטער, צו וועלכע דו האָסט געדינט, האָבען דיך פאַר־ראַטען. דער איינציגער, וואָס האָט דיך באַשיצט און אָפּגעהיט פון אונטער־גאַנג, איז דיין אייגענער ג׳.

און די חכמים באַמערקען אויף דעם: אין דער איצטיגער וועלט האָבען בלויז איינצעלנע מענשען פאַרשטאַנען דעם ריכטיגען באַדייט פון דעם נאָמען ג׳, וועלכער איז יוד, ה׳, ו׳, ה׳, וואָס מיינט שטענדיגע עקזיסטענץ. די וועלט לייענט דעם נאָמען „אדנות", וואָס מיינט הערשאַפט, ווייל אונזער שכל איז צו־קורץ צו פאַרשטיין זיינע דרכים און אונז דוכט זיך, אַז ער באַהערשט די וועלט מיט ברוטאַלער מאַכט. דער אמת אָבער איז, אַז אַלע זיינע מעשים צילען צו אייביגקייט, בלויז אַזעלכע זאַכען, וועלכע האָבען פאַרלאָרען זייער ניצליכקייט אָדער זיינען אַ שטער צו דעם ענד־ציל פון זיינע שאַפונגען שטאַרבען אָפּ און ווערען אָפּגעראַמט פון וועג. אָבער אין דער צוקונפט וועלען אַלע אידען וויסען דעם אמת׳ן נאָמען פון ג׳. זיי וועלען זיך איבערצייגען, אַז אַלץ, וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן, איז געווען „באמת, במשפט ובצדקה".

---

**ג.**

## אידישע גליקען אין פרעמדע לענדער

**יותן את הארץ הזאת לעבדיך לאחוזה, אל תעבירנו את הירדן.**

„בשעה שנכנסו ישראל לארץ וראו כמה זרע יש בה וכמה נטע יש בה אמרו: טוב מלא כף נחת בארץ הזאת ממלא חפנים בעבר הירדן" — בשעת די אידען זיינען אַריינגעקומען אין ארץ־ישראל און האָבען געזען וויפיל מען קאָן דאָרט זייען און וויפיל פלאַנצען, האָבען זיי געזאָגט: עס איז בעסער איין הויפען רואיגקייט אין דעם לאַנד, איידער פולע צוויי הויפענס אויף דער צוויי־טער זייט ירדן (ויק"ר פ"ג).

נאָכ׳ן גרויסען זיג, וואָס די אידען האָבען געהאַט איבער די מדינים, זיינען אין זייערע הענט אַריינגעפאַלען אַ סך רייכטימער. איבערהויפט האָבען

די שבטים ראובן און גד שטאַרק פראָפיטירט פון דער מלחמה. „ומקנה רב היה לבני ראובן ולבני גד" — די שבטים ראובן און גד האָבען אַריינגעקראַגען פיל שאָף און רינדער, וואָס זיי האָבען פאַרכאַפּט פון די באַזיגטע פעלקער. זיינען זיי געקומען צו משה'ן און געזאָגט: „הארץ אשר הכה ה' לפני עדת ישראל ארץ מקנה היא ולעבדיך מקנה" — דאָס לאַנד, וואָס ג' האָט געשלאָגען פאַר דער אידישער געמיינדע, איז אַ לאַנד פון גוטע פּאַשע און דיינע קנעכט האָבען אַ סך שאָף און רינדער. „אם מצאנו חן בעיניך יותן את הארץ הזאת לעבדיך לאחוזה, אל תעבירנו את הירדן" — אויב מיר האָבען געפונען חן אין דיינע אויגען, זאָל דאָס דאָזיגע לאַנד געגעבען ווערען צו דיינע קנעכט אויף צו באַזעצען זיך. פיר אונז ניט אַריבער דעם ירדן.

די בני ראובן זיינען פון אָנפאַנג אָן ניט געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַר דעם גאַנצען ענין פון ארץ־ישראל. מיר געדענקען דאָך, אַז די פאָרשטייער פון שבט ראובן, ווי דתן, אבירם, בן פלת אליצור בן שדיאור, זיינען געווען פון די הויפּט אינטריגאַנטען אין דער מחלוקת פון קרח קעגען משה און אהרן. זיי זיינען געווען שטאַרק אין כעס קעגען משה'ן פאַרוואָס ער האָט זיי אַרויס־גענומען פון אַזאַ גוט לאַנד ווי מצרים און זיי געבראַכט אין דער מדבר. ארץ־ישראל האָבען זיי ניט געוואָלט; זיי רעדען וועגען דעם לאַנד מיט פאַראַכטונג: „אף לא אל ארץ זבת חלב ודבש הביאותנו" — אויך ניט אין אַ לאַנד, וואָס רינט מיט מילך און האָניג, גייסטו אונז אַריינברייינגען; דאָס לאַנד איז קליין און אָרעם. וואו וועלען מיר זיך אַלע דאָרט אַהינטאָן?... „לא נעלה", מיר גייען ניט, האָבען זיי דאַן געשריען, און זייער מיינונג וועגען ארץ־ישראל האָט זיך נאָך ניט געביטען. אויך איצט בעטען זיי: „אל תעבירנו את הירדן" — פיר אונז ניט אַריבער דעם ירדן.

משה ווערט אַן אויפגעציטערטער און פרעגט זיי: היתכן? אַלע אידען האָבען געהאָלפען איינצונעמען די לענדער און איצט ווילט איר זיי האָבען פאַר זיך? „האחיכם יצאו למלחמה ואתם תשבו פה?" — זיינען דען אייערע ברידער אַרויס אין דער מלחמה, כדי איר זאָלט בלייבען זיצען דאָ? זיי ענטפערען אים אָבער, אַז זייער כונה איז ניט אָפּצוטיילען זיך פון זייערע ברידער און זיי לאָזען אַליין גיין אין שלאַכט; זיי וועלען אַריבערגיין דעם ירדן צוזאַמען מיט אַלע אידען און העלפען זיי איינצונעמען דאָס לאַנד; אַלץ, וואָס זיי ווילען, איז איבערצולאָזען דאָ זייערע פאַרמעגענס. „גדרות צאן

נבנה למקננו פה וערים לטפנו" — שטאַלען וועלען מיר דאָ דערווייל בויען פאַר אונזערע שאָף און שטעט פאַר אונזערע קינדער, ווייל נאָך דער מלחמה ווילען מיר בעסער זיך באַזעצען אויף דעם לאַנד.

דער מדרש באַמערקט אויף דעם: „חיבבו את ממונם יותר מן הנפשות, לפיכך גלו תחלה מכל השבטים" — זיי האָבען טייער געהאַלטען זייער געלט מער ווי זייערע קינדער, ווייל זיי ווילען פריער באַזאָרגען שטאַלען פאַר זייערע שעפּסען און נאָכדעם, זאָגען זיי, וועלען זיי בויען שטעט פאַר זייערע קינדער. אָט דערפאַר זיינען זיי באַשטראָפט געוואָרען צו זיין די ערשטע צו גיין אין גלות פריער פאַר אַלע שבטים (במד"ר כ"ב). אידען, וועלכע קימערען זיך מער פאַר זייערע פאַרמעגענס און שעצען זייערע רייכטימער העכער פאַר דער אי־דישער דערציאונג פון זייערע קינדער, זיינען די ערשטע פאַרלאָרען צו גיין פון זייער פאָלק.

און ווי די שפּעטערדיגע געשיכטע ווייזט אונז, האָבען זיי טאַקע יאָרען־לאַנג געליטען פון זייערע שונאים אין עבר הירדן. זיי זיינען געשטאַנען אָפּ־געזונדערט פון דעם גאַנצען פאָלק און די פלשתים און עמונים האָבען זיי גע־דריקט און אונטעריאָכט פאַר אַ לאַנגער צייט. און דער מדרש באַמערקט, אַז בשעת די אידען זיינען אַריינגעקומען אין ארץ־ישראל, האָבען זיי פרייער אויפגעאָטעמט. כאָטש איר לאַנד איז נאָך ניט אַזוי רייך און פעט ווי די פון עבר הירדן, איז אָבער „טוב מלא כף נחת בארץ הזאת ממלא חפנים בעבר הירדן" — בעסער איין הייפעלע רוהיגקייט דאָ אין לאַנד איידער פולע הויפענס אין עבר הירדן. בלויז אין ארץ־ישראל קאָן זיך ישראל באַרואיגען און קומען צו זיך.

משה זאָגט צו די אידען, אַז זיי זאָלען דאָס לאַנד פאַרטיילען צווישען זייערע שבטים אויף אַן ערליכען אופן, ניט שאַנעווען דעם גרעסערען שבט און ניט פאַרזען דעם קלענערען. „והתנחלתם את הארץ בגורל למשפחותכם" — איר זאָלט מאַכען ערבען דאָס לאַנד דורך אַ גורל צו אייערע משפחות.

„בשלשה דברים נתחלקה ארץ ישראל: בגורלות, באורים ותומים ובכספים" — דורך דריי זאַכען איז ארץ־ישראל פאַרטיילט געוואָרען צווישען די אידישע שבטים; דורך גורל, דורך דער אָנווייזונג פון דער גאָטהייט און דורך געלט (ירושלמי יומא פ"ד ה"א).

איידער די אידען גייען אַריין אין ארץ־ישראל פאַרצייכענט משה:

„אלה מסעי בני ישראל" — דאָס זיינען די פאַרשיידענע רייזעס, וואָס די אידען האָבען געמאַכט זינט זיי האָבען פאַרלאָזען מצרים. צוליב וואָס האָט די תורה געפונען פאַר נויטיג אויסצורעכענען אַלע ערטער, וואו די אידען האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף זייער לאַנגען וואַנדער־וועג? דער רמב"ם, אין זיין „מורה נבוכים", גיט אויף דעם פאָלגענדע דערקלערונג: „ווייל אין דער שפּעטערדי־גער צייט וואָלטען מאַנכע אומגלויבער געפּרואווט צו פאַרקלענערען די נסים, זאָגענדיג: ווי איז עס מעגליך, אַז גאַנצע פערציג יאָר זאָלען די אידען האָבען אויסגעהאַלטען אין אַ וויסטער מדבר, שפּייזענדיג זיך בלויז מיט'ן מן פון הימעל און וואַסער פון ברונעם? ניט אַנדערש, נאָר זיי האָבען זיך איינגעאָרדענט אין אַזעלכע מדבריות, וואָס זיינען געלעגען נאָענט צו אַ ישוב און די איינ־וואוינער פון ישוב פלעגען פאַר געלט פאַרזאָרגען זיי מיט אַלעם נויטיגען...

דעריבער ווערען געגוי אָנגעוויזען די ערטער, בכדי אויך די שפּעטערדיגע דורות זאָלען זיך איבערצייגען, אַז אין די מקומות, וואָס זיינען נאָך ביז היינטיגען טאָג וויסט און ווילד און ווייט פון אַ ישוב, איז אוממעגליך בדרך הטבע זיך אויסצוהאַלטען גאַנצע פערציג יאָר".

די בעלי המדרש גיבען אַ טיפערע דערקלערונג וואָרום משה האָט עס געטאָן. זיי זאָגען: „אמר הקב"ה למשה: כתוב המסעות שנסעו ישראל במדבר, כדי שידעו כמה נסים עשיתי להם בכל מסע ומסע, ומנה להם את כל המקומות היכן חכעיסוני" — דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו משה: פאַרשרייב אַלע נסיעות, וואָס די אידען האָבען געמאַכט אין דער מדבר, כדי זיי זאָלען וויסען וויפיל נסים איך האָב מיט זיי געטאָן אויף יעדער רייזע. אויך רעכען פאַר זיי אויס די אַלע ערטער, וואו זיי האָבען מיר דערצאָרנט (במד"ר, מדרש תנחומא).

כדי צו פאַרשטיין די צוקונפט מוז מען לערנען די פאַרגאַנגענהייט. די דערפאַרונגען, וואָס זיי האָבען דורכגעמאַכט אויף זייערע נסיעות, וועלען זיי דינען ביי זייער אַריינקומען אין לאַנד. ערשטענס, פון די נסים, וואָס זיי האָבען דורכגעלעבט אין אַלע ערטער, וועלען זיי זיך איבערצייגען, אַז ג' איז מיט זיי, און אויב זיי באַגעגענען שוועריגקייטען אויף זייער וועג, זאָלען זיי ניט פאַרצווייפלען; צו דער ריכטיגער צייט, אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ, וועלען זיי קריגען די הילף פון ג', און זיי וועלען אַלע שוועריגקייטען אַריבערקומען. אויך פון די חטאים, וואָס זיי זיינען אין יעדען אָרט באַגאַנגען און דורך דעם

אַרויסגערופען דעם צאָרן פון ג' און פאַרלענגערט זייער גלות, ווען זיי קאָנען לערנען ווי זיך אויפצופירען, כדי זיי זאָלען דיזעלבע חטאים ווייטער ניט באַגייען און דורך דעם אָפּהאַלטען זייער גאולה.

ב. יאושואָהן ברייננט, אַז רבי ישראל סבע, איינער פון די גולי־שפּאַניע, וועלכער איז אַנטלאָפען קיין אַפריקע נאָכדעם ווי די אינקוויזיציע האָט פון אים אַוועקגערויבט זיינע קינדער, שרייבט אין זיין פירוש אויף תורה, וואָס ער האָט מחבר געווען זיצענדיג אין אַפריקע, אַז „בשעת ער איז צוגעקומען צו פרשה מסעי און האָט געלייענט צוויי־און־פערציג מאָל די ווערטער „ויסעו ויחנו", האָט ער געפונען דערין אַ טרייסט פאַר זיך און פאַר זיינע שווער־געפּרואווטע ברידער. דאָס האָט אים געגעבען בטחון, אַז אויך אונזערע הייגטיגע וואַנדערונגען אין דער מדבר פון דער וועלט, וואו מיר זיינען אַרומגע־רינגעלט מיט פאַרשיידענע חיות רעות, וועלכע דורשטען נאָך אונזער בלוט, זיינען נאָר אַ צייטווייליגע, פאַראיבערגייענדיגע דערשיינונג, און ישראל, דאָס עלסטע פאָלק אין דער וועלט, וועט די אַלע חיות רעות, די אַלע בלוטדורשטיגע שונאים זיינע איבערלעבען..."

דורך דריי זאַכען קאָנען אידען דעראָרבען זייער לאַנד: א) דורך „גורל", דורכ'ן שיקזאַל. נעמען דעם אידישען גורל אין אונזערע אייגענע הענט און ניט איבערלאָזען דעם שיקזאַל פון אונזער פאָלק צו דעם „חסד לאומים", צום געגאָד און גוטען ווילען פון אַנדערע פעלקער. כדי צו געווינען דאָס לאַנד, מוז מען קעמפען פאַר דעם. מען דאַרף צעברעכען אַלע בריקען הינטער זיך, פאַרגעסען די גלות־לענדער און שטעלען דעם גורל פון דעם גאַנצען פאָלק העכער פאַר די אייגענע אינטערעסען. ב) דורך „אורים ותומים" — דורך דער אָנווייזונג פון דער גאָטהייט. ארץ־ישראל מוז געבויט און באַ־זעצט ווערען לויט דער אידישער תורה און אידישען גייסט. דער צוועק איז ניט נאָר צו גרינדען אַ נאַציאָנאַלען צענטער פאַר דעם פאָלק מיט דעם ציל צו פאַרפעסטיגען בלויז זיין פּאָליטישען און עקאָנאָמישען מצב. מען מוז אויך שאַפען אַ גייסטיגען צענטער אין ארץ־ישראל, וועלכער זאָל משפיע זיין אויף אַלע טיילען פון פאָלק, אויך אויף די, וואָס געפינען זיך אין די גלות־לענדער; און ג) „בכספים" — מיט געלט. די יעניגע, וואָס צוליב געוויסע אורזאַכען קאָנען ניט פאַרלאָזען זייערע היימען אין חוץ־לארץ און העלפען מיט זייער מי און אַרבייט צו בויען און דעראָרבען דאָס לאַנד, זאָלען זיך באַטייליגען

„בכספים", מיט געלט. זיי מוזען ביישטייערען מיט אַ פרייער האַנט פאַר אַלע מוסדות, וואָס העלפען צו באַזעצען דאָס לאַנד. דאָס וועט זיי האַלטען צוזאַמען און בילדען אַן איינהייטליכע אומה, וואָס וועט קאָנען ווידערשטיין אַלע שוועריגקייטען און געמיינשאַפטליך באַקעמפען די שעדליכע השפעות, וואָס צילען צו צעברעכען די אידישע גאַנצקייט.

---

# הפטרה

## אונטערגיין וועלען זיי ניט

### כי מעולם שברתי עולך.

„איזהו עול? עולו של מלאך המות" — וואָסער יאָך ווערט דאָ געמיינט? דער יאָך פון דעם מלאך המות (תנחומא עקב).

דער נביא ירמיהו, וועלכער האָט געלעבט אין די צייטען פון ערשטען חורבן, ווען נבוכדנצר, דער קעניג פון בבל, האָט חרוב געמאַכט דאָס לאַנד, פאַרברענט דעם בית המקדש און פאַרטריבען די אידען נאָך בבל, הויבט אָן אין דער הייניגער הפטרה אויסצורעכענען די פאַרשיידענע אורזאַכען, וואָס האָבען געפירט צו דער דאָזיגער שרעקליכער קאַטאַסטראָפע. דאָס איז זייער אייגענע שולד, ווייזט ער אָן. זיי האָבען אויף זיך אַליין געבראַכט דעם טרויעריגען סוף. „שתים רעות עשה עמי" — צוויי קאַרדינאַלע פעלערען האָט מיין פאָלק באַגאַנגען: „אותי עזבו, מקור מים חיים" — מיר האָבען זיי פאַרלאָזען, כאָטש איך בין דער קוואַל פון לעבעדיגע וואַסערען, וואָס האָט זיי שטענדיג אויפגעהאַלטען ביים לעבען, און זיינען אַוועק „לחצוב להם בארות נשברים אשר לא יכילו המים" — אויסהאַקען פאַר זיך צעבראָכענע ברונימער, וואָס אַנטהאַלטען ניט קיינע וואַסערען. זייער אייגענע אמונה, וואָס איז זיי תמיד בייגעשטאַנען אין אַלע זייערע נויטען, האָבען זיי פאַרלאָזט און נאָכגעלאָפען פרעמדע געטער, פרעמדע אידעאַלען, וואָס האָבען זיך אויסגעלאָזען צו זיין פוסטע האָפנונגען און אויסגערונענע חלומות.

מיט זייער נאָכלויפען די פרעמדע פעלקער האָבען זיי צעבראָכען די גאַנצקייט פון זייער אומה, אָפּגעשוואַכט אירע פאַרטיידיגונגס־קרעפטען, און זי האָט ענדליך געמוזט קאַפּיטולירען. זייער צעריסענקייט צווישען זיך האָט זיי אויסגעזעצט צו אַלערליי געפאַרען פון אויסערליכע אַנגריפען און האָט

איינגעלאַדען זייערע שונאים צו קומען און זיי פאַרניכטען. און דער נביא שרייט אויס מיט גרויס שמערץ: „העבד ישראל, אם יליד בית הוא?" — איז ישראל אַ קנעכט, צי אַ הויז-געבוירענער שקלאַף? „מדוע היה לבז?" — וואָרום לאָזט ער זיך באַרויבט און פאַרפירט ווערען פון פרעמדע איינפלוסען? פון זייער אייגענעם ג' האָבען זיי זיך דערווייטערט. „וילכו אחרי ההבל — הם עובדים להבל זה שעולה מן הקדירה" — זיי יאָגען זיך נאָך אַלערליי נאַריש-קייטען און דינען צו דער פאַרע פון זייערע קאָך-טעפּ (ספרי האזינו). דעם קאָך-טאָפּ, זייערע מאַטעריעלע באַדערפענישען, האָבען זיי געמאַכט פאַר זייער הויפּט-ציל אין לעבען און מיט שמייכלען זיך און נאָכמאַכען זייערע שכנים, דענקען זיי, אַז זיי וועלען בעסער פאַרזיכערען זייער עקאָנאָמישען מצב. אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז דעם טאָפּ מיט געקעכטס האָבען צוגענומען זייערע שונאים און ביי זיי איז בלויז פאַרבליבען די טונקעלע פאַרע.

„כי מספר עריך היו אלקיך ישראל" — לויט דער צאָל פון דיינע שטעט, אַזוי פיל געטער האָסטו ישראל. „בכל עיר ועיר אל אחר" — אין יעדער שטאָט האָט איר פאַר זיך געמאַכט אַ באַזונדער אָפּגאָט (רש"י). אַנשטאָט צו זיין „עם אחד", אַן איינהייטליכע נאַציע, וואָס שטרעבט צו איין ציל, האָבען זיי זיך איינגעטיילט אין פאַרשיידענע לאַנדסמאַנשאַפטן מיט פאַרשיידענע צילען און שטרעבונגען. „אומרים לעץ אבי אתה ולאבן את ילידתני" — זיי זאָגען צום האָלץ: דו ביזט מיין טאַטע, און צום שטיין: דו האָסט אונז געבוירען. די הילצערנע און שטיינערנע געביידען, וואָס מען לאָזט זיי פאַר אַ קורצער צייט בויען פאַר זיך אין די פרעמדע לענדער, האָבען ביי זיי אָוועקגע-רויבט דעם גלויבען אין ג' און זייער געטריישאַפט צום פאָלק. „ובעת רעתם יאמרו קומה והושיענו" — בלויז אין אַ צייט פון אומגליק ווענדען זיי זיך צו ג' און שרייען צו אים, אַז ער זאָל זיי העלפען.

פאַרצווייפלען אָבער זאָלען די אידען ניט. נאָך אַלע אומגליקען, וואָס וועט מיט זיי פּאַסירען, וועלען זיי דאָך בלייבען לעבען. „כי מעולם שברתי עולך — עולו של מלאך המות" — פון אייביג אָן האָב איך צעבראָכען דיין יאָך, דעם יאָך פון דעם מלאך המות, שטאַרבען וועט דאָס אידישע פאָלק קיינ-מאָל ניט. „אם תשוב ישראל" — וועלען זיך אידען אַ קער טאָן צוריק צו זייער אַלטען קוואַל, „אלי תשוב", וועלען זיי בלייבען ביי מיר, „ולא תנוד", און מער ניט זיין געצוואונגען אַרומצוואַנדערען.

ד.

## רייכטום איז ניט דער עיקר

**גדרות צאן נבנה למקננו וערים לטפנו.**

„עשו את העיקר טפל והטפל עיקר — אמר להם הקב"ה: אתם חבבתם ממונכם יותר מנפשותיכם, חייכם אין בו ברכה; לכך גלו תחילה מכל השבטים" — זיי האָבען געמאַכט דעם עיקר פאַר אַ טפל און דעם טפל פאַר אַן עיקר. האָט זיי ג׳ געזאָגט: איר האָט ליבער אייער געלט ווי אייערע נפשות, אַזוי זיכער ווי איר לעבט, אַזוי זיכער איז, אַז אין דעם איז ניטאָ קיין ברכה; דערפאַר זיינען זיי פאַרטריבען געוואָרען פון זייער לאַנד פריער פאַר אַלע שבטים (מדרש תנחומא).

אין די מלחמות, וואָס די אידען האָבען אָנגעפירט קעגען סיחון דעם קעניג פון אמורי און עוג דעם קעניג פון בשן, האָבען אָנטייל גענומען אַלע אידישע שבטים. די לענדער, וואָס זיי האָבען פאַרנומען פון די צווי קעניגען, זיינען געווען העכסט פרוכטבאַרע, די שטעט שיין און שטאַרק געבויט, און די פעלדער אָנגעלאָדען מיט פאַשע. די שבטים ראובן און גד, וועלכע זיינען געווען זעהר רייך און האָבען געהאַט פיל שאָף און רינדער, זיינען צוגעקומען צו משה׳ן און געבעטען: „אם מצאנו חן בעיניך יותן את הארץ הזאת לעבדיך לאחוזה, אל תעבירנו את הירדן" — אויב מיר האָבען געפונען חן אין דיינע אויגען, זאָל דאָס דאָזיגע לאַנד געגעבען ווערען צו דיינע קנעכט צו באַזעצען זיך; פיר אונז ניט אַריבער דעם ירדן.

אַז משה האָט דערהערט זייער פאַרלאַנג איז ער שטאַרק אויפגערעגט געוואָרען און מיט כעס זיי געפרעגט: „האחיכם יבאו למלחמה ואתם תשבו פה?" — דענקט איר, אַז אייערע ברידער האָבען אָנגעפירט אַ מלחמה מיט די אַלע פעלקער, כדי איר זאָלט דאָ קאָנען פאַרבלייבען? איבערהויפט האָט ער זיך געשראָקען, אַז דער שריט זייערער זאָל ניט אָפּהאַלטען די איבריגע שבטים פון אַריבערצוגיין דעם ירדן און קעמפען פאַר ארץ-ישראל. ער האָט זיי חושד געווען, אַז דער קלאַנג, וואָס די מרגלים האָבען אַמאָל אַרויסגעלאָזען וועגען דעם לאַנד: „כי עז העם היושב בקרבו", אַז די פעלקער, וואָס וואוינען דאָרט, זיינען צו שטאַרק, — שרעקט זיי נאָך אַלץ, און זייער בטחון אין ג׳ איז נאָך זעהר שוואַך.

ער בייזערט זיך אויף די בני־ראובן ובני־גד און זאָגט זיי: „למה תניאון את לב בני ישראל מעבר אל הארץ אשר נתן להם ה׳" — וואָרום זאָלט איר אָפּווענדען דאָס האַרץ פון די בני ישראל צו גיין צו דעם לאַנד, וואָס ג׳ האָט זיי געגעבען? „כה עשו אבותיכם", אַזוי האָבען טאַקע געטאָן אייערע עלטערען, זאָגט ער זיי ווייטער, זיי האָבען אָנגערעדט אַלערליי רכילות׳ען אויף דעם הייליגען לאַנד און זיינען דערפאַר באַשטראָפט געוואָרען צו פאַר־בלייבען אין דער מדבר „עד תום כל הדור העושה הרע", ביז עס וועט אונטער־גיין דער גאַנצער דור, וואָס האָט געטאָן אָט דאָס שלעכטס. ווילט איר נאָכאַמאָל דערצאָרענען ג׳, „ויסף עוד להניחו במדבר", און ער זאָל אייך ווייטער איבער־לאָזען אין דער מדבר?

ר׳ יונתן אייבשיץ, אין זיין „יערת הדבש", לערנט דעם פשט פון פסוק אַזוי: „האחיכם יבאו למלחמה ואתם תשבו פה" — צי דען רעדט איר זיך איין, אַז אייערע ברידער וועלען באַקעמפט ווערען ערגעץ אַנדערשוואו, וועט מען אייך דאָ לאָזען זיצען רואיג, און איר וועט פון דעם אַלעם גאָרניט ליידען? דאַן מאַכט איר אַ טעות! קוים וועט איר זיצען מיט פאַרלייגטע הענט און זיין גלייכגילטיג צו די צרות פון אייערע ברידער, וועט מען אייך דאָ אויך ניט שאַנעווען.

אין משה׳ס שטרענגען פאַרוואורף: „כה עשו אבותיכם", אַזוי האָבען געטאָן אייערע עלטערען, פילט זיך אַ לאַנג־יעריגער פאַרדרוס, וואָס ער האָט געטראָגען צום שבט ראובן. נאָך פון זיין יוגענט אָן האָט ער זיך אָנגעליטען פון די מענשען פון דעם דאָזיגען שבט. די ערשטע אים צו מסר׳ן פאַר פרעה׳ן איבער דעם, וואָס ער האָט זיך אָפּגערעכענט מיט דעם מצרי, וואָס האָט געשלאָגען אַ אידען, זיינען געווען דתן ואבירם, די פירער פון דעם שבט ראובן. דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז ער האָט געמוזט אַנטלויפען פון מצרים און זיך וואַלגערען אין מדין שיינע עטליכע יאָר. שוין נאָך דעם, ווי אויף דעם אויפטראָג פון דעם אויבערשטען האָט ער אָנגעפאַנגען זיינע פאַרהאַנדלונגען מיט פרעה׳ן, ער זאָל באַפרייען די אידען, זיינען דתן און אבירם געווען די ערשטע צו באַפאַלען משה׳ן מיט דער באַרימטער אַסימילאַטאָרישער טענה: „הבאשתם את ריחנו בעיני פרעה", איר האָט פאַרמיאוס׳ט אונזער געשמאַק אין די אויגען פון פרעה מיט אייער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

אויך נאָך דער גאולה, אין דער מדבר, זיינען דתן און אבירם געווען

צווישען די הויפט־אָנפירער אין דער מחלוקה פון קרח, און צו זיי זיינען צוגע־שטאַנען „און בן פלת" און דער נשיא „אליצור בן שדיאור", אַלע פון שבט ראובן. זייער רעוואָלוציאָנערער רוף קעגען משה'ן איז געווען: „המעט כי העליתנו מארץ זבת חלב ודבש להמיתנו במדבר, כי תשתרר עלינו גם השתרר?" — עס איז פאַר דיר ווייניג, וואָס דו האָסט אונז אַרויסגענומען פון אַ לאַנד, וואָס פליסט מיט מילך און האָניג, צו לאָזען אונז שטאַרבען אין דער מדבר, און איר ווילט נאָך הערשען איבער אונז? — ארץ־ישראל האָבען זיי פיינט געהאַט און אַהין ניט געוואָלט גיין. זיי רעדען וועגען דעם לאַנד מיט'ן לשון „אַף לא אל ארץ זבת חלב ודבש הביאותנו" — אויך ניט אין אַ לאַנד, וואָס רינט מיט מילך און האָניג גייסטו אונז אַריינברענגען; דאָס לאַנד איז קליין און אָרעם, וואו וועלען מיר זיך אַלע דאָרט אַהינטאָן? — „לא נעלה", מיר גייען ניט!

די בני ראובן זיינען אויך געווען די הויפט־אָנפירער ביי דער מעשה פון „פעור", ווען זיי האָבען אָנגעפאַנגען מזנה צו זיין מיט די טעכטער פון מואב און דינען זייער אָפּגאָט. אין דער מגפה, מיט וועלכער די אידען זיינען דערפאַר באַשטראָפט געוואָרען, זיינען פון די בני ראובן געפאַלען פיל מער ווי פון די אַנדערע שבטים, ווי מיר געפינען, אַז ביי יציאת־מצרים איז די צאָל פון מענער פון שבט ראובן געווען 46,500 (במדבר א' כ"א), און איידער די אידען זיינען אַריבער דעם ירדן איז זייער צאָל פאַרקלענערט געוואָרען צו 34730 (שם כ"ו ז'). אַז מיר רעכענען צו דעם נאַטירליכען וואוקס אין פאַרלויף פון פערציג יאָר, ווייזט זיך אַרויס, אַז פון די 24 טויזענט מענער, וואָס זיינען דאַן געפאַלען אין דער מגפה, איז די גרעסטע צאָל געווען פון די בני ראובן.

פיל פון אונזערע מפרשים ווילען האָבען, אַז די אורזאַך, וואָרום דער שבט ראובן האָט זיך געהאַלטען אין איין בונטעווען, איז געווען, ווייל זיי האָבען געטראָגען אַ כעס קעגען משה'ן, וואָרום ער האָט באַשטימט דעם שבט לוי צו זיין די אויפזעער פון דעם משכן, און ניט זייער שבט פון ראובן, וועלכער איז געווען דער בכור פון אונזער פאָטער יעקב (אוצר ישראל).

די בני ראובן און גד פאַרשפּרעכען משה'ן, אַז זיי וועלען געוויס אָנטייל־נעמען אין די שלאַכטען פאַר ארץ־ישראל, זיי ווילען בלויז, אַז אין דער חלוקה פון לאַנד זאָל מען דעם עבר הירדן באַשטימען פאַר זיי, און ביז די מלחמה

וועט זיך אָנפאַנגען ווילען זיי: „גדרות צאן נבנה למקננו וערים לטפנו", שטאַלען וועלען מיר דאָ בויען פאַר אונזערע שאָף און שטעט פאַר אונזערע קינדער. אויף דעם באַמערקט דער מדרש, אַז זיי האָבען ליבער געהאַט זייער געלט מער פאַר זייערע נפשות. זיי האָבען געמאַכט דעם עיקר פאַר א טפל און דעם טפל פאַר אַן עיקר. זיי ווילען צוערשט בויען שטאַלען פאַר זייערע שעפסען און נאָכדעם שטעט פאַר זייערע קינדער.

אַז משה שטימט ענדליך איין צו זייער בקשה, ענטפערט ער זיי: „בנו לכם ערים לטפכם וגדרות לצאנכם", בויט אייך פריער שטעט פאַר אייערע קינדער און נאָכדעם שטאַלען פאַר אייערע שאָף. דער אמת׳ער פאַרמעגען פון אַ פאָלק באַשטייט פון זיינע קינדער, אויב זיי ווערען דערצויגען צו זיין פאַטרי־אָטען פון זייער פאָלק און געטריי צו זיינע טראַדיציעס, איז די צוקונפט פון דעם פאָלק אַ געזיכערטע. הויבען מיר אָבער אָן צו באַטראַכטען אונזערע עקאָנאָמישע דערגרייכונגען העכער פאַר די גייסטיגע, שטעלען מיר אונזערע מאַטעריעלע פראַגען אין פאָראויס און לאָזען איבער אונזער אמונה און תורה אין הינטערגרונט, שוואַכען מיר אָפּ די כחות פון אונזער פאָלק. „לכן גלו תחילה מכל השבטים" — דערפאַר, פירט אויס דער מדרש, זיינען די שבטים ראובן און גד פאַרטריבען געוואָרען פון זייער לאַנד פיל פריער ווי די אַנדערע שבטים.

אַ מערקווירדיג שיינער געדאַנק ווערט אויסגעדריקט אין דעם זעלבען מדרש וועגען דעם ווערט פון געלט: „לכן נקרא שמם זוזים, שזזים מזה וניתנין לזה" — דערפאַר ווערט עס אָנגערופען „זוזים", וואָס מיינט באַוועגענדיגע, ווייל זיי קייקלען זיך פון איינעם צום אַנדערען. אַ געוויסע „מטרוניתא" (פריצ׳טע) האָט געפרעגט ר׳ שמואל בן חלפתא: דער אויבערשטער האָט באַ־שאַפען די וועלט אין בלויז זעקס טעג, וואָס טוט ער פון דאַן ביז איצט: — „אָמר לה, יושב ועושה סולמות מעלה לזה ומוריד לזה" — האָט ער איר געענטפערט: ער זיצט און בויט לייטערס, פאַר איינעם צו שטייגען און פאַר דעם אַנדערען אַרונטערצוגייען (מדרש תנחומא). וואָס פאַר אַ טיפע כונה עס ליגט אין די ווערטער!



# הפטרה

## אידישע דערציאונג אין ארץ ישראל

### העבד ישראל אם יליד בית הוא?

„כל המעמיד תלמיד שאינו הגון, בחוץ־לארץ כאילו העמיד עבד, בארץ־ישראל כאילו העמיד לסטים" — דער וואָס דערציט אַ תלמיד ניט ווי געהעריג איז, אויב אין חוץ לארץ, איז ווי ער וואָלט דערצויגען אַ קנעכט; אויב אין ארץ־ישראל, איז ווי ער וואָלט דערצויגען אַ רויבער (ילקוט שמעוני).

די היינטיגע הפטרה איז איינע פון די שטראָף־הפטרות, וועלכע ווערען געלייענט אין די טרויעריגע דריי וואָכען פאַר תשעה־באב. אין די דאָזיגע הפטרות ווערען אָנגעצייכענט די אורזאַכען, וואָס האָבען געפירט צום חורבן פון אונזער פאָלק, די צעשטערונג פון זיין לאַנד און זיין בית־המקדש.

קיין פאָלק גייט ניט אונטער פלוצלונג, אָדער אומגעריכטערהייט. זיין חורבן איז על־פי רוב דער רעזולטאַט פון אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס פון אומ־שטענדען, וואָס האָבען געפירט צו זיין אונטערגאַנג. דער „תשעה באב" פון אַ פאָלק איז דער פועל־יוצא פון אַ לאַנגער און טרויעריגער פעריאָדע פון „ערב תשעה באב", פון טעג, וואָכען און יאָרען פון נאַציאָנאַלע קראַנקהייטען, וואָס האָבען אָפּגעשוואַכט זיינע כחות און געבראַכט צו קיצור־ימים. די „חבלי גסיסה", — די ווייטאָגען פון זיין טויט זיינען ניט אַלע מאָל מערקבאַרע. אין די מערסטע פאַלען וואַרפען זיי אים אַריין אין אַ היגער־פלעט, אין אַ באַוואוסטלאָזען צושטאַנד, און ער מערקט גאָר ניט, אַז זיינע גלידער שטאַרבען אָפּ איינער נאָכ'ן צווייטען, זיינע אָדערען הערען־אויף צו פולסירען און זיינע פרישע בלוטען ווערען אויסגעטריקענט.

דער חורבן פון אַ פאָלק איז אויך ניט שטענדיג דער טרויעריגער רעזולטאַט פון אַן אויסערליכען אָנגריף, פון אַ פרעמדען שונא, וואָס איז פלוצלינג באַפאַלען זיין לאַנד און אים פאַרטריבען אין גלות אַריין. די וועלט־געשיכטע איז פול מיט קלאָרע באַווייזען, אַז די פעלקער, וואָס זיינען אונטער־געגאַנגען, האָבען אויף זיך אַליין געבראַכט זייער טרויעריגען סוף. צוליב איינערליכער צעפוילטקייט, וואָס האָט צעבראָכען זייער גאַנצקייט אַלס אומה, זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרען זייערע פאַרטיידיגונגס־קרעפטען און זיי האָבען קאַפּיטולירט. זייער צעריסענקייט צווישען זיך האָט זיי אויסגעזעצט צו דער

געפאַר פון אַנגריפען און האָט איינגעלאַדען זייערע שונאים צו קומען און זיי פאַרניכטען.

אויך דער פייער, וואָס מאַכט חרוב דעם בית־המקדש, די רעליגיעזע און גייסטיגע צענטערען פון אַ פאָלק, קומט ניט פּלוצלונג און ווערט ניט תמיד אָנגעצונדען פון פרעמדע, פיינטליכע הענט. אויך דאָס איז דער רעזולטאַט פון אַ לאַנגער פּראָצעדור פון גייסטיגע צוזאַמענברוכען, פון אינטעלעקטועלע צע־שפּליטערונגען. פאַלשע כהנים, אומגעטרייע גייסטיגע פאַרשטייער, וואָס דאָס פאָלק האָט דערלויבט אָנצוגיין פאַר אים מיט דער היילינער אַרבייט, האָבען געשאַפען פאַר אים דעם פאַרניכטענדען ברען־מאַטעריאַל. די פונקען פון „אש זרה”, פרעמדע גייסטיגע פייערען, וואָס זיי האָבען פאַרשפּרייט צווישען די פאַרשידענע שיכטען פון פאָלק, און איבערהויפּט זיין יוגענט, האָבען לאַנג־זאַם געטליעט און דורכגעברענט זיינע הייליגטימער. דער גרויסער שטורמווינט, וואָס דער אויסערליכער שונא האָט מיט זיך מיטגעבראַכט, האָט בלויז געהאָלפען די פונקען פאַנאַנדערצובלאָזען אין אַ גרויסען פלאַם, וואָס האָט פאַרכאַפּט און חרוב געמאַכט די געביידעס פון זיינע גייסטיגע צענטערס.

דער נביא ירמיהו פון היינטיגער הפטרה, וועלכע האָט אַליין דורכ־געלעבט די פּעריאָדע פון דעם שרעקליכען „ערב תשעה באב”, וואָס האָט ענדליך געפירט צו דעם טרויעריגען „תשעה באב”, ווען דער שונא האָט דעם בית המקדש פאַרברענט און דאָס פאָלק פאַרטריבען פון זיין לאַנד, באַדויערט שטאַרק דעם חורבן און וויזט אָן די פאַרשיידענע אורזאַכען, וואָס האָבען גע־פירט צו דעם. ער באַקלאָגט זיך, „שומו שמים על זאת”, עס איז דאָך הימעל־שרייענד, אַז אַ פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אין דער וועלט אַזאַ הויכע אמונה און האָט געלערענט דער גאַנצער מענשהייט דעם טיפען געדאַנק פון „אחדות הבורא”, זאָל פּלוצלינג אויפגעבען זיין אייגענאַרטיגקייט און זוכען נאָכצומאַכען די מנהגים פון פרעמדע פעלקער און פאַרערען זייער פאַלשע אָפּגעטער!

„שתים רעות עשה עמי, אותי עזבו מקור מים חיים, לחצב להם בארות בארות נשברים אשר לא יכילו המים” — צוויי פעלערען באַגייט מיין פאָלק. מיך פאַרלאָזען זיי, כאָטש איך בין דער קוואַל פון לעבעדיגע וואַסערען, און זוכען פאַר זיך אויסצוהאַקען צעבראָכענע ברונימער, וואָס אַנטהאַלטען קיינע וואַסערען ניט. זייער אייגענע אמונה, וואָס איז זיי תמיד בייגעשטאַנען אין זיי־

ערע נויטען, און האָט זיי געמוטיגט און געשטאַרקט צו קאָנען ווידערשטיין אַלע אָנגריפען און איבערלעבען זייערע שונאים, איר פאַרלאָזען זיי און זוכען צו שעפען זייערע גייסטיגע חיונה פון פרעמדע קוואַלען, וואָס האָבען זיך אַרויס־געוויזען צו זיין פוסטע האָפענונגען און צעבראָכענע חלומות.

ווילען זיי אויפלעבען די העברעאישע שפראַך, גייט מען ניט צו די אַלטע מקורים, מען זוכט ניט צו אַנטוויקלען די אָריגינעלע געדאַנקען פון זייער פאָלק, וואָס האָבען אים גרויס געמאַכט. אַנשטאָט דעם האַלט מען אין איין איבערזעצען פרעמדע ליטעראַטורען און מען קוויקט זיך מיט פרעמדע וואַסערען גענומען פון פרעמדע ברונימער. זייערע חנוך אנשטאַלטען, וואו מען דער־ציט די יונגע דורות, זיינען מערסטענטייל אַ נאָכמאַכונג פון ענליכע אנשטאַל־טען אין די גלות לענדער. די יוגענט ווערט געשפייזט מיט גייסטיגע פרוכט, וואָס וואַקסען אין פרעמדע גערטנער, וועלכע זיי באַטראַכטען פיל שענער און פרוכטבאַרער פאַר זייערע אייגענע.

און דער נביא פרעגט: „העבד ישראל", איז דער איד אויך אַ קנעכט אין זיין אייגען לאַנד? אויב אין גלות האָט ער זיך געלאָזט באַרויבען פון זיינע פאָלקס אידעאַלען, איז אים ניט געווען צו פאַרדיינקען. אין דער פרעמד איז שווער איינצוהאַלטען די אייגענאַרטיגקייט. דער פראָצעס פון צופאַסונג פאָדערט קרבנות און אונטערגעוואָרפענקייט. אָבער אין זיין אייגען לאַנד, „מדוע היה לבז", וואָרום זאָל ער דאָ דערלויבען זיינע לערער און פירער אים צו באַרויבען פון זיינע פאָלקס אידעאַלען און פרינציפען?

און דער מדרש באַמערקט אויף דעם אויב מען דערציט אַ „תלמיד שאינו הגון בחוץ לארץ", אַ ניט געהעריג אידישען תלמיד אין דער פרעמד, „כאלו העמיד עבד", האָט מען צוגעשטעלט נאָך אַ קנעכט צום גלות, ווייל ניט איבעראַל קאָן מען אָנהאַלטען דעם ריינעם אידישען לעבען לויט די פאָר־שריפטען פון אונזער תורה. אָבער אין ארץ־ישראל, אויב דאָרט גיט מען די אידישע קינדער אַ גלות דערציאונג, ווייט פון אידישען גייסט, איז „כאלו העמיד לסטים", באַרויבט מען דאָס אידיש פאָלק פון זיינע צוקונפטיגע דורות און מען שוואַכט אָפּ זיין קיום.

## ה.

# דעם חונף גלויבט קיינער ניט

**ולא תחניפו את הארץ.**

„בעון חניפה ונבלות־פה בית המקדש חרב ושכינה מסתלקת מישראל, צרות רבות וגזרות קשות מתחדשות, ובחורי ישראל מתים" — צוליב די זינד פון שמייכלער און לויזע מיילער ווערט דער בית המקדש צעשטערט און די שכינה פאַרלאָזט די אידען; פילע אומגליקען און שווערע גזירות באַנייען זיך און די אידישע יוגענט שטאַרבט אָפּ (שבת ל"ג, מהרש"א).

דער חונף — פלעגט זאָגען ר' אהר'על קאידענאָווער — מוז אימער באַהאַלטען זיין אייגען געשטאַלט, דערפאַר האָט ער קיין פנים און קיין צורה ניט ביי קיינעם. אַז מען זוכט געפעלען צו ווערען יעדען, מוז מען שטענדיג זיך מאַסקירען און פאַרשטעלען דעם אייגענעם פנים. אַזעלכע מענשען האָבען איבעראַל קיין תקומה ניט, ווייל סוף כל סוף דערגייט מען זייערע פאַלשקייטען און מען האָט צו זיי קיין צוטרוי ניט".

און ווי מיט דעם פרט אַזוי איז אויך מיט דעם כלל. אַז אַ גאַנץ פאָלק ווערט אַ חונף און זוכט צו פאַרשטעלען זיין אייגען פנים הינטער אַ פרעמדער מאַסקע, פאַרלירט ער זיין נאַציאָנאַלען חן. די אַרומיגע פעלקער צו וועמען ער זוכט זיך צו שמייכלען פאַראַכטען אים אַלס אַ רענעגאַט און פאַררעטער, און האָבען צו אים ווייניג צוטרוי.

די שטאַרקייט און אייביגקייט פון דאָס אידיש פאָלק שטראָמען פון זיין אמונה. זיין פראָקלאַמירען דעם „אנכי", דער איינציגער, אַלאומפאַסענדער כח, וואָס באַהערשט הימעל און ערד האָט אים געמאַכט פאַר דעם אַריגינעלסטען דענקער צווישען אַלע פעלקער. זיין בית המקדש ווערט ניט נאָר דער צענטראַלער פונקט פון זיין רעליגיע, ער ווערט אויך דער „בית־תפלה לכל העמים" — די וויגעלע פאַר אַלע רעליגיעס און גלויבענס פון אַלע פעלקער. אידישער נאַציאָנאַליזם איז ענג פאַרבונדען מיט דעם „לא יהיה לך אלהים אחרים", עס זאָלען ביי דיר ניט זיין קיין אַנדערע געטער. כל זמן ער האָלט זיך ביי זיינע אָריגינעלע פרינציפּען און זיין לעבען איז „סגולה'דיג", אויסדערווילט און אייגענאַרטיג, רוט די שכינה איבער אים און באַשיצט אים פון אונטערגאַנג.

הויבט אָבער דער איד אָן צו צווייפלען אין דעם כח פון „אנכי" און

פאַנגט זיך אָן צו חנפ'ענען צו אַנדערע גלויבענס, ווערט זיין בית המקדש חרב און די שכינה פאַרלאָזט אים. זיינע שולען ווערען פאַרוואַנדעלט אין טעמפּלען, פון וועלכע דער אידישער תוכן ווערט אויסגערונען. זיינע בתי־מדרשים, וואו עס פלעגט געלערענט ווערען די תורה מיט אירע הויכע אידעאַלען און פּרינ־ציפּען, ווערען פאַרשמעלט און איינגעשרומפּען אין „סאָנדיי סקולס", וועלכע זינגען שירים ותשבחות צו פרעמדע געטער און פרעמדע אידעאַלען.

„אַ חונף, אַ שמייכלער — זאָגט דער גרויסער ענגלישער דענקער קאַרלייל — איז אַ כאַראַקטערלאָזער מענש מיט אַ לויזער צונג, וואָס איז גרייט צו באַריידען און באַ'נבל'ען זיינע געטרייסטע, אַבי געפעלען צו ווערען ביי די פרעמדע. די שמייכלער זיינען קיינעם ניט געטריי און שטייען אין חשד צו ווערען פאַררעטער פון דעם לאַנד און דער מלוכה. ווייל זיי זוכען אימער צו באַהאַלטען זייער געזיכט, מען האָט מורא זיי אַריינצונעמען אין פאַרטרויענסווערטע געזעלשאַפטען."

„ולא תחניפו את הארץ" — חנפ'עט ניט די לענדער וואו איר געפינט זיך. גיט דער איד אויף די אייגענאַרטיגקייט פון זיין לעבען און זוכט אַלץ נאָכ־צומאַכען זיינע שכנים, פאַרלירט ער זיין אינדיווידואַליטעט און זיין נאַציאָנאַלע שטאַרקייט. איך האָב ערגעץ־וואו געזען אַ שיינעם געדאַנק איבער דעם פּסוק: „הן עם לבדד ישכון, ובגוים לא יתחשב" — דער איד איז ערשט דאַן אַ פאָלק, אויב ער לעבט לבדד, אַליין, אָפּגעשיידט פון אַנדערע, און פירט זיך לויט זיינע אייגענע טראַדיציעס. קוים אָבער הויבט ער זיך אָן צו מישען צווישען די פעל־קער וואו ער געפינט זיך און נאָכטאָן זייערע וועגען, דאַן איז „לא יתחשב", רעכענט מען זיך מיט אים ניט און ער פאַרלירט זיין ווערט אַלס אַ פאָלק, אַלס אַ באַזונדערע נאַציע.

„חניפה און נבלות־פּה", שמייכלעריי און לויזע־רייד גייען האַנט אין האַנט. דער וואָס לאָזט זיך חנפ'ענען, טוט עס אויף דעם חשבון פון אַנדערע, וועלכע ער האָט ניט ליב און וואָלט וועלען, אַז זייער נאָמען זאָל פאַרשמוצט ווערען. דער חונף, דער שמייכלער מוז ניט נאָר זינגען שירים ותשבחות צו די וועמען ער זוכט צו שמייכלען, ער מוז אויך האָבען אַ לויזע־צונג און זיין גרייט צו באַ'נבל'ען און באַשמוצען די וועמען זיי האָבען פיינט. פאַראַן ביי אונז אַזעלכע אידען, וואָס אין זייער געיעג זיך צו חנפ'ענען צום גוי און אים געפעלען צו ווערען באַנוצען זיי זיך מיט לויזע רייד און מאַכען צו אַש און צו

בלאָטע זייער אייגען פאָלק. דאָס פירט צו גרויסע אומגליקען און שווערע גזירות אויף אידען. די שונאים באַנוצען זיך מיט די שאָטענס, וואָס זיי אַליין וואַרפען אויף זייער פאָלק, און די אידישע לאַגע ווערט אַלץ מער און מער פאַר־פינסטערט.

פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס באַהאַלטען זייער אידישקייט און לייקענען אָדער זוכען צו פאַרשווייגען זייער אָפּשטאַם. אַזעלכע ווערען פאַראַכטעט פון יעדען פאַרניפטיגען קריסט. דער וואָס טראָגט אַ מאַסקע איז אין חשד, אַז ער באַהאַלט אַ מיאוס־קראַנקען פנים, וואָס ער וויל ניט, אַז אַנדערע זאָלען זען, און זיי וויכען טאַקי פון אים. אפילו די ערליכע דעמאָקראַטען צווישען די פעלקער פרעגען זיך: וואָרום זאָלען מיר אַנערקענען דעם אידען אַלס אונזער גלייכען, אַז ער אַליין זוכט צו באַהאַלטען זיין אידישקייט פון אונז?

און וואָס שלימער איז, אַז מיט אַזאַ נאַרישער און פינסטערער טאַקטיק דערפירט מען דאָס פאָלק צו דער טראַגעדיע פון „בחורי ישראל מתים", די אידישע יוגענט שטאַרבט פון אונז אָפּ. זייער לעבען ווערט אַמאַטאַריש גוי'איש, נאָכגעקרימט און נאָכגעמאַכט. זיי גייען אַרום אין אַן איינגערעדטער וועלט, אין וועלכע זעלבסט־אונטעדריקונג און זעלבסט־נאַרעריי פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון רעאַליטעט און אייגענאַרטיגקייט. צוליב זייער אומוויסענהייט אין אידישע ענינים, זיינען אונזערע קינדער געוואָרען עמאַציאָנעל און אויפגערעגט אין זייער דערוויטערונג פון אידען און אידישקייט. עס האָט זיך אין זיי אַנטוויקעלט אַ מין אייגענאַרטיגער אַנטיסעמיטיזם, אַ פאַראַכטונג און פיינטשאַפט צו אַלעס וואָס שטאַמט פון אידען.

איך וויל דאָ איבערגעבען אַ שיינעם געדאַנק איבער דעם פסוק, וואָס איך האָב געהערט פון פאָטער זצ"ל:

„ולא תחניפו את הארץ אשר אתם בה" — חנפ'עט ניט דאָס לאַנד, וואו איר געפינט זיך צוליב די שיינע איינריכטונגען וואָס דאָס לאַנד האָט. אויב דאָס איז געשאַפען געוואָרען מיט דעם בלוט פון אונטערדריקטע וועט עס קיין קיום ניט האָבען. „כי הדם הוא יחניף את הארץ", דאָס בלוט פון אומשולדיגע מאַכט אַלע דערגרייכונגען פון אַ לאַנד אַלס „חניפה", פוסטע באַרימעריי, און עס וועט זיך אָפּרופען קעגען די וואָס האָבען דאָס אומשולדיג בלוט פאַרגאָסען. „ולארץ לא יכפור לדם אשר שפך בה כי אם בדם שופכו" — דאָס לאַנד וועט ניט פאַרגעבען ווערען פאַר דעם בלוט, וואָס איז אין איר

פארגאסען געוואָרען, סיידען מיט דעם בלוט פון די פארגיסער. די צוקונפט וועט זיך אָפּרעכענען פאַר אַלע חטאים, וואָס די פירער פון אַ לאַנד אָדער אירע בירגער זיינען באַגאַנגען קעגען אומשולדיגע און אונטערגעדריקטע."

# הפטרה

## ארץ ישראל מוז ווערען אַ לאַנד פון לעבען

**ותבאו ותטמאו את ארצי ונחלתי שמתם לתועבה.**

„רבי ור' אלעזר ראו ארון של מת שבא מחוץ לארץ להקבר בארץ ישראל. א"ל רבי לר' אלעזר, מה הועיל זה שיצאה נשמתו בחוץ לארץ ובא להקבר בארץ ישראל? אני קורא עליהו: ונחלתי שמתם לתועבה בחייכם ותבאו ותטמאו את ארצי במיתתכם" — רבי און ר' אלעזר האָבען געזען אַן אָרון מיט אַ טויטען, וואָס מען האָט געבראַכט פון חוץ לארץ באַגראָבען צו ווערען אין ארץ ישראל. זאָגט רבי צו ר' אלעזר: וואָס האָט דער אויפגעטאָן? זיין נשמה איז אַרויס אין חוץ לארץ, בלויז זיין קערפּער ווערט באַגראָבען אין ארץ ישראל. איך טייטש אויס אויף אַזעלכע דעם פסוק: מיין נחלה האָט איר פאַר־מיאוס'ט לעבעדיגערהייט און מיין לאַנד פאַראומרייניגט איר טויטערהייט (ב"ר פ' צ"ו).

דער נביא ירמיה, אין היינטיגער הפטרה, וואונדערט זיך וואָרום די אידען דערווייטערען זיך פון זייער אמונה, „וילכו אחרי ההבל", און פאָלגען נאָך נאַרישקייטען. זיי לערנען ווייניג פון דער געשיכטע, וועלכע וויזט קלאָר, אַז אַלע אידישע צרות האָבען זיך גענומען פון דיזער שוואַכקייט זייערער, און דאָך „ויהבלו", האַלטען זיי זיך אין איין באַנאַרישען. זיי פאַרגעסען און ווילען ניט פאַרשטיין, אַז דער ג', וואָס האָט זיי אַרויסגעבראַכט פון מצרים, איז זיי בייגעשטאַנען צו קאָנען דורכמאַכען די געפערליכע גלות־נסיעות דורך אַלע וויסטע מדבריות און פינסטערע לענדער, וואָס „לא עבר בה איש ולא ישב אדם שם" — קיין אַנדער פאָלק וואָלט אונטער אַזעלכע אומשטענדען ניט גע־קאָנט עקזיסטירען.

„שומו שמים על זאת" — עס איז דאָך הימעלשרייענד, אַז אַ פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אין דער וועלט אַזאַ הויכע אמונה, און האָט געלע־

רענט דער גאַנצער מענשהייט דעם טיפען געדאַנק פון „אחדות הבורא", זאָל זיך שאַפען נייע געטער איבעראַל, אין אַלע לענדער וואו ער שלאָגט אָן. און וואָס ערגער איז: „כי שתים רעות עשה עמי, אותי עזבו מקור מים חיים, לחצב להם בארות נשברים אשר לא יכילו המים" — צוויי פעלערען באַגייט מיין פאָלק. מיך פאַרלאָזען זיי, כאָטש איך בין דער קוואַל פון לעבעדיגע וואַסערען, און זוכען פאַר זיך אויסצוהאַקען צעבראָכענע ברונימער, וואָס אַנטהאַלטען קיינע וואַסערען ניט. זייער אייגענע אמונה וואָס איז זיי תמיד בייגעשטאַנען אין זייערע נויטען, און האָט געמוטיגט און געשטאַרקט צו קאָנען ווידערשטיין אַלע אַנגריפען און איבערלעבען זייערע שונאים, איר פאַרלאָזען זיי, און זוכען צו שעפען זייער גייסטיגע חיונה פון פרעמדע קוואַלען, וואָס האָבען זיך אַרויסגעוויזען צו זיין פוסטע האָפענונגען און צעבראָכענע חלומות.

„העבד ישראל!" — ווי פאַרקנעכט איז דער איד! אַז אויך אין די פרייע לענדער, וואו ער ווערט ניט געשטערט צו לעבען לויט די פאָרשריפטען פון זיין תורה און זיין אמונה, וואַרפט ער זיך אונטער די הערשענדע מנהגים און זיטען, חנפ'עט זיך צו די גויים און „המיר כבודו בלא יועיל", ער בייט אויס זיין כבוד און זעלבסט־רעספעקט פאַר זאַכען וואָס ברייגנען אים קיין נוצען ניט. די היים און די גאַס האָט ער פאַר'גוי'אישט, אַפילו זיינע שולען האָט ער אויסגעליידיגט פון יעדען אידישען אינהאַלט, און זיי פאַרוואַנדעלט אין טעמפלען, וועלכע זוכען זיך צו שמייכלען צו די קירכען פון זיינע ניט־אידישע שכנים. „הכהנים לא אמרו איה ה'," זייערע פריסטער און ראַבייס רעדען ווייניג וועגען גָעטליכע זאַכען, אָבער „הנביאים נבאו בבעל", די פריידיגער האַלטען אין איין פּראָפעצייען וועגען דער מאַכט, וועגען לאַנד־פּאַטריאָטיזם, וואָס זיי ווילען מאַכען פאַר זייער אָפּגאָט. ווען עס קומען אָן די גוי'אישע ימים טובים, האַלטען זיי באַגייסטערטע רעדעס אין זייערע טעמפלען וועגען דעם גרינדער פון קריסטענטום און פאָדערען, אַז מען זאָל אים אַריינגעמען להבדיל צווישען די נביאים.

דעם איינציגען ווינקעל, וואָס זיי האָבען איבערגעלאָזט פאַר זייער פאָלק איז דער בית־עלמין, די סעמעטערי, לעבען דאַרף אַ איד ווי דער גוי, שטאַרבען אָבער, באַגראָבען ווערען זאָל ער צווישען אידען. די הייליגסטע אידישע תפלה איז ביי זיי געוואָרען דער „יזכור", דער „אל מלא רחמים" וואָס מען זאָגט נאָך אַ טויטען. שבת און יום־טוב האָט מען וואָכעדיג געמאַכט, און די

שולען שטייען פוסט אין אַזעלכע טעג. דעם „יאָר־צייט״ אָבער נאָך זייערע טויטע היטען זיי אָפּ.

אָט אויף אַזעלכע זאָגט רבי צו ר׳ אלעזר: „מה הועיל זה?״, וואָס טוען זיי אויף פאַר זייער פאָלק? „יצאה נשמתו בחוץ לארץ״, זייער נשמה גיבען זיי אַוועק פאַר די פרעמדע לענדער וואו זיי וואוינען, אָבער דעם „ארון של מת״, זייערע טויטע קערפּערס זוכען זיי צו באַגראָבען צווישען אידען.

און ר׳ אלעזר טייטשט וועגען זיי אויס דעם פסוק פון דער היינטיגער הפטרה „את נחלתי שמתם לתועבה בחייכם״ — לעבעדיגערהייט האָבען זיי פאַראַכטעט מיין נחלה און אָפּגעשפּאָט פון אַלץ וואָס איז אידיש. אויף שריט און טריט האָט מען געזוכט זיך צו שמייכלען צום גוי און נאָכמאַכען אַלע זיינע וועגען. די אידישע אמונה איז פאַר זיי געוועזען אַ טראַגעדיע. ארץ־ישראל, אידישע נאַציאָנאַליטעט איז פאַר זיי געוועזען אַ „תועבה״, אַן אומווירדיגקייט, וואָס אַן אמת׳ער פּאַטריאָט פון גלות מוז אויסווייכען. „ותבאו ותטמאו את ארצי במיתתכם״ — אָבער ווען עס קומט זייער צייט צו שטאַרבען, ווילען זיי מיט זייערע קערפּערס פאַראומרייניגען מיין לאַנד. לעבען אין חוץ־לארץ און שטאַרבען אין ארץ ישראל איז אַ באַליידיגונג פאַר דאָס אידיש פאָלק. נאָכטאַנצען דעם גוי אין זיינע רעליגיעזע מנהגים כל זמן מען לעבט, און זיך צו דערמאָנען, אַז מען איז אַ איד בלויז אַ פּאָר מינוטען פאַר׳ן טויט, איז געגען דעם זין פון דער אידישער תורה, וועלכע זוכט דעם „וחי בהם״ — מען זאָל לעבען לויט אירע פאָרשריפטען.

# שבועות

## א.

## דער הויכער זין פון שבועות

**כל אשר דבר ה׳ נעשה.**

„אמר רבי חמא בר חנינא: למה נמשלו ישראל לתפוח? לומר לך, מה תפוח זה פריו קודם לעליו, אף ישראל הקדימו נעשה לנשמע״ — רבי חמא, דער זון פון חנינא, האט געזאגט: וואָרום זיינען די אידען געגליכען צו אַן עפּעל־בוים? כדי דיר צו דערקלערען, אַזוי ווי דער עפּעל־בוים ברייננט אַרויס זיינע פרוכט פריער פאַר די בלעטלאַך, אַזוי האָבען אויך געטאָן די אידען — זיי האָבען פריער פאַרשפּראָכען צו טאָן און נאָכדעם הערען (שבת פ״ח).

אַלע אידישע ימים־טובים זיינען צו דערזעלבער צייט אי נאַציאָנאַל און אי פאָלקסטימליך. נאַציאָנאַל זיינען זיי, ווייל זיי ווערען געפייערט צוליב אַ גרויסער נאַציאָנאַלער געשעעניש; פאָלקסטימליך זיינען זיי, ווייל זיי, זיינען אויך פאַרבונדען מיט דער נאַטור און מיט דעם לעבענסגאַנג פון דעם פאָלק.

„פסח״, דער יום־טוב פון זמן־חרותנו, וואָס מיר פייערען צו פאַר־אייביגען אונזער באַפרייאונג פון שקלאַפעריי אין מצרים, ווערט אָנגערופען אין דער תורה אויך מיט דעם נאָמען „חג האביב״, דער יום־טוב פון פרילינג, ווייל ער פאַלט־אויס אָנפאַנג פרילינג, ווען די זון הויבט־אָן צו שיינען אין איר פולער פראַכט און לעבט צוריק אויף די גאַנצע נאַטור. אויך איז עס די צייט, וואָס מען הויבט־אָן פאַרזייען די פעלדער — אַ צייט פון פרייד און ג׳־בעטען פאַר די אַלע פעלקער, וועלכע גיבען זיך אָפּ הויפּזעכליך מיט ערד־אַרבייט.

„שבועות״, דער יום־טוב פון „מתן תורתנו״, וואָס מיר פייערען אין אָנדענק פון מקבל זיין די תורה, די גרעסטע נאַציאָנאַלע געשעעניש אין דעם לעבען פון אונזער פאָלק, איז אויך באַקאַנט מיט דעם נאָמען „חג הבכורים״, דער יום־טוב פון אַרונטערנעמען די ערשטע פרוכט פון די פעלדער. אַזעלכע

פאָלקסטימליכע ימים־טובים ווערען געפייערט אין אַלע לענדער מיט גרויס פּאַראַד און שמחה. אַזוי איז אויך מיט דעם יום־טוב „סוכות". פון איין זייט איז ער נאַציאָנאַל, ווייל ער פאַראייביגט דעם פאַקט: „כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בצאתם ממצרים" — אַז איןביידלאַך האָב איך באַזעצט די אידען, ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים; און פון דער צווייטער זייט איז ער אויך אַ „חג האסיף" — אַ נאַטור יום־טוב, וואָס ווערט געפייערט פון אַגריקולטורעלע פעלקער, אויסדריקענדיג זייער פרייד פאַר דאָס גוטעס וואָס ג' האָט מיט זיי געטאָן און מעגליך געמאַכט זייערע פעלקער צו פּראָדוצירען זייער פּרוכט.

אין דער גמרא ווערט דער יום־טוב שבועות אָנגערופען מיט דעם נאָמען „חג העצרת", אַ שלוס־יום־טוב, ווייל ער איז אַ פאָרזעצונג פון פסח און איז פאַרבונדען מיט אים דורך ציילען פופציג טעג. די אידישע קהלות אין אַלטען גריכענלאַנד האָבען שבועות גערופען „פענטעקאָסט", וואָס מיינט דער יום־טוב נאָך פופציג טעג, און אַזוי איז ער פאַרבליבען אין דער וועלט־ליטעראַטור.

זעהר אַ שיינע דערקלערונג וואָרום דער יום־טוב פון באַקומען די תורה הייסט ביי אונז „שבועות", וואָס מיינט, אייגענטליך, וואָכען, גיט אונז דער „בעל התניא". ער זאָגט: „כשנתבשרו ישראל לצאת ממצרים, נתבשרו שהן עתידין לקבל את התורה לסוף חמשים יום ליציאתן" — ווען די אידען זיינען אָנגעזאָגט געוואָרען, אַז זיי וועלען אַרויס פריי פון מצרים, זיינען זיי אויך אָנגעזאָגט געוואָרען, אַז זיי וועלען מקבל זיין די תורה ביים סוף פון פופציג טעג נאָך זייער באַפרייאונג. ער לערנט עס אַרויס פון דעם פסוק: „בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את אלקים על ההר הזה?" — ווען דו וועסט אַרויסנעמען דאָס פאָלק פון מצרים, וועט איר דינען ג' אויף דעמדאָזיגען באַרג. „הרי הנון של תעבדון יתירה" — איז דאָך דאָ דער „נון" פון „תעבדון" אַן איבעריגער? דאָס איז אָבער „לומר לך כי לסוף „נון" ימים תעבדו את אלקים שתקבלו את התורה" — דיר צו דערקלערען, אַז צום סוף פון „נ" ימים, פופציג טעג, וועט איר דינען ג' מיט אָננעמען די תורה. „וישראל מרוב החיבה היו מונין בכל יום ויום" — און די אידען פון גרויס ליבשאַפט צו דער תורה האָבען געציילט יעדען טאָג. דערפאַר הייסט דער יום־טוב „שבועות", כדי אָנצודייטען די נייגעריגקייט, וואָס די אידען האָבען אַרויסגעוויזען צו דער תורה (תניא ס"י י"ד).

זייער נייגעריגקייט מקבל צו זיין די תורה איז געווען אַזוי גרויס, אַז נאָך איידער זיי האָבן געהערט אירע דינים און פאַרשריפטען, האָבן זיי אין איין קול אויסגערופען: „כל אשר דבר ה׳ נעשה״ — אַלץ וואָס ג׳ האָט גערעדט, וועלען מיר טאָן. דערפאַר, זאָגען אונז די חז״ל, ווערען די אידען צוגעגליכען אין שיר־השירים: „כתפוח בעצי היער״ — צו אַן עפּעל־בוים, ווייל אַזוי ווי דער עפּעל־בוים ברייננגט אַרויס זיינע פרוכט נאָך איידער די בלעטלאַך וואַקסען, אַזוי האָבן אויך געטאָן די אידען: זיי האָבן פריער פאַרשפּראָכען צו טאָן, נאָך איידער זיי האָבן געהערט וואָס די תורה פאַרלאַנגט פון זיי (שבת פ״ח).

די בעלי־הקבלה האָבן איינגעפירט צו זיין אויף די גאַנצע נאַכט פון שבועות און לערנען דעם „תיקון ליל שבועות״, וואָס באַשטייט פון ציטאַטען אַרויסגענומען פון תנ״ך, משנה, גמרא און אויך פון זהר. זיי זאָגען: „מי שהוא מבני מהימנותא ומבני היכלא דמלכא צריך לעסוק כל הלילה במיני קריאות לקשט הכלה בתכשיטיה להכניסה לחופה למחרת יום הבא״ — ווער עס איז אַ גלויביגער און קומט פון די קינדער, וואָס געפינען זיך אין דעם היכל פון דעם קעניג פון דער וועלט, דאַרף זיך אָפּגעבען די גאַנצע נאַכט מיט לייענען שיינע שטיקער תורה, כדי אויסצופוצען די כלה מיט אירע צירונגען איידער מען פירט זי צו דער חופה צום מאָרגענס. „ועל דא חסידי קדמאה לא הוו ניימי בהאי לילה והוו לעאן באורייתא״ — דערפאַר פלעגען די פאַרצייטיגע חסידים ניט שלאָפען די גאַנצע נאַכט פון שבועות און זיך עוסק זיין מיט לערנען תורה (זהר אמור צ״ח).

וועגען דעם מנהג צו לערנען „תיקון שבועות אין דער נאַכט פון שבועות ווערט דערציילט זעהר אַ שיין מעשה׳לע אויף רבי אהר׳על קאַרלינער ז״ל: איינמאָל איז ער אַריינגעקומען שבועות ביינאַכט אין בית המדרש און האָט געזען ווי דער גאַנצער עולם זיצט אַרום די לאַנגע טישען און שלינגען דעם תיקון שבועות. שטעלט ער זיך אויף און הויבט אָן שרייען אויף רוסיש: „דאַוואַי טאָוואַר, טאָוואַר טאַוואַי!״ (גיט אַהער סחורה, סחורה גיט אַהער). איז דער עולם געבליבען פאַרגאַפט און ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט.

האָט זיי דער קאַרלינער דערקלערט: דער שטייגער איז, אַז אַ רייזענדער, וואָס פאָרט אַרום צו פאַרקויפען סחורה פון אַ גרויסען געשעפט, פירט ער מיט זיך בלויז מוסטערען, סעמפּעלס פון דער סחורה, וואָס ער האָט צו פאַרקויפען. ווען אָבער האָבן די מוסטערען אַ ווערט, אויב ער האָט טאַקע אין געשעפט די

סחורה, וואָס דער רייזענדער ווייזט. ווי איז אָבער, אַז דאָס געשעפט איז אויס־געליידיגט און די סחורות, וואָס די מוסטערען שטעלען פאַר, זיינען שוין לאַנג אויסגעפּאַרקויפט, וועט ער זיך דאַן מיט די מוסטערען ניט אַרומפירען. דאָס־זעלביגע איז אויך מיט׳ן תיקון שבועות. דאָס איז דאָך אַ ספר פון בלויז מוסטערען, פון סעמפּעלס, פון אונזער תורה, גמרא און זהר, און אויב מיר לער־נען זיי טאָקע אַ גאַנץ יאָר און אויף די פּאָליצעס ליגט די אמת׳ע סחורה, זיינען די מוסטערען פיין און שיין. אויב אָבער אַ גאַנץ יאָר לערנט מען ניט און די פּאָליצעס זיינען ליידיג, וואָס פאַר אַ ווערט האָבען די מוסטערען? טאָוואַר דאַוואַי, דאַוואַי טאָוואַר! — גיט זיך בעסער אָפּ מיט דער ריכטיגער סחורה...

---

ב.

# מגילת רות

## די גליקען פון חוץ־לארץ

**ויהי בימי שפוט השופטים, ויהי רעב בארץ.**

„כל מקום שנאמר „ויהי" אינה אלא צרה, וכאן נאמר תרי ויהי — שתי צרות, מפני שהיה בה רעבון של תורה ורעבון ללחם" — איבעראל וואו עס ווערט געזאָגט „ויהי", איז עס אַ צרה, און דאָ ווערט געזאָגט צוויי מאָל „ויהי" — צוויי צרות, ווייל אין לאַנד האָט דעמאָלט געהערשט אַ הונגער פון תורה און אַ הונגער פון ברויט (**מדרש רות**).

איבער׳ן מנהג צו לייענען מגילת רות שבועות זיינען פאַראַן פאַרשיי־דענע דערקלערונגען. מאַנכע פון די חכמים ווילען האָבען, אַז מען טוט עס צוליב דעם כבוד פון דוד המלך, וועלכער איז געבוירען געוואָרען די נאַכט פון שבועות. דוד איז געווען דאָס אייניקעל פון רות, וועלכע איז געווען די טאָכ־טער פון דעם קעניג פון מואב, און אַזוי ווי אין פסוק ווערט געזאָגט „לא יבא עמוני ומואבי בקהל" — אַז אַן אָפּשטאַם פון עמון אָדער מואב קאָן ניט אַריינגענומען ווערען צווישען די אידען, האָבען זיך געפונען פילע, וועלכע האָבען געוואָלט דוד׳ן אויסשליסען פון דעם אידישען קהל. די רבנן אָבער דער־קלערען, אַז דער פסוק האָט געמיינט „מואבי ולא מואבית" — אַ מאַן פון מואב, אָבער ניט אַ פרוי, וועלכע האָט אָנגענומען דאָס אידישע גלויבען. דער־

פאַר לייענען מיר די מגילת רות, וואו עס ווערט אָנגעגעבען דער יחוס פון דוד'ן, צו ווייזען, אַז זיין באָבע רות איז געווען ווילקאָמען אין דעם אידישען קהל.

אַנדערע זאָגען, אַז דער טעם, וואָרום מען לייענט די מגילה פון רות שבועות איז, ווייל איר ספור המעשה האָט פּאַסירט „בימי קציר חטים״ — אין די צייטען פון דעם ווייץ־שניט, און אַזוי ווי שבועות איז דאָך אויך דער „חג הבכורים״, וואָס מען פייערט ביי דעם ערשטען שניט פון די תבואות אויף די פעלדער, לייענען מיר דערפאַר די מגילה אין אונזערע שולען. די בעלי־אגדה זיינען אָבער קענטיג ניט צופרידען מיט ביידע דערקלערונגען און גיבען אַן אַ טיפערען טעם פאַר דעם מנהג, וועלכער איז היסטאָריש אויסגעהאַלטען און ווייזט אָן אויף דעם שטאַרקען צוזאַמענהאַנג פון שבועות און דער מגילה פון רות.

די פּאַסירונג, וואָס ווערט געשילדערט אין דער מגילה, איז פאָרגעקומען אין די צייטען פון די שופטים, ווען דאָס פאָלק איז געווען צעריסען צווישען זיך, און איין שבט האָט זיך ווייניג וואָס אָנגעקערט מיט'ן צווייטען. דער גרעסטער טייל פון די שבטים האָבען זיך דערווייטערט פון דער אידישער תורה און פון דער אידישער נאַציע. זייערע זין האָבען זיך פאַרהייראָט צו די טעכטער פון די אַרומיגע פעלקער און זייערע טעכטער האָבען זיי געגעבען פאַר פרויען צו די גוי'אישע מענער. שמואל הנביא, וועלכער האָט געשריבען דעם ספר „שופטים״, באַקלאָגט זיך אַלע ווײלע אויף דעם טרויעריגען פאַקט, וואָס די אידען זיינען געוואָרען פאַרדאָרבען. „ויוסיפו לעשות הרע בעיני ה׳״ — און זיי האָבען אַלץ געמערט צו טאָן שלעכטס אין די אויגען פון ג׳.

צו יענער צייט האָט אין „בית לחם יהודה״ געוואוינט זעהר אַ רייכע פאַמיליע — אבימלך מיט זיין פרוי נעמי און זייערע צוויי זין מחלון און כליון. זיי זיינען געווען „אפרתים״, פון שבט אפרים, וועלכע האָבען זיך תמיד געגרויסט מיט זייער יחוס. אבימלך האָט געהאַט די אַמביציע צו ווערען דער שופט פון זיין שבט, ווי די גמרא דערקלערט די באַדייטונג פון זיין נאָמען: „אבימלך — שהיה אומר אלי תבא מלכות״ — ווייל ער פלעגט זאָגען: צו מיר געהערט די הערשאַפט. אויסגעקליבען געוואָרען איז אָבער „אבצן״, אָדער „בועז״, וועלכער איז געווען זיינער אַ פלימעניק און מער באַליבט ביים פאָלק. דאָס האָט אים

שטאַרק פאַרדראָסען און ער האָט געוואָרפען אַן אומ'חן אויף די אידען און זייער לאַנד.

גראָד האָט דאָן אויסגעבראָכען אַ גרויסער הונגער און אבימלך האָט זיך געטראַכט: „עכשיו כל ישראל מסבבין פתחי, זה בקופתו וזה בקופתו" — איצט וועלען זיך אידען אַרומקלייבען ביי מיין טיר — דער מיט זיין טאָרבע און דער מיט זיין טאָרבע, און איך וועל זיי דאַרפען געבען שטיצע. „עמד וברח לו מפניהם" — איז ער אויפגעשטאַנען און אַנטלאָפען פון זיי. ער האָט צוזאַמענגעקליבען אַלע זיינע גיטער און זיך באַזעצט אין מואב (מדרש רות). דאָרט האָט ער פאַרהייראַט זיינע צוויי זין צו מואב'ישע פרינצעסינס און פאַר אַ קורצער צייט איז אים ניט שלעכט געגאַנגען.

דער שלימזל האָט זיך אָבער אונטערגערוקט און ער האָט פאַרלאָרען זיין גאַנץ אייגענס. פון האַרצווייטאָג איז ער געשטאָרבען, און אויך זיינע צוויי זין, מחלון און כליון, האָבען לאַנג ניט געלעבט. נעמי איז געבליבען איינע אַליין מיט אירע צוויי שניר אין אַרמוט און נויט. באַשליסט זי צו גיין צוריק צו איר לאַנד, וואו זי איז געווען גוט באַוואוסט, און זי האָט געהאָפט, אַז אירע קרובים און פריינט וועלען איר ניט לאָזען פאַלען. זי בעט זיך ביי אירע שניר, זיי זאָלען פאַרבלייבען אין זייער לאַנד, ווייל וואָס נוצט זיי צו גיין מיט איר, אַז זי איז אַזוי אַלט און אָרים. די ערשטע שנור „ערפה" פאָלגט איר און קערט זיך צוריק צו איר פאַמיליע. אָבער „רות" ווייל פון קיין זאַך ניט הערען און זאָגט איר: „באשר תלכי אלך ובאשר תליני אלין, עמך עמי ואלקיך אלקי" — וואו דו וועסט גיין, וועל איך גיין, און וואו דו וועסט זיך אויפהאַלטען, וועל איך זיך אויפהאַלטען, דיין פאָלק איז מיין פאָלק און דיין ג' אין מיין ג'.

„מפני מה נענשו?" וואָרום זיינען זיי אַזוי געשטראָפט געוואָרען? — פרעגט רבי שמעון בן יוחאי, און ענטפערט: „מפני שיצאו מארץ לחוץ לארץ" — ווייל זיי האָבען פאַרלאָזען זייער לאַנד און אַוועק וואוינען אין אַ פרעמד לאַנד. ווען נעמי איז געקומען צוריק אין „בית לחם", „ותהם כל העיר", האָט די גאַנצע שטאָט זיך געוואונדערט. „הזאת נעמי?" — איז דאָס די רייכע נעמי? אמרו: „חזיתם נעמי שיצאה מארץ לחוץ לארץ" — איר זעט אָט די נעמי, וועלכע איז אַרויס פון ארץ־ישראל נאָך חוץ־לארץ, שרגילה לצאת בצבים ופרדים, מה עלתה לה?" — זי, וועלכע איז געווען געוואוינט אַרויסצופאָרען אין קאַרע־טען מיט מויל־אייזלען, וואָס פאַר אַ גליקען האָט זי דאָרט דערוואָרבען? (ב"ב צ"ב, רש"י).

שבועות, דער יום־טוב פון „מתן־תורה", גייט צוזאַמען מיט'ן „חג הבכורים", דעם יום־טוב פון איינזאַמלען די פרוכטען פון דעם לאַנד. האַלטען זיך אידען ביי זייער תורה און זייער לאַנד, האָבען זיי ביידע זאַכען, גייסטיגע און מאַטעריעלע רייכקייט. דאָרט זיינען אָבער געווען „תרי צרות", צוויי צרות, אַ רעבון של תורה, אַ הונגער פון תורה, ווייל זיי האָבען ניט געוואָלט וויסען פון די מצוות, וואָס ג' האָט זיי געגעבען, און דערפאַר האָבען זיי אויך געהאַט די צרה פון „רעבון של לחם", אַ הונגער פאַר ברויט. דאָס אַנטלויפען אין חוץ־לארץ העלפט ניט, ווייל אין פרעמדע לענדער האָבען די אידען ווייניג גליקען אָט דערפאַר לייענען מיר די מגילת רות שבועות, צו ווייזען אַז ביי אונז אידען מוזען ביידע זאַכען גיין צוזאַמען — תורה און לאַנד. גייסטיגע דערגרייכונגען ברייגען אויך עקאָנאָמישע דערפאָלגען.

---

ג.

## שבועות איז דער „חג הבכורים" פון פסח

**ושמרתם את בריתי והייתם לי סגולה.**

„אמר רבי יודין: „זכור" נתן לאומות העולם, „שמור נתן לישראל" — רבי יודין זאָגט: געדענקען די תורה איז געגעבען געוואָרען צו די פעלקער פון דער וועלט, היטען די תורה איז געגעבען געוואָרען צו די אידען (פסיקתא רבתי).

צווישען פסח, דעם יום־טוב פון „זמן חרותנו", וואָס מיר פייערען פאַר אונזער באַפרייאונג פון שקלאַפעריי אין מצרים, און סוכות, דעם יום־טוב פון „זמן שמחתנו", ווען מיר פרייען זיך מיט די גיטער, וואָס דאָס לאַנד האָט פּראָדוצירט, קומט שבועות, דער יום־טוב פון „זמן מתן תורתנו", וואָס מיר פייערען לכבוד דער געטליכער אַנערקענונג אונז אַנצופאַרטרויען זיין הייליגע תורה. די חכמים לערנען אונז, אַז ווען דריי גרויסע מענשען שפּאַצירען צוזאַמען, דאַרף דער „גדול", דער גרעסערע פון זיי, גיין „באמצע", אין דער מיטען. אַזוי איז אויך מיט אונזערע דריי גרויסע נאַציאָנאַלע ימים טובים. דער וויכטיגסטער פון די דריי ימים־טובים, שבועות, קומט אין מיטען.

דער באַנד, וואָס האַלט אַ פֿאָלק פֿאַראייניגט און געבונדען צוזאַמען, מוז באַשטיין פון אַ „חוט המשולש“, אַ שנור געפֿלאָכטען פון דריי באַזונדערע פרייהייטען — פּאָליטישע פרייהייט, עקאָנאָמישע פרייהייט, און גייסטיגע פרייהייט. דאָס ערשטע וואַרפט פון אים אַרונטער דעם יאָך, וואָס זיינע אונטערדריקער האָבען אויף אים אַרויפגעצוואונגען, און גיט אים די געלעגענהייט זיך פריי צו באַוועגען און טאָן וואָס ער וויל. דאָס צווייטע באַזאָרגט אים מיט די מעגליכקייטען צו לעבען רואיג און ווערען נאַציאָנאַל זעלבסטשטענדיג. דאָס דריטע איז אָבער דער תכלית פון די אַנדערע צוויי, ווייל דאָס שאַפט פאַר אים מוט און אינערציע צו קאָנען אַנטוויקלען זיינען גייסטיגע כוחות און שטייגען אַלץ העכער אויף די ראַנגען פון דעם נאַציאָנאַלען לייטער. פסח איז דער יום־טוב פון פּאָליטישער פרייהייט, סוכות — פון עקאָנאָמישער פרייהייט און שבועות — פון גייסטיגער פרייהייט.

דער יום־טוב פסח ווערט אויך אָנגערופען אין דער תורה מיט׳ן נאָמען „חג האביב“, דער יום־טוב פון פרילינג. פונקט ווי דער פרילינג לעבט־אויף די ערד און מיט זיין זונשיין גיט ער איר חיות צו קאָנען אַרויסברייגגען אירע פאַרבאָרגענע פרוכט, אַזוי אויך די פרייהייט, וואָס אַ פֿאָלק דערווערבט פאַר זיך, איז זיין פרילינג, וואָס ברייגגט אים זונשיין און גיט אים די מעגליכקייט צו קאָנען אַנטוויקלען זיינע אינערליכע כוחות, וועלכע זיינען געוועזען באַהאַלטען דורך דער צייט פון שקלאַפעריי און אונטעראָכונג.

שבועות איז אויך באַקאַנט מיט דעם נאָמען „חג הבכורים“, דער יום־טוב פון אַרונטערנעמען די ערשטע פרוכט. אין פרילינג בליען זיך די פעלדער פאַנאַנדער און אין זומער פאַנגען זיי אָן צו פּראָדוצירען זייער תבואה. בלומען זיינען טאַקע שיין אָנצוקוקען, אָבער געדויערען ניט לאַנג. זייער ריח איז געשמאַק און אָנגענעם, אָבער קיין גרויסע נוצען האָט מען ניט פון זיי. פּירות, דאַגעגען, שפּייזען דעם מענשען און האַלטען אים ביים לעבען.

פסח ווערט דערפאַר באַטראַכט פון אונזערע חכמים אַלס די „הקדמה“, וואָס פירט צו שבועות. אַ פריי פֿאָלק אָן אַן אייגענער תורה, וואָס זאָל זיכערען זיין פרייהייט, איז אַ בלום אָן פּירות. „יציאת מצרים“ האָט די אידען געגעבען זייער „חג האביב“, זייער בליאונג פעריאָד; „מתן־תורה“ האָט זיי באַזאָרגט מיט דעם „חג הבכורים“, מיט דויערהאַפטען פרוכט.

דער רעזולטאַט פון די ביידע ימים־טובים פירט צו סוכות, וועלכער איז

דער „חג האסיף", דער יום־טוב פון איינזאַמלען אַל־דאָס־גוטס, וואָס דאָס לאַנד האָט פּראָדוצירט. פּאָליטישע און גייסטיגע פרייהייט פירען צו עקאָנאָמישער פרייהייט, צו אַ רואיג, גליקליך לעבען. אויך דער יום־טוב סוכות מוז פאַרענדיגט ווערען מיט אַ „שמחת תורה", ווייל דער „חג האסיף", דער עקאָנאָמישער יום־טוב פון אַ פאָלק איז ערשט דאַן גרויס, אויב ער קומט צוזאַמען מיט אַ גייסטיגען „חג האסיף", מיט גרויסע גייסטיגע דערגרייכונגען. דאָס אידיש פאָלק איז דאָס איינציג פאָלק, וואָס פייערט אַ „זמן מתן תורתנו" באַזונדער און אַ „שמחת תורה" באַזונדער.

שבועות פייערען מיר צוליב דעם, וואָס דער אויבערשטער האָט אונז צוגעטיילט דעם כבוד און אונז אָנפאַרטרויט זיין תורה. קיין „זמן שמחתנו" איז עס אָבער נאָך ניט פאַר אונז, ווייל מיר זיינען ניט זיכער, אויב מיר וועלען זי קאָנען דורכפירען אין לעבען. ערשט נאָכדעם ווי דער איד האָט דורכ'ן יאָר געלעבט לויט די פאָרשריפטען פון דער תורה און האָט דורכגעפירט דעם „נעשה", דאָס טאָן, אַזוי גוט ווי דעם „נשמע", דאָס הערען, קאָן ער זיך מיט איר ריכטיג פרייען, ווייל די תורה פרייט זיך אויך מיט אים. זי איז פאַר אים ניט אַ טויטער בוכשטאַב, נאָר זי פונקציאָנירט אין זיין לעבען און פאַרלענגערט איר אייגענעם לעבען מיט זיינעם.

ביי אונז אידען איז רעליגיע ניט אָפּגעטיילט פון דעם שטאַט. די תורה איז ניט נאָר אונזער רעליגיעזער געזעץ־בוך, נאָר זי איז אויך אונזער „ספר החיים", דאָס בוך פון לעבען. „זכור", בלויז צו געדענקען די רעליגיע, זאָגען אונז די חז"ל, איז געגעבען געוואָרען צו די אַנדערע פעלקער פון דער וועלט, און דער זכרון אַרבייט ביי זיי ניט אַלעמאָל. גאַנץ אָפט פאַרגעסען זיי זי און פירען אָן בלוטיגע מלחמות, וועלכע ברייינגען רואינע אויף דער וועלט. „שמור", צו היטען די תורה, איז געגעבען געוואָרען צו די אידען, זיי מוזען זי דורכפירען אין לעבען פאַר דעם וואויל און בעסטען פון דער גאַנצער מענשהייט.

שבועות האָבען אידען געבראַכט זייערע „בכורים", די ערשטע פרוכט פון זייערע פעלדער, אין בית־המקדש. ביי „בכורים" ווערט געזאָגט „ובאת אל הכהן", דו מוזט אַליין קומען צום כהן, מען קאָן ניט שיקען בכורים דורך אַ שליח, אַזוי איז אויך מיט די גייסטיגע פרוכט, וואָס אַ איד דאַרף ברייינגען פאַר דעם אויבערשטען. „לא תהא תורתי חביבה עליכם כבת בוגרת, לכנוס אותה אצל מי שמוצא" — זאָל מיין תורה ניט זיין אייך אַזוי ליב ווי אַ דערוואַק־

סענע טאַכטער, וועלכע איר זוכט אויסצוגעבען צו וועמען איר קאָנט נאָר (דב"ר פ"ז).

וואָס פאַר אַ שיינער וויץ דאָ ווערט אויסגעדריקט אין דעם מאמר? איינער מעג ליבען זיין טאָכטער ווי דאָס לעבען, דאָך וויל ער וואָס שנעלער זי פאַרהייראַטען צו אַן אַנדערען. פאַראַן אַזעלכע אידען, וועלכע האָבען טאַקע ליב די תורה, אָבער זיי וואָלטען וועלען, אַז אַנדערע זאָלען זיך מיט איר האָלטען. זיי אַליין זיינען שטאַרק פאַרטאָן אין זייערע אייגענע אינטערעסען און די פליכטען פון זייער פאָלק זוכען זיי צו דערפילען ע"י שליח, דורך אַנ־דערע, דורך רבנים, דורך ראַבאַים, אָדער דורך באַצאָלטע כלל־טוער.

איבערהויפט איז דער מין איד שטאַרק בנמצא צווישען די רייכערע קלאַסען אין אַמעריקע, וועלכע דענקען, אַז מיט דעם, וואָס זיי באַלאַנגען צו אַ שול, אַ טעמפעל, אַ תלמוד־תורה, אַ צדקה־פעדעראַציע, האָבען זיי שוין דער־פילט זייער חוב צו דער תורה, צו דער געזעלשאַפט, אָדער צו זייער אומה. דער רב, דער מלמד, אָדער כלל־טוער, וועמען זיי העלפען אויסצוהאַלטען, זאָלען פאַר זיי דינען ג' און אָפּהיטען זיינע געזעצען. זיי אַליין זיינען פאַרנומען אין זייערע געשעפטען און ווילען זיין פריי.

אָט צו אַזעלכע זאָגט דער מדרש: זאָל די תורה ניט זיין אייך אַזוי ליב ווי אַ דערוואַקסענע טאָכטער, וואָס איר ווילט פאַרהייראַטען צו אַן אַנדערען. „ובאת אל הכהן", אַליין מוזט איר ברענגען די בכורים צום כהן. אין גייסטיגע אינטערעסען זאָל מען זיך אויף קיין אַנדערען ניט פאַרלאָזען. יעדער איינער מוז ביישטייערען זיין חלק אַרבייט און פּערזענליכע באַטייליגונג.

---

# הפטרה

## געטלעכקייט פאַרטראָגט ניט קיין פשרות

**לא יסבו בלכתן.**

„אמר ר' יוסי: מימי לא אמרתי דבר וחזרתי לאחורי" — רב יוסי פלעגט זאָגען: קיינמאָל האָב איך ניט געזאָגט קיין זאַך און זיך אומגעקערט צו זען וואָס עס טוט זיך הינטער מיר (שבת קי"א).

די „עשרת הדברות״, וואָס מיר לייענען היינט און וואָס אַנטהאַלטען די הויפּט־פּרינציפּען פון אונזער תורה, זיינען געגעבען געוואָרען אויסער אונזער לאַנד — אויף דעם באַרג סיני, אין דער מדבר. אויך די היינטיגע הפטרה, אין וועלכער עס ווערען געשילדערט די פאַרשיידענע געשטאַלטען, ווי די גאָטהייט וויזט זיך אַרויס, איז געזאָגט געוואָרען אין אַ פרעמד לאַנד — „בארץ כשדים על נהר כבר״, אין דעם לאַנד פון כשדים,ביים טייך כבר.

פיל יאָרען איידער מיר זיינען אַריין אין אונזער לאַנד, האָט מען אונז געגעבען די תורה, וועלכע איז געצילט צו זיין אונזער וועג־ווייזער, ווי מיר דאַרפען זיך דאָרט אויפפירען, כדי דאָס לאַנד זאָל תמיד פאַרבלייבען אין אונזער באַזיץ. ארץ־ישראל איז פאַר אונזער פאָלק קיינמאָל ניט געווען בלויז אַן ענין פון ערד און ווירטשאַפט. מיט „קבלת התורה״ זיינען מיר געוואָרען מער אַן „עם הרוח״, אַ פאָלק פון גייסט, ווי אַן עם הארץ״, אַ פאָלק פון לאַנד. איידער מיר גייען גרינדען אַ נאַציאָנאַלע היים, מוזען מיר פון זיך אַראָפּוואַרפען אַלע גייסטיגע השפעות, וואָס דער גלות האָט אויף אונז אַרויפגעצוואונגען. אַן ארץ־ישראל, וועלכע דאַרף פאַרזיכערען די צוקונפט פון דעם „עם ישראל״, קאָן ניט געבויט ווערען בלויז אויף מאַטעריעלע יסודות. אָן „תורת ישראל״ ווערט עס אַ מין „שרפת נשמה וגוף קיים״ — אַן אייגענע ערד אונטער פרעמדע הימלען, אַן אייגענער גוף מיט אַ געליענער נשמה...

אין זיין גרויסער וויזיע זעט דער נביא אין גלות ווי די גאָטהייט וויזט זיך צו אים אין פאַרשיידענע געשטאַלטען, און כאָטש יעדע פון זיי האָט אַן אַנדער פנים, דאָך „חוברות אשה אל אחותה כנפיהם״, זיינען אָבער זייערע פליגלען באַהעפט איינע צו די אַנדערע. אַלע געטליכע דערשיינונגען, מעגען זיי אויסווייזען צו זיין אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע און פאַרשידען אין זייער אויסזען און כאַראַקטער, זיינען זיי אָבער אַ המשך, אַ פאָרטזעצונג, און זיי קומען פון איין־און־דעמזעלבען מקור און האָבען אַ גרויסע שייכות איינער צום אַנדערען. דער געטליכער געדאַנק איז איינער, כאָטש ער דערשיינט פאַר אונז אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס.

„לא יסבו בלכתן״ — זיי דרייען זיך ניט אום אין זייער גאַנג. פּרינ־ציפּען זיינען איינזייטיג און לאָזען זיך ניט בויגען אַהער אָדער אַהין. וואַקעל־דיגקייט גראָבט אונטער זייערע פּאָטענציעלע כוחות און מאַכט זיי הילפלאָז.

אַ פּרינציפּ, כּדי צו זיין ווירקזאַם, מוז זיין אויסגעהאַלטען און ניט איינגיין אויף פּשרות. די גאַנצע עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק באַווייזט די ריכטיג־קייט פון דעם געדאַנק. האָט דאָס פאָלק אויף זיין לאַנד אויפגעגעבען די גלייכע ליניע פון זיינע תורה־פּרינציפּען, האָט עס פאַרלאָרען דאָס לאַנד און געמוזט אויסוואַנדערען אין גלות אַריין. האָט דאָס פאָלק זיך אין גלות אַ קער געטאָן צו די פּרינציפּען פון זיין תורה, האָט עס באַוויזען דעם גרויסען וואונדער צו קאָנען עקזיסטירען פאַר טויזענטער יאָרען און בלייבען אַ גאַנצע נאַציע אויך אָן אַן אייגענעם באָדען אונטער די פיס.

די הויפּט אורזאַך, פאַרוואָס די היינטיגע אידישע פירערשאַפט איז אַזאַ דורכפאַל, באַשטייט אין איר וואַקעלדיגקייט, אין איר זוכען צו מאַכען פּשרות און צו געפעלען וועמען יעדען. כּדי צו האָבען הצלחה, מוז אַ פּרינציפּ בלייבען שטיין פעלזען־שטאַרק און זיך ניט בויגען אויף אַלע זייטען. די בויגזאַמקייט אָדער צוויי־דייטיגקייט מצד דער פירערשאַפט פון אונזער באַפרייאונגס־באַוועגונג האָט פון דעם גאַנצען ציוניסטישען אַפּאַראַט געמאַכט אַ „צדקה־פעדעראַציע”, וואָס זוכט בלויז נדבות, און מיט אַ „צדקה־פּושקע” איז שווער דורכצו־ברעכען די אייזערנע וואַנט, מיט וועלכער מ'האָט אונז אַרומגערינגעלט אין דער היינטיגער וועלט־פּאָליטיק.

רבי יוסי פלעגט זיך באַרימען, אַז קיינמאָל האָט ער ניט געזאָגט קיין זאַך און זיך אומגעקערט אַהינטער צו זען וואָס פאַר אַ רושם זיינע ווערטער האָבען געמאַכט. קוים איז ער געווען איבערצייגט אין דער ריכטיגקייט פון זיינע ווערטער, האָט אים ניט געקימערט צו וויסען, אויב עס געפעלט דעם עולם, אָדער ניט. אַ פירער און אַ לערער פון אַ פאָלק דאַרף זיך ניט לאָזען באַאיינפלוסען פון אַנדערע און זוכען צו געפינען חן אין אַלעמענ'ס אויגען.

רבי ישראל סאַלאַנטער דערקלערט מיט דעם געדאַנק אַן אַנדער שטעלע אין דער גמרא: „דור שבן דור בא פני הדור כפני הכלב” — דער דור, אין וועלכען משיח וועט קומען, וועלען די פירער אויסקוקען ווי הינט (סנהדרין צ"ח). ער זאָגט: „דער כּלב האָט אַ טבע, אַז בעת ער גייט מיט מענשען, לויפט ער שטענדיג פאָראויס, ווי ער וואָלט געווען זייער מנהיג און וועג־ווייזער. אָבער ביי יעדע עטליכע טריט דרייט ער אויס צו זיי דעם פּנים, ווי ער וואָלט

געוואָלט זיך איבערצייגען, אַז זיי זיינען צופרידען פון אים און זיין הנהגה. אָט אַזוי וועלען אויסקוקען די אידישע פירער אין יענער צייט. זיי וועלען זיך רק דרייען צום עולם און זוכען געפעלען צו ווערען יעדען. אין אַזאַ דור מוז קומען משיח, דער אמת'ער פירער, וועלכער זאָל אויפהויבען דעם עולם צו זיך און אים פירען מיט שטאַלץ.״